יעקב פרידמאַן

# געזעגן אויף אַ ווײַל




פאַרלאַג „ישראל-בוך“
תל-אביב, תשל"ט — 1979

## פמעט אַ שפּאַס

און ווײַל אין אַלע הימלען זיבן
איז נישט געבליבן קיין קרישקע ברויט,
איז דער בורא אַוועק מיטן ערשטן מאָרגנרויט
אויף אַ לעבל ברויט צו פאַרדינען.
באַשאַפן האָט דער שאַפער צוועלף זונען־קרענץ מיט לידער,
האָט ער זיי אַוועקגעטראָגן צו די אָדמס,
וואָס וווינען אין די באַטעס אין דער נידער.

מיט עניוותדיק־אַראָפּגעלאָזטע אַפּלען
האָט דער בורא מיט זײַן שאַפונג געהאָפּסלט איבער גרויע שטאַפּלען,
וואָס פירן צו די געמאַכן פון אַן אָוונטבלאַט.

נאָר די אָדמס האָבן נישט באַנומען נישט דעם רמז און נישט דעם פּשט
פון די לידער... איז פאַרן בורא קיין ברירה נישט געבליבן:
ער האָט אַן אַקטועלן רעפּאָרטאַזש אָנגעשריבן
וועגן גערעטעניישן פון קנאָבל, פּעטרישקע און קאָרן.
האָט דער בורא גענומען דעם האָנאָראַר און געקויפט מילך און ברויט,
האָט ער געגעסן און איז זאַט געוואָרן...

דערנאָך האָט זיך דער שאַפער אין די הימלען אָנגעלענט
און איינער אַליין פאַר זיך אַליין געוויינט,
הלמאַי ער איז אַ גאָט געבאָרן.

אין בוך גייען אַרײַן קורצע דערציילונגען — געשריבן אין די יאָרן 1955—1967 און געדרוקט אין די צײַטונגען: „לעצטע נײַעס" — אויף ייִדיש, און „דבר" — אויף עברית, אונטערן פּסעוודאָנים י. נאַמדירף („פרידמאַן" פון לינקס אויף רעכטס).

די דערציילונגען ווערן געגעבן כראָנאָלאָגיש חוץ אַ לענגערע דערציילונג וואָס קומט צום סוף, ווי אויך צוויי בריוו פון יעקב פרידמאַן צו קאַדיע מאָלאָדאָווסקי.

# דער רבי און דער קינסטלער

שטענדיק בעת דער דיכטער אַשכּנזי האָט געוואָלט זיך אַרײַנלעבן אין דער אַטמאָספער פון אַ פריש־פאַרטראַכטן ווערק, האָט ער אָנגעוואָנדן די אַלטע תּרופה: געפרוווט פאַראַנקערן זײַנע כאַאָטישע מחשבות אין אַ באַשטימטער לאַנדשאַפט.

אַ מאָל זענען עס געווען מיטאָלאָגישע געשטאַלטן מיט ברענענדיקע בערד אויף שוועבנדיקע שטערן־קאַרעטעס; אַ צווייט מאָל: אַ פאַרחידושטער הירש אין אַ פאַרשנייטן וואַלד איבער אַ שלאָפנדיקן טײַך; אַ דריט מאָל: אַן אויפגעבליטער גאָרטן איבער אַ זינגענדיקן וואַסערפאַל.

און איצט?... איצט גרייט ער זיך נישט באַשאַפן קיין נײַ ווערק.

פאַר אים, אויפן אַלטמאָדישן שרײַבטיש, צווישן פאַרמעט און געגדזענע פּענעס, ליגט אַ קליין בריוועלע, און אין שײַן פון דער לבנה, וואָס הענגט אַ צײַטיקע צווישן די ציפּרעסן בײַ זײַן פענצטער, ציטערן ווייכע, ווײַבערש־חנעוודיקע אותיות:

„מײַסטער, שרײַבט אַ לייענערין, אַ פאַרערערין זײַנע, מײַסטער, אַזאַ דאָרשט אין מיר, אַזאַ בענקשאַפט נאָך גאָט... זײַ מוחל אַ קליין טרויעריק מיידל, וואָס קומט בעטן דיך:

אַנטפּלעק, אַנטפּלעק מיר דאָס וועזן פון גאָט... צו וועמען זאָל איך זיך ווענדן מיט דער דאָזיקער בקשה אויב נישט צו דיר, וועמענס וווּנדערלעכע לידער זענען פול מיט בלויע אָנונגען וועגן באַשאַפער... זײַ מוחל, ליכטיקער מײַסטער״...

זײַנע לאַנגע נערוועזע פינגער, וואָס האָבן מילד דאָס בריוועלע אַוועקגערוקט, האָבן אַרויסגעהויבן פון ברוינעם אַלטמאָדישן שטענדער אַ לאַנגן בורשטינענעם ירושה־ליולקע־ציביק... ער האָט זיך אויפגעשטעלט, פאַר־

רייכערט און געגומען האַסטיק אַרומשפּרייזן צווישן די דעמבענע ספרים־שענק וואָס האָבן זיך געהויבן ביי אַלע פיר ווענט, פונעם דיל ביזן באַלקן.

ער האָט פאַרזשמורעט די אויגן אונטער די לאַנגע שווערע ברעמען און זיך צעשמייכלט. געדאַכט האָט אים: נישט ער, דער מאָדערנער דיכטער אַשכנזי, נאָר דער זיידע זיינער, דער מקובל פון מעזריטש, אַ קליין דראָבנע ייִדעלע קלעטערט איצט איבער די לייטערס צו די אַלטע ספרים־שענק, זוכט, נישטערט אין אַלע כּתבים. די אויגן אונטער די שווערע ברעמען ברע־נען דאַרשטיקע, און זיין באָרד ציטערט ווי אַ פּאַס לבנה־שיין, העט ביזן גאַרטל. מיט אַ מאָל טוט ער זיך אַ לאָז פונעם לייטער, דער מקובל, די פּאָלעס פון זיין טערקישן כאַלאַט פלאַטערן ווי פליגל, און אַליין זעט ער אויס ווי אַן אויסטערלישער פויגל. ער בלייבט שטיין ביי די גרויסע פענצ־טער אין וועלכע ס'בלויט זיך די נאַכט אַן אויסגעשטערנטע, מיט פרישן ווייס פון אַן ערשט־געפאַלענעם שניי...

— מיכאַלקע, רופט דער מקובל, מיכאַלקע, שפּאַן די פערד אין שליטן, מיכאַלקע!

איצט זיצט ער אין שליטן, איינגעהילט אין שווערן סויבלענעם טולעפּ.

— חיים־ישׂראל! באַפעלט ער זיין לייבמענטש וואָס זיצט לעבן מיכאַלקע קוטשער אויף דער קאָזלע, חיים־ישׂראל, אין וואַלד אַריין, מיר פאָרן אין וואַלד אַריין לכּבוד דעם ערשטן שניי לערנען אַ ביסל מעשׂה־בראשית...

די וועגן, וואָס שטראַלן פאַרשנייטע אין לבנה־ליכט, צעוויקלען זיך אונטער דעם קלינגענדיקן שליטן. ער פאַרזשמורעט די אויגן, דער מקובל, און אים דאַכט: די וועגן זענען שאַלעכצער, וואָס די נאַכט־נסיעה דאַרף אָפּשיילן פון דער פּרוכט...

אַלע זאַכן אין דער וועלט זענען שאַלעכצער, וואָס מיר האַלטן אין איין שיילן און שיילן... אוי, רבונו־של־עולם, ווי מיר גאַרן עס נאָך דער נאַ־קעטער פּרי...

דער שליטן פאַרשווינדט אין געדיכטעניש פון וואַלד, און דער דיכטער אַשכנזי לעבט אַן זיין שטערן אין די נאַכטישע שויבן:

— זיידע, שעפּטשעט ער, זיידע, וואָס איז דער חילוק צווישן מיר און דיר?...

ער האָט זיך פּלוצעם אויסגעגלײַכט, ווי איינער ווען עס ווערט אויף אַ מאָל אַלצדינג קלאָר. ער האָט פּאַמעלעך דערנענטערט זיך צום שרײַבטיש, אײַנגעטונקען די גענדזענע פּענע אין טינט, און אויפן פּאַרמעט האָבן זיך אויסגעשטעלט אותיות:

„וואָס קען איך דיר שרײַבן וועגן גאָט!

מײַן גאָט, טײַערע, איז — נישט מער ווי אַ לידער־גאָט, אַ שנירל לבנה־פּערל אויפן האַלדז פון אַ שניי־מענטש, ווען ס'האָט אויסגעקנאָטן אַ ווילדער איינזאַמער סקולפּטאָר, איידער ער האָט זיך אַרײַנגעוואָרפן אין אַ ברונעם מיט שטערן... יאָ, טײַערע, איך בין נאָר אַ טרויעריק־אַלטער מאַן וואָס פאַרמאָגט נישט מער ווי דאָס ביסל שיינקייט וואָס ער האָט אָפּגע־שפּאָרט אין זײַן ליד... נאָר וואָס איז שיינקייט אָן מײַן זיידנס גלייבן אין תּוך פון אַלע תּוכן?... און איך, איך גלייב אין גאָרנישט נישט, אין גאָר־נישט חוץ אין שיינקייט פון מענטשלעכן טרויער... אָ, ווען דו וואָלסט וויסן, סאַראַ איינזאַמע ליידיקע חורבה איך בין... אוי, מײַן קליינע טרויעריקע פאַרערערין"...

ער האָט דערפילט אַ זינגענדיקן תּענוג אין אַלע זײַנע אינגעווײדן, אַ ווייטיקלעכע שׂימחה פון איינעם וואָס האָט זיך געלאָזט אָפּשמײַסן פאַר די אויגן פון כּל עם ועדה...

ער האָט פאַרזשמורעט די אויגן און דערזען זײַן זיידן, דעם מקובל פון מעזוריטש, פאַר נאַכט אין פּאָליש איז ער געלעגן אויסגעצויגן אויפן ערדענעם דיל. איבער אים איז געשטאַנען זײַן לײַבמענטש, דער רויטבאָר־דיקער חיים־ישׂראל, צווישן וועמענס לאַנגע דאַרע פינגער ס'האָט געציטערט אַ קאַנטשיק.

— חיים־ישׂראל, האָט זיך געבעטן דער מקובל, שמײַס! חיים־ישׂראל, שמײַס! בנאמנות שלי, סע קומט מיר, אוי, רבונו־של־עולם, קומען מיר מלקות, אוי, קומען מיר...

אַשכּנזי האָט זיך ווי אַן אויפגעבונדענער אויסגעגלײַכט, און אין זײַנע גרויסע טרויעריקע אויגן האָבן אויפגעלויכטן קליינע דראָבנע פײַערלעך פון גאווה: הייסט עס, ער האָט זיך מודה געווען, די דרייסטקייט פאַר־מאָגט זיך צו באַווײַזן אין זײַן גאַנצער נישטיקייט פאַר די אויגן פון אַ פאַרערערין... בראַוואָ...

נאָר פּלוצעם האָט זיך זײַן גרויסער קלוגער שטערן ווידער פאַרצויגן מיט עצבות, ער האָט נאָך אַ מאָל אויפגעהויבן די געגדזענע פּענע און אויפן פאַרמעט האָבן זיך צעפּינטלט אותיות:

פּאָסט סקריפּטום: „טײַערע טאָכטער! אַפילו מיטן ביסל דרייסטקייט וואָס איך מודה זײַן זיך אין מײַן נישטיקייט, איז זיך אויך נישט פאַראַן וואָס צו רימען. וואָלט איך ייִנגער געווען מיט אַ צוויי צענדליק יאָר, וואָלט איך דיך זיכער פאַרבעטן צו זיך, כּדי דיר צו אַנטפּלעקן דאָס וועזן פון גאָט... וואָרעם יונגע דיכטער האָבן ליב מיידלעך מיט אויגן ווי דײַנע... ווי דו זעסט, טײַערע, איז מײַן דרייסטקייט אַ פּראָדוקט פון מײַן זיקנה... יאָ, אויך די עלטער פאַרמאָגט אירע פּריווילעגיעס, אַפילו אויך דעמאָלט, ווען זי, די עלטער, שטייט אײַן בײַ אַ דיכטער, ווען מען לידער „זענען פול מיט בלויע אַנונגען וועגן גאָט"...

# יאַנקל כאַסין

אוודאי איז עס מאָדנע־נאַריש, אַז אַ מענטש לעבט אָפּ זיַין גאַנץ לעבן נאָר אין זיַין דור, נאָר אין זיַין ציַיט; און ס'איז אוודאי און אַוודאי נאָך אַ סך נאַרישער, אויב דער מענטש ווינט אָפּ זיַין גאַנץ לעבן אין דער הויט פון דעם זעלביקן בשׂר־ודם, און טראָגט זיַין גאַנץ לעבן דעם זעלביקן נאָמען: יאַנקל אָדער בערל.

איך ווייס, איר וועט זאָגן: נישטאָ קיין עצה, נישט פאַראַן קיין מיטל קעגן דעם.

— נישט אמת, זאָג איך, פאַראַן אַן עצה, פאַראַן אַ מיטל! און נאָך וואָס פאַר אַ מיטל!

אָט, לויט מיַין אידענטיטעט־קאַרטל, הייס איך יאַנקל כאַסין. אויב איר וועט איַיך גוט צוקוקן צו מיר, וועט איר קומען צום אויספיר, אַז איך בין שטענדיק אָנגעטאָן דעם זעלביקן לאַנגן שמאָלן גוף (און דערפאַר רופט מען מיך „סטראַשידלע"), אַז מיַין קאָפּ מיט די ווילדע צעשויבערטע קוטשערן איז שטענדיק צוגעדעקט מיט דעם זעלביקן וויַיסן הוט (שטענדיק פאַררוקט אַ ביסל אויף אַ זיַיט), און שטענדיק באַוועג איך זיך אין די ד' אמות פון מיַין דאָרף; טאָג איַין טאָג אויס גיי איך אַרויס פון מיַין קליינער היַיזקע וואָס שטייט צווישן סאַברע־קוסטעס (דאָס סאַברע־וועלדל זעט אויס ווי אַ פאַרכּישופט קאַרליקלעך־פאָלק) — צום פּרדס גיי איך, ווו איך אַר־בעט שוין דאָס זעקסטע יאָר, געצוי די צאָל יאָרן זינט איך בין עולה גע־ווען קיין ישׂראל.

אָבער וואָס קען מען דערפון דרינגען? צו וואָס איז עס געגליכן? צו דער זון, וואָס קוקנדיק אויף איר — וועט איר אַרויסטראָגן אַ פּסק: זי איז אַזוי גרויס ווי אַ פענדל צום פּרעגלען אייער... און דאָך...

— יאַנקל כאַסין! רופט דער מנהל־עבודה.

— אַט בין איך, ענטפער איך מיט אַ שמייכל.

— וואָס זשע שמייכלסטו? צינדט דער מנהל זיך אָן אַ ציגאַרעט.

איך שווייַג... דאַרף איך אים ענטפערן, אַז דער פּרינץ האַמלעט שמייכלט, ווייַל מ׳רופט אים יאַנקל כאַסין?...

וואַרהאַפטיק, איך זאָג אייַך, הייַנט בין איך דער דענישער פּרינץ האַמ־לעט... און בשעת איך שטיי אויפן לייטער לעבן בוים מיט אַ מאַראַנץ אין דער האַנט, איז די פּרוכט וואָס איך האַלט — דאָס שיידל פון קייסער יוליוס. און איך קלער בייַ זיך:

אוי, מייַן גאָט, וואָס איז עס דער סוף פון אַ בידנע שיידל, ווען אַפילו ס׳איז דאָס שיידל פון אַ גרויסן קייסער... אוי, אוי, הבל־הבלים...

און איר שטעלט אייַך אַוודאי פאָר, אַז איך געהער צו יענע ריטער פון לאַנגווייַל וואָס קענען לעבן מערער ווי אַ האַלבן טאָג אין דער הויט פון איינעם אַ פּרינץ האַמלעט?!

אָסור! איין שפּרונג — אַזוי שפּרינגט אַוודאי אַ קאַץ פון איין פּלויט אויפן צווייטן — און איך שטיי שוין אויף די פיס: אַלכּסנדר מוקדון בין איך און לעבן פאַס פון דיאָגענעס דעם חכם שטיי איך, און ער לערנט מיך פאַרשטאַנד.

אַוודאי, אַוודאי, וואָס מיינט איר? כ׳וועל לאָזן פאַרוואַנדלען מייַן לעבן אין איין גרויסער בודנאָטע?

איינס און צוויי, טו איך אויס איין געשטאַלט און טו אָן אַ צווייטע, און איך קלעטער, גיי אַרויס און גיי אַרייַן פון איין הויט אין דער צווייטער, און אַזוי איז מיר ווויל, און אַזוי איז מיר גוט, האַר פון אַלע וועלטן...

בשעתן זונפאַרגאַנג האָב איך ליב צו ליגן אין שאָטן פון אַ פייַגנבוים, אין די גוטע ווייכע מאָכן פונעם פּרדס. איך שליס די אויגן און לאָז די שטילקייט גיין דורך מיר, ווי אַ טייַך וואָלט שטראָמען דורך מיר... און ס׳איז מיר גוט אַזוי. איצט טראָג איך נישט קיין שום גופיקע געשטאַלט, נישט פון קיין מלך און נישט פון קיין חכם. אַ גרודע ערד בין איך, אַ פאַרדרימלטע לאַנקע אונטער גוטע, טרייַע מאָכן... איך ליג און הער זיך אייַן אין מיר: אין מייַנע טיפענישן ריזלען קוואַלן, פון מייַנע איב־געווײדן זייגן וואָרצלען, קנאָספּן בליִען, פּרווון ווערן פּרוכטן...

— יאַנקל, שעפּטשעט עמעצער און לייגט אַרויף זײַנע צאַרטע פינגער אויף מײַן שטערן.

איך עפן די אויגן:

רייזל די שוואַרצע זיצט לעבן מיר אונטערן פײַגנבוים און לאָזט אירע פינגער לײַכט שפּאַצירן דורך מײַנע לאָקן, אַזוי שוועבט עס דער ווינט דורך די בלעטער.

אַ גאַנצן טאָג פּאַקט זי מאַראַנצן, אָט די רייזל. איצט איז רו־צײַט.

— רייזל, זאָג איך, ווי געפעלט זי דיר עפּעס, די וועלט אונדזערע? אָך, איז דאָס אַ וועלט! פון זיבט וועלטן וועלטן זיך, האָט זיך נאָך אַזאַ וועלט נישט אויסגעוועלטלט!

און מיר, איך און דו רייזל, זענען דאָ בכּבֿודיקע, חשובֿע געסט.

דרייט זיך, דרייט זיך, גייט זיך די וועלט, ערגעץ וווּהין גייט זי און מיר פאָרן מיט איר...

אין איינעם מיט דער וועלט פאָרן מיר... פאַרשטייסט עס, רייזל?

שווײַגט זי און טוליעט זיך צו מיר: „האָסט מיך ליב? זאָג מיר, האָסט מיך ליב?"

איך ענטפער נישט, שווײַג אַ ווײַלע, האָב איך זי ליב?... האָרך, האָרך, איז דאָס אַ שאלה?! אַוודאי, אַוודאי האָב איך זי ליב... צי איז דען אַ חילוק, צי זי הייסט רייזל די שוואַרצע אָדער שׂרה די ווײַסע?... דער ווײַן דאַרף אַ לאָגל... די טרויבן זענען רײַף און די ליבע־ווײַנען ריזלען...

— רייזל, זאָג איך, קום זײַ אַ לאָגל פאַר מײַנע ווײַנען, וואָס ריזלען אין די רײַפע טרויבן.

זי עפנט אויף אירע גרויסע טרויעריקע אויגן און הענגט זיי אָן שווײַגנ־דיק אויף מיר.

— רייזל, זאָג איך, זע, איבער די בערג פאַרגייט די זון, און דער באַ־שאַפער האָט פאַרדעקט זײַן פּנים מיט אַ ווײַסער שטילער כמאַרע, און ער שמייכלט...

ווי אין די ערשטע טעג פון באַשאַף שמייכלט ער, ער האָט הנאה דער באַשאַפער... וואָס זײַן וועלט קען זײַן אַזוי יונג נאָך אַזוי פיל מיליאָנען יאָרן...

און זאָג נאָר, רייזעלע, איז עס טאַקע נישט קיין חידוש?

# אַרויס אויף פּענסיע

בשעת מאיר יפה, אַ הויכער דאַרער זקן מיט אַ קמץ־בערדל, האָט אויפגעעפנט די געשניצטע פאַרטקע, וואָס האָט געפירט צו זײַן ווײַסן הויז בײַם תּל־אָביבער ים־ברעג, זענען זײַנע פאַרזשמורעטע אויגן, הינטער די ברילן, געלאָפן און געזוכט די ליגשטול. נאָך אויפן וועג גייענדיק האָט ער געענוי געוווּסט: די ערשטע זאַך וואָס ער דאַרף טאָן, ווען ער וועט אַהיים קומען, איז — אַוועקשטעלן די ליגשטול אַנטקעגן ים, זיך אַנידערלייגן נאַזנדיק, אָנצינדן די ליולקע און אָנהייבן „די עבודה". דאָס מאָל איז דער טײַטש פון „עבודה" — מאַכן אַ גענעראַל־בילאַנץ, אַ מין חשבון־הנפש: מאיר יפה וואָס האָט געדינט דרײַ צענדליק יאָר אין דער פאַרזיכערונגס־געזעלשאַפט „הברוש" איז הײַנט אַרויס אויף פּענסיע.

— אַוודאי, מאירל, אַוודאי, אַנטקעגן אין־סוף, אַנטקעגן דער אייביקייט איז עס נישט מער ווי אַן אויסגעבלאָזן איי. אָבער, לגבי דיר, מאירל יפה, דער זון פון גיטל בתביילע די בייגל־בעקערין איז עס אַ „שטיקעלע דאַטע"... הייסט עס: אומגעקערט זיך פונעם יאַריד... וואָט, וואָט, האָט ער צוגעגעבן דאָס געוווינטע רוסישע וואָרט, און וואָס האָסטו מיטגעבראַכט פונעם גרויסן יאַריד, מאירל?

ווי יעדן פאַרנאַכט איז די זון געשטאַנען נידעריק איבערן ים און זיך ווי געייִשובט: זאָל זי זיך אונטערגעבן איר גורל און פאַרגיין, אָדער זיך נאָך פאַרהאַלטן אַ קליין רגעלע און שײַנען...

דער אַלטער יפה האָט אַרײַנגעצויגן אין זײַנע לונגען דעם רויך פון דער ליולקע, געפינטלט מיט די ווייִעס, זיך געפּרוווט דערמאָנען, ווי אַזוי זאָגט ער דאָרט, שפּינאָזע: „באַדינגט, באַדינגט, אַלץ איז באַדינגט"... די זון, די מזלות, די קאַץ, די מויז און אויך ער, מאירל, דער זון פון גיטל בת ביילע די בייגל־בעקערין.

און גאָט ? און בחירה ? און השארת־הנפש ? איז דאָס אַלץ נאָר חלום ? נאָר דמיון ?... גאָרנישט ?... לעבט עס אָפּ אַ מענטש זײַנע בידנע פּאָר יאָרן און געענדיקט, און אַ סוף, און אַן עק ?...

דער אַלטער האָט אויסגעשטרעקט זײַנע אָרעמס, איינעם אַהער און איינעם אַהין, ווי ער וואָלט זוכן, אין דעמערדיקן בלוי, אַ שטאַרקן פעסטן פונקט אין ליידיקן חלל.

קינדוויַיז פלעגט ער זיך אָנהאַלטן אין דער מאַמעס גרויסן פאַרטעך, אײַנגנורען אין דעם זײַן קעפּל און אויסברעכן אין אַ געוויין. און איצט ?

— טאַטע ! טאַטע ! ווילסט אַ גלאָז טיי !

ער האָט נישט אויסגעדרייט דעם קאָפּ צום פענצטער. ער האָט געוווּסט: דאָרט שטייט זי, זײַן טאָכטער שושנה, די שלאַנקע בלויאויגיקע שאַטענקע, און ווי יעדן פאַרנאַכט איז זי פאַרנומען מיט צוגרייטן טיי און געבעקס פאַר די בני־בית. דור הולך ודור בא — איז אים דורכגעלאָפן אַ מחשבה, און ער האָט האַסטיק געענטפערט:

— אַ דאַנק, טאָכטער, אַ דאַנק, איך וויל נישט, אין דער מינוט וויל איך נישט.

אויפן גרויסן גאַניק האָט זיך אָנגעהויבן טומלען. זײַן איידעם, מר גרין, דער בוי־אונטערנעמער, אַ הויכער פוללײַביקער מאַן אין די פערציקער, איז געקומען דער ערשטער, אין זײַנע הענט אַ גלאָז טיי און אַ טאַץ מיט מאַנדל־בייגעלעך. נאָך אים איז געגאַנגען שושנה און געטראָגן אַ טאַץ מיט מאַראַנצן און באַנאַנעס. דער ראַדיאָ האָט אָנגעהויבן סקריפּען דזשאַז־מוזיק „לויט דײַן פאַרלאַנג״.

— גאָט מײַנער, אָט האָסטו דיר דזשאַז ! נאָר דאָס האָט געפעלט...

ער האָט דערפילט, אַז דאָס ווילדע סקריפּעניש וועט אים נישט לאָזן דערטראַכטן דעם געדאַנק ביזן סוף, מאַכן דעם סך־הכל...

— מילא, נישטאָ קיין ברירה, האָט ער געשעפּטשעט, זיך אויפגעהויבן און איז אַרויף אויף די טרעפּ צום גאַניק צו.

לעבן מר גרין, אַרום דעם געגרייטן טיש, זענען שוין געזעסן די געסט, געשיילט באַנאַנעס און דערציילט אַנעקדאָטן.

— אַדון יפה, האָט זיך אויפגעשטעלט מר בערנשטיין, אַ קליין דיק

מענטשל מיט אַ ריזיקן פליך, אַדון יפה, וואָס פאַראַ גוטע בשורות ברענגען זיי?

— גאָרנישט, האָט יפה געשמייכלט מיט אַ מידן שמייכל, די וועלט גייט זיך איר גאַנג, די אַלטע וועלן גיין שלאָפן, און די יונגע וועלן ווײַטער שיילן באַנאַנעס און טרינקען טיי...

— האָ! האָ! איר זענט דאָך געוואָרן אַ מין שלמה־המלך, מר יפה...

— אַז מ'קערט זיך אום פונעם יאַריד, איז אַ קליינער חילוק צי דו ביסט שלמה־המלך אָדער יפה דער בוכהאַלטער...

זײַן איידעם האָט איבערגעשלאָגן דעם שמועס:

— אַדון בערנשטיין, האָט ער זיך געווענדט צום שותּף זײַנעם, וואָס פּלוצעם האָבן זיך געהויבן די צעמענט־פּרײַזן?

— דער טײַוול ווייסט זיי! האָט בערנשטיין אײַנגעשלונגען אַ שטיק באַנאַנע, כ'האָב מורא אַז דער גאַנצער עסק אונדזערער וועט זיך נאָך ענ־דיקן מיט היזק.

עטלעכע נעגערטעס האָבן אָנגעהויבן רעווען אין ראַדיאָ, בלאָזן אין די סאַקסאָפאָנען. די פּאַלמעס פאַרן הויז האָבן געלויכטן אין שײַן פון דער פאַרגייענדיקער זון און אויסגעזען ווי בילדער אויף שער־בלעטער פון פאַרצײַטישע סידורים...

— רבונו־של־עולם, האָט געטראַכט דער אַלטער יפה, זיץ איך טאַקע אין דער אמתן אויפן ברעג פון תּל־אָביבער ים און מיר ציילן ה' אלפים תּש"ט זינט וועלט־באַשאַף און דאָס ערשטע יאָר פון מדינת־ישׂראל?

ס'איז, ווײַזט אויס, אוממיגלעך ס'זאָל זײַן כּולו שבת, ווי ס'האָט גע־גאַרט ר' שלמהלע בײַ פּרצן...

פּלוצעם האָט ער זיך צעשמייכלט: און וואָס, אַ שטייגער, וואָלט גע־שען, ווען נישט נאָר די ייִדישע מדינה איז אויפגעקומען, נאָר טאַקע ער אַליין, משיח בכבודו־ובעצמו אין דער גאַנצער פּראַכט זײַנער וואָלט גע־טאָן אַ קום און זיך באַוויזן?... וואָס וואָלטן די מענטשן געטאָן אין משיחס צײַטן? וואָלטן זיי דען נישט געזעסן פּונקט ווי הײַנט, געשיילט באַנאַנעס, געטרונקען טיי און געשמועסט וועגן די פּרײַזן פון צעמענט?

צי מאַכט דער בורא־עולם נישט חוזק פון דער גאַנצער וועלט? האָט

נישט ער פֿאַרמישפּט דעם בן־אָדם צו אין־סופֿיקער וואָכעדיקייט, צו אייביקער טיפּשות?

אויפֿן גאַניק האָט אַרויפֿגעהאָפּסלט דער פֿערצן־יאָריקער עוזי, שאָטען, בלוויאויגיק, שלאַנק, די מאַמעס אויגן.

— עוזי, רופֿט דער פֿאָטער, עוזי, פֿאַר וואָס האָסטו זיך אַזוי פֿאַרשפּעטיקט, תּכשיט מײַנער?

— אַבאַ, האָט דאָס ייִנגל געפֿאָכעט מיט די הענט, גלײַך זיי וואָלטן פֿליגל געווען, כ׳האָב באַקומען דעם ערשטן פּרײַז...

— אַ גדולה אויף דײַן באָבען! האָט דער פֿאָטער אַ גלעט געטאָן דעם זונס לאָקן.

דאָס ייִנגל איז אויפֿגעשפּרונגען, מיט אַ האַסטיקער באַוועגונג צוריקגעוואָרפֿן, מעשׂה־שאַלטיק, די לאָקן פֿונעם שטערן אַרויף צו, און גענומען אָפּגעבן אַ גענויען באַריכט פֿונעם באָקס־שפּיל מיט אַלע זײַנע פֿישטשעוועס. ער האָט אויסגעמאָלט, מעשׂה־מומחה, ווי אַזוי אין אַ פּאָר מינוטן האָט ער צעשלאָגן און אַוועקגעלייגט דעם קעגנער מיט אַ „נאָקאַוט“.

— און די לעקציעס האָסטו שוין געמאַכט, תּכשיט מײַנער? האָט דער טאַטע אַ צי געטאָן דעם זון בײַם אויער מיט פֿאָטערלעכער צאַרטקייט.

— שוין געמאַכט, אַבאַ, האָט דאָס ייִנגל געלאַכט, נישט פֿאַרבליבן מערער ווי אַ ביסל תּנך. מאַכט נישט אויס, ס׳איז אַלץ בסדר.

— סבאַ, איז ער צוגעשפּרונגען ווי אַ יונגער הירש צום אַלטן, סבאַ, וועסט מיר העלפֿן בײַ די לעקציעס?

— אַדרבא, אַדרבא, ברענג נאָר דאָס ספֿרל, עוזי...

— וואָס זאָגט איר עפּעס צום קליינעם? האָט זיך דער פֿאָטער געווענדט צום שותּף, ווען עוזי האָט אַוועקגעהאָפּסלט ברענגען דעם תּנך.

— די צײַטן בײַטן זיך, און מיט זיי — אויך די מענטשן, האָט שושנה אַ זאָג געטאָן און בשעת מעשׂה געפֿירט מיטן ליפּן־שטיפֿטל איבער די פֿולע ליפּן, און מיט אירע לאַנגע דינע פֿינגער פֿאַרריכט די האָר איבער אירע קליינע, מיט אויערריינגלעך באַהאָנגענע אויערלעך.

— פֿרוי בערנשטיין, האָט זי אַ ווונק געטאָן צו דער שותּפֿטע, וואָס איז געזעסן אויסגעפּוצט ווי אַ פּאַווע, און איר צווייגאָרנדיקער פֿעטער גוי־

דער האָט זיך געשאָקלט בשעתן קײַען די מאַנדל־בייגעלעך, — פרוי בערנ־שטײַן, איר ווילט שפּילן פּאָקער ?

— נעמט אונדז אויך אַרײַן אין קאָן! האָבן בײדע שותּפים געגענט צום טיש.

די זון האָט זיך געלאָשן איבער די פּאַלמעס, די ביימער האָבן זיך דערוויַיטערט ווי נישט־גוטע...

— אוי, רבונו־של־עולם, אַ וועלט פון תּוהו־ובוהו... האָט אַ מורמל געטאָן דער אַלטער יפה און זיך געפּרוּווט אָנהאַלטן מיט ציטערדיקע הענט אין זיַין גרוי בערדל.

שושנה האָט געטאַשט די קאָרטן, אירע לאַנגע פינגער האָבן געטאַנצט, געמישט, ס׳האָט אויסגעזען ווי זי וואָלט זיך גרייטן צו כּישוף־מאַכערײַ...

— מר בערנשטיין, האָט זיך גרין אַ בייג געטאָן צום שותּף, מ׳וואָלט אפשר געדאַרפט אַ טראַכט טאָן וועגן די נײַע שטײַערן, כ׳מיין די אימפּאָרט־שטײַערן ?... זיי שינדן דאָך די הויט...

— נישט געזאָרגט, שותּף, האָט בערנשטיין אַ ווונק געטאָן מיטן לינקן אויג, אונדזער בוכהאַלטער איז אַ ייִד מיט קאָפּ, ער וועט זיך שוין אַן „עצה געבן״.

— אמת, ער איז אַ דורכגעטריבענער חברה־מאַן, האָט גרין געשמייכלט און אַרײַנגעקוקט אין די קאָרטן, וואָס זײַן ווײַב האָט אים אונטערגעטראָגן.

אַ פּאַרסאָפּעטער איז אָנגעלאָפן עוזי מיטן תּנך אין דער האַנט.

— סבאלע, האָט ער זיך געפּיעשטשעט, קום מאַכן די לעקציעס.

דער אַלטער יפה האָט געשפּרײַזט הינטער זײַן אייניקל, געצויגן דעם רויך פון דער ליולקע און געטראַכט: „אַ מאָל אין פּאָדאָליע איז מען גע־ווינט געוועזן אָפּצונאַרן דעם פינאַנץ־מיניסטער פונעם צאַר, און הײַנט ?... אַזוי איז עס געוועזן און אַזוי וועט עס זײַן, ווײַזט אויס״...

ער האָט אָנגעהויבן גענעצן און געפילט אַז ער איז מיד, מיד פון יאָרן און פון דער וועלט.

דער ים האָט זיך אויסגעלאָשן. פון די כוואַליעס האָט גענומען קלע־טערן און אויפגיין אַ פּערטל לבנה, אַ קליינע, אַ דערשראָקענע.

דער אַלטער יפה האָט אָנגעצונדן דעם לאָמפּ אין גאָרטן און זיך אַני־דערגעזעצט בײַם טיש אונטער דער פּאַלמע.

— קום, תכשיט, האָט ער גערופן דאָס אייניקל, קום, עוזי, וועלן מיר אַרײַנקוקן אַ ביסל אין תנך. וואָס פאַר אַ פרק לערנט איר ?

עוזי האָט האַסטיק געבלעטערט אין תנך :

— אָט, סבא, „ישעיהו", פרק י"א : „ויצא חוטר מגזע ישי ונצר משרשיו יפרה"...

ער האָט זיך פלוצעם פאַרהאַלטן און אָנגעהויבן קרײַזלען די קרויזן אויפן שטערן.

— עוזיק, האָט אים דער זיידע מילד אַ טאָרע געטאָן, עוזיק, וואָס האָסטו זיך פלוצעם אָפּגעשטעלט ? איז דיר עפּעס קשה ?

— ניין, סבא, האָט דער קליינער אויסגעגלאָצט זײַנע גרויסע בלויע אויגן אויפן זיידן, ניין, ס'איז מיר אײַנגעפאַלן אַ געדאַנק...

— גוט, געדאַנקען, מײַן זון, זענען אַ גוטער סימן...

— סבא, האָט דאָס יינגל אויפגעהויבן זײַן שטים, ווייסטו, סבא, אַז ווען ס'וואָלט מקוים געוואָרן ישעיהס נבואה וועגן אחרית־הימים, וואָלט... וואָלט דעמאָלט געווען... ווי אַזוי זאָל איך דאָס זאָגן ? יאָ, סבא, ס'וואָלט געווען לאַנגווײַליק, שרעקלעך לאַנגווײַליק... איך זאָל אַזוי לעבן...

דער אַלטער האָט אויפגעהויבן זײַנע פאַרוווּנדערטע אויגן צום הימל. דאָס פערטל לבנה האָט געפינקלט אויף זײַן שטערן און אים צוגעגעבן אַ מאָדנע קינדישן אויסזען.

— דו פאַרשטייסט, סבא, האָט דאָס יינגל נישט אָפּגעלאָזט זײַנע קרויזן, שטעל דיר פאָר אַ וועלט אין וועלכער אַ וואָלף וועט הויזן מיט אַ שעפּס און אַ לעמפּערט וועט הויערן מיט אַ ציגעלע... מענטשן וועלן זיך נישט באָקסן, מ'וועט זיך נישט לערנען מלחמה האַלטן, דו ווייסט, סבא, ס'וועט דאָך זײַן אַזאַ מין, יאָ, אַ מין מושב־זקנים...

דער אַלטער יפה האָט געטראַכט : וואָס זאָל ער ענטפערן דעם יינגל ? פלוצעם איז אים קלאָר געוואָרן, אַז ער, מאיר יפה דער אַלטער, געהער סײַ ווי סײַ נישט מער אַהער, אַז ער קערט זיך שוין אום פונעם יאַריד, איז אַרויס אויף פּענסיע.

ער האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן, דאַכט זיך פאַרגעסן אין זײַן אייניקל

וואָס זיצט לעבן אים, נישט געדענקט, אַז דער ים הערט נישט אויף צו רוישן אַזוי שוין מיליאָנען יאָרן און וועט נישט אויפהערן צו רוישן אויך ווען ער, מאיר יפה, וועט זײַן אַ שוכן עפר. ער האָט געטראַכט, אַז בעצם וואָלט גלײַך געווען שוין אַזוי בלײַבן זיצן אין נישט מער אויפשטיין פֿונעם אָרט, ווײַל סײַ ווי סײַ געהערט ער נישט מערער אַהער... ער איז במילא, במילא שוין אַרויס אויף פּענסיע...

# דער בינען־מלך

מיַין פריַינד דער זשורנאַליסט ג. האָט מיך אַ מאָל געפרעגט: ווי קומט עס וואָס אַלע מענטשן וואָס דו באַגעגנסט זענען „אָריגינאַלן״, יעדער אײי־נער, אַפילו אַ בראָדיאַגע, איז אַ „גאַנצער פילאָסאָף״. ווו באַגעגנסטו די דאָזיקע מענטשן?

— זיי זענען אומעטום, האָב איך געענטפערט, און איטלעכער קען זיי זען און הערן, אויב דער „איטלעכער״ האָט אויגן און אויערן.

איך האָב באַמערקט דעם אומצופרידענעם פּאַרצוף אין מיַין חברס אויגן, האָב איך זיך אָנגערופן:

— ווילסטו, קום, פאָר מיט מיר וווהין דו ווילסט, קליַיב אויס אַן אָרט לויט דיַין פאַרלאַנג, און איך וועל דיר וויַיזן „מיַינע מענטשן״.

מיר האָבן אָנגעטראָפן גראָד אַן אויטאָבוס קיין באר־שבע, האָבן מיר זיך אַריַינגעזעצט און געלאָזט אין וועג אַריַין.

ביַי איינעם פון די יישובים נאָענט צום נגב האָט מיַין פריַינד אַ שמייכל געטאָן:

— קום, וועלן מיר פּרוּוון אַראָפּגיין אין אָט דעם אומבאַקאַנטן יישוב און זען אויף טשיקאַוועס, צי וועט מען אויך דאָ אָנטרעפן „דיַינע אָרי־גינאַלן״.

— גוט, האָב איך געזאָגט, און מיר זענען אַרויס פון אויטאָבוס.

ס׳איז געווען איינס פון יענע טיפּישע געוועזענע אַראַבישע דערפער, ווו עס וווינען איצט ייִדן פון אַלע עקן וועלט.

מיר האָבן נישט געדאַרפט לאַנג שפּאַנען: אין אַ קליינעם פּרדס, לעבן אַ היַיזקע, איז געשטאַנען אַ ייִד איַינגעבויגן און אין עפּעס עוסק געווען מיט גרויס התמדה.

אַז מיר האָבן זיך דערנענטערט, האָט ער אויפגעהויבן דעם קאָפּ און

איידער מיר האָבן צײַט געהאַט אים צו באַגריסן, האָט ער מיט אַ גוט תמימותדיק קול אַ זאָג געטאָן:

— גאָט העלף, ייִדן, איר זוכט אפשר מיך?... אָט בין איך...

ערשט איצט האָב איך דערזען, אַז זײַן בלייך גוטמוטיק־איידל פּנים איז אַרומגערינגלט מיט אַ ווייכער זײַדענער באָרד און אויף זײַן קאָפּ טראָגט ער אַ יאַרמלקע.

ער איז געשטאַנען צווישן אַ גאַנץ געזעמל בינשטאָקן און אַ ליכטיקער געשמייכלט.

— איר מאַכט האָניק? האָב איך געפּרוּווט פאַרפירן אַ שמועס.

— מאַכן, מאַכן אים די בינען, האָט ער זיך צעקוואָלן, דאָס הייסט: זיי טרינקען זיך אָן מיט צמחים־זאַפט און פון דאָזיקן סאָק פאַרבריצירן זיי די סחורה... נאָר אמתדיק געזאָגט, איז דער סאַמע גלאַוונער „פאַבריקאַנט" ער אַליין, דער אייבערשטער.

— און איר, איר וואָס טוט דאָ?

— איך בין דער געהילף, דאָס לערן־ייִנגל, איך העלף צו דעם באַ־שאַפער...

אויף דער שוועל פון דער הײַזקע האָט זיך באַוויזן אַ פרוי מיט אַ קינד אויף די הענט.

— בינעם! בינעם! האָט זי גענומען רופן, קום אַרײַן, צײַט שוין אי־בערצובײַסן, די בינען וועלן אָן דיר לייגן דעם האָניק.

און דערזעענדיק אונדז, האָט זי צוגעגעבן:

— אַ מענטש זאָל אַ גאַנצן טאָג זיך אַרומדרייען אַרום די בינען, צי מען דאַרף אים יאָ צי מען דאַרף אים נישט...

— קום, בינעם! האָט זי ווידער אַ רוף געטאָן, האָסט דאָך נאָך הײַנט אין מויל נישט געהאַט.

— איך קום, איך קום, האָט ער זיך צעקוואָלן, גרייט אויפן גאַניק דעם טיש, מיר האָבן אורחים, וועלן זיי מיט אונדז פאַרזוכן בינעמס האָניק.

מיר האָבן זיך פלוצעם דערזען אַרום טיש פון אַ פרעמדן אומבאַקאַנטן מענטש. מײַן פרײַנד, דער זשורנאַליסט, האָט געשמייכלט צו מיר, געצויגן מיט די פּלייצעס, און איך אַליין האָב זיך אויך גענומען חידושן, וואָס דער אייבערשטער באַשערט מיר שטענדיק און אומעטום מײַנע אָריגינאַלן.

— ר׳ בינעם, האָב איך זיך היימיש אַ וווּנד געטאָן צום בעל־הבית, ר׳ בינעם, ווי לאַנג וווינט איר שוין דאָ אין מלכות פון די בינען?

— עט, עט, עט, האָט ער אַ לאַך געטאָן, עט, עט, אַ קײַמאַ־לן פון אַ יאָר פינף, ב״ה... נאָר דאַכטן, דאַכט מיר אַז געבוירן בין איך דאָ... אַז זינט איך געדענק זיך, חבר איך זיך מיט בינען, בין זיי משמש און ווער אַזוי אַרום אַ שותּף צו זייער האָניק... מען ציט אי פּרנסה דערפון אי מ׳האָט צײַט זיך צוצוקוקן צו גאָטס װוּנדער, צו מעשׂה־בראשית... איך זאָג אײַך, איך הייב נישט אָן צו פאַרשטיין, פון וואַנען נעמט זיך עס אַזוי פיל שׂכל צו אַזאַ פּיצל באַשעפעניש ווי עס איז די בין... פון וואַנען נעמט זיך אַזוי פיל קלוגשאַפט אין אָט דעם פּיצעניוּנקעלע קעפּעלע... איך זאָג אײַך, ווען איך וואָלט זיך נישט געשעמט, וואָלט איך אים אַ קוש געטאָן אין פּיסקעלע, דעם קלוגן בינעלע, מיין איך...

זײַן פרוי האָט זיך מסתּמא פאַרשעמט, וואָס איר מאַן רעדט אַזוינע דיבורים, האָט זי זיך אָנגערופן:

— הערט נאָר, ווי אַ דערוואַקסענער מענטש רעדט עס... ס׳וואָלט גע־פּאַסט פאַר אַ חדר־יינגל... איי־איי, דו שעמסט זיך גאָרנישט פאַר פרעמדע מענטשן, בינעם...

ער האָט זיך תּמימותדיק צעשמייכלט:

— ראשית, זענען די מענטשן נישט קיין פרעמדע, אַלע ייִדן זענען קינדער פון איין הויזגעזינד. והשנית, וואָס איז פאַראַן זיך צו שעמען? איך האָב ליב גאָטס באַשעפענישן, ליב, זאָג איך אײַך, ליב ווי אייגענע קינדער... זעט, האָט ער אַ טײַטל געטאָן, זעט ווי זיי פליִען עס די קליינע זשומערלעך...

— און ווו האָט איר אײַך אויסגעלערנט דאָס פאַך, ר׳ בינעם?

— בנאמנות שלי, איך ווייס נישט... אַז אין דער היים, אין קליינעם שטעטעלע אויף די קרעסן, בין איך געווען אַ דרדקי־מלמד, בעת דער מלחמה בין איך געלעגן באַהאַלטן אין אַ גרוב, אַ מין סעקרעט אין וואַלד־געדיכ־טעניש, נאָר גיי פרעג שאלות אויף ייִדן! יעדער טאָג אין לעבן פון אַ ייִדן איז אַ נס... יעדער ריר — אַ נס... אַז איך בינעם דעכע נאָך איז נישט קיין נס?... נו, איז צוגעקומען נאָך אַ שטיקעלע נס: בינעם דרדקי־מלמד איז געוואָרן דער מלך פון די בינען...

זײַן פרוי האָט זיך שעמעוודיק צעלאַכט:

— יאָ, אַזוי רופט מען אים אין דאָרף דאָ „בינעם — דער מלך פון די בינען"... ס'איז נאָר אַ שאַנד צו דערציילן...

— זאָלן לאַכן ייִדעלעך געזונטערהייט, האָט ער מילד געזאָגט, אַז ס'טוט זיי הנאה, זאָלן זיי לאַכן... אַ דאגה האָב איך... זאָל זײַן „בינעם — דער מלך פון די בינען"...

ער האָט זיך פלוצעם דערמאָנט:

— וואָס זיצט איר, ייִדן? וואַשט זיך און זײַט טועם... און ווילט איר עסן אומגעוואַשן, איז נישט בינעמס עסק, עסט געזונטערהייט אומגעוואַשן... נאָר וואָס איך בעט אײַך יאָ, איבערן האָניק זאָלט איר מאַכן אַ ברכה, וואָרעם איך זאָג אײַך, עס קומט אים אַ לויב דעם באַשאַפער... אַ שהכּל נהיה בדברו...

— אַ שיינעם דאַנק אײַך, ר' בינעם, האָב איך פאַרלוירן אַ שטאַמל געטאָן, מיר... מיר זענען נישט געקומען עסן... מיר זענען געקומען... דאָס הייסט, מיר זענען פאַרבײַגעגאַנגען און דערזען אַ ייִד מיט אַ הדרת־פּנים... הייסט עס, האָבן מיר געוואָלט אַ שמועס טאָן מיט אײַך... און מיר האָבן ב"ה נישט קיין חרטה... הלוואי זאָלן זיך מערן אַ סך אַזוינע ייִדן ווי איר אין ישׂראל...

— אַזוי גאָר, הער אַ מעשׂה!... סתּם אַזוי פאַרבײַגעגאַנגען... ווּהין זשע גייען ייִדן סתּם אַזוי?...

איצט האָט מײַן פרײַנד דער זשורנאַליסט אים געענטפערט:

— גייען, גייען מיר זוכן ייִדן, שבת־יום־טובדיקע ייִדן... און מײַן פרײַנד, האָט ער אַ טײַטל געטאָן אויף מיר, מײַן פרײַנד איז אַ ייִד אַ בר־מזל, ער געפינט זיי... געפינט זיי די שבת־יום־טובדיקע ייִדן...

געלויבט צו גאָט, ר' בינעם...

# דער פאַקיר האַראַדזשאַ

פלוצלינג האָט עס געגומען מבולען. איך בין געשטאַנען אַ זומערדיק־אַנגעטועגער אין מיטן גאַס, מײַנע אויגן האָבן דערשראָקן אַ לויף געטאָן צווישן פלייצעניש, געזוכט אַ ווינקל ווו זיך אויסצובאַהאַלטן.

פון אַנטקעגן איבער האָט אויפגעלויכטן אַ פּלאַקאַט באַמאָלן מיט דער ריזיקער געשטאַלט פון אַ פאַקיר, וואָס האָט געצויגן ברענעדיקע שלאַנגען פון מויל.

איך בין אַריבערגעלאָפן די גאַס, וואָרעם איבערן פאַקיר איז געווען אַ דעכל, ווו זיך אויסצובאַהאַלטן פון רעגן.

אויפן פּלאַקאַט האָט מען צו וויסן געטאָן, אַז דער באַרימטער אינדישער פאַקיר האַראַדזשאַ וועט הײַנט אַכט אַזייגער אַרויסטרעטן מיט זײַן וווּנ־דערלעכן פּראָגראַם.

איך האָב אַ קוק געטאָן אויפן זייגער: אַ פערטל צו אַכט... הייסט עס, גאָט אַליין וויל, אַז איך זאָל זען דעם באַרימטן פאַקיר... איך האָב געקויפט אַ בילעט און אַרײַן אין זאַל. אין פּראָגראַם איז געווען: אַ טאַנץ מיט גיפ־טיקע שלענג צווישן ברענענדיקע שײַטערס, שלינגען שווערדן און זיי אַרויסציִען פון נאָז, און דער עיקר: דאָס היפּנאָטיזירן דעם גאַנצן זאַל מיט מענטשן.

איך האָב זיך פלוצעם דערזען אין מיטן ים (איך קען נאָר וויסן וואָס איך האָב געזען...). איך בין געשווומען אויף אַ ברעט אין מיטן שטורעמ־דיקע וואַסערן. עס איז געווען מסתמא נאָך אַ שיפבראָך... איך האָב זיך געראַנגלט מיט די כוואַליעס... איך האָב גענומען רופן צו גאָט נאָך הילף... פלוצעם איז ליכטיק געוואָרן.

איך בין געזעסן אַ פאַרגאַפטער אויף מײַן בענקל אין מיטן זאַל און זיך בישט אויפגעהערט צו חידושן: מיט וואָס פאַר אַ כּוח האָט דער דאָזי־

קער אינדישער פּאַקיר באַוויזן מיך אַרײַנצוברענגען אין צושטאַנד פון אַ טרינקענדיקן אין מיטן ים... וואָס פאַר אַ וווּנדערלעך פאָלק דאַרף עס זײַן, דאָס אינדישע, וואָס גיט אַרויס אַזעלכע מאַגישע געשטאַלטן!

איך בין געזעסן און באַוווּנדערט דאָס עקזאָטיש־אינטערעסאַנטע פּנים פון פּאַקיר: וויפל מאַגישער כּוח אין זײַנע ווילדע ברענענדיקע אויגן!

אַז דער סעאַנס האָט זיך געענדיקט און איך האָב זיך געלאָזט צו דער טיר, האָב איך זיך נאָך אַלץ נישט געקענט באַפרײַען פון דער אויסטערלי־שער אַטמאָספער, וואָס דער דאָזיקער פּאַקיר האָט באַשאַפן; געדאַכט האָט זיך מיר, אַז איך פאַרלאָז אַ טויזנטיאָריק־אַלטן טעמפּל ערגעץ בײַ די סודותדיקע וואַסערן פון גאַנגעס.

פּלוצעם האָב איך דערפילט, אַז עמעץ לייגט אַרויף זײַן האַנט אויף מיר און תּיכּף האָב איך דערהערט אַ קול:

— משהניו!

איך האָב אַ דריי אויס געטאָן דעם קאָפּ און דערזען:

ער... ער אַליין, דער פּאַקיר האַראַדזשאַ, הייסט עס, ער אַליין שטייט און האַלט די האַנט אויף מיר. און ער אַליין איז עס, וואָס רופט אַזוי היימיש מײַן נאָמען: משהניו.

גאָט מײַנער, פון וואַנען, מיט וואָס פאַר אַ מאַגישער קראַפט האָט ער אויסגעפונען מײַן נאָמען? און נאָך מער: נישט פּשוט מײַן נאָמען, משהניו האָט מען מיך גערופן נאָר אין דער היים, קיינער רופט מיך נישט אַזוי דאָ אין ישׂראל.

דאָס קול וואָס רופט מײַן נאָמען האָט אַזאַ אויסטערלישע ענלעכקייט מיטן קול פון מײַן שוין פון לאַנג געשטאָרבענעם פעטער הערש־לייב...

איך האָב אויפגעעפנט אַ פּאָר דערשטוינטע אויגן צום וווּנדערמאַן.

ער האָט אַ שמייכל געטאָן און זיך אָנגערופן:

— האַו דו יו דו?

— סענק יו, אָלרײַט, האָב איך געענטפערט אין מײַן צעבראָכענעם ענגליש.

— האַרזשיבוש, קאַראַמבאַ, ראַליפי, האָט ער גענומען ווײַטער רעדן.

איצט האָב איך שוין גאָר נישט פאַרשטאַנען, ער האָט גערעדט מסתּמא בענגאַליש.

— נאָו ספיק בענגאַליש, האָב איך דערקלערט אויף ענגליש.

— און יידיש ביסטו קראַנק צו רעדן, משהניו...

אין קאָפּ האָט מיר גענומען שווינדלען: גאָט מײַנער, וואָס טוט זיך דאָ?

אַז מיר זענען שוין געשטאַנען אויף דער גאַס, האָט ער פּלוצעם אַ זאָג געטאָן:

— וואָסי, משהניו, דערקענסט נישט דעם פעטער הערש־לייבס יינגסטן זון בערעלע?

די אויגענעס זענען דיר אויסגעטריקנט?... טפו זאָלסטו ווערן...

מיר זענען אַרײַן אין אַ רעסטאָראַנדל. ער האָט באַשטעלט קאָניאַק. אַז מיר האָבן אויסגעטרונקען לחיים, האָט ער זיך אָנגערופן:

— וואָס חידושסטו זיך אַזוי, משהניו, וואָסי, אַן אינדישער פאַקיר טאָר נישט זײַן קיין ייִד? און דווקא אַ ייִד פון בעסאַראַביע, און דווקא אַ זון פון דײַן פעטער הערש־לייב?...

— הער אַ מעשׂה! האָב איך ערשט איצט באַוויזן קומען צו זיך, הער נאָר אַ מעשׂה!

— יאָ, אַ מעשׂה איז עס, און אַ מעשׂה פון מעשׂה־לאַנד, האָט ער זיך צעשמייכלט, און דאָס שענסטע פון דער מעשׂה איז, וואָס די מעשׂה איז נישט קיין מעשׂה, נאָר ממש אַ שטיק לעבן...

— ווי אַזוי זשע... איך מיין... ווי אַזוי זשע ביסטו עס מגולגל געוואָרן אין דער הויט פון אַן אינדישן פאַקיר?

— נישט מגולגל געוואָרן, משהניו, מען האָט מיך אַרײַנגעשטופּט. דאָס לעבן האָט מיך אַ שטופּ געטאָן און באַפוילן: ווער אַ פאַקיר! אַז דו ווילסט לעבן, ווער אַ פאַקיר! פאָניאַטנאָ?... בין איך געוואָרן... יעדער ווערט עפּעס: דער זיידע יאַנקל פון קאָפּרעשט איז געוואָרן אַ שוחט, דער פעטער לייביש — אַ תּבֿואה־סוחר, דער פעטער מענדל — אַ ווײַנשענקער, און דו... דו ביסט, דאַכט זיך, אַ שרײַבער?

— יאָ, אַ שרײַבער.

— נו, וואָלסטו דאָך געדאַרפט פאַרשטיין, אַז דאָס לעבן איז דער סאַמע

גלאַוונער קונצן־מאַכער, עס האָט ליב קאָזשלקעס און האָקוס־פּאָקוס... יאָ, דאָס לעבן איז דער סאַמע גלאַוונער מאַגישער פאַקיר...

ער האָט אַ ווײַלע געשוויגן, פאַררייכערט און זיך אָנגערופן:

— יאָ, דו ווייסט דאָך, געווען בין איך תמיד אַ פאַרשלעפּטע קרענק, אויסגעוועון נאָך פאַר דער מלחמה אַ האַלבע וועלט, געווען אַ פּעדלער אין אַרגענטינע, און געדינט אין אַפריקע אין פראַנצייזישן פרעמדן־לעגיאָן, דערנאָך געהאַט אַן אַנטיקוואַר־געשעפט אין פּאַריז בײַם מאָנטמאַרטר, און צום סוף, בײַם לעצטן קריג, פאַרוואָגלט געוואָרן קיין אינדיע... און דאָרט חתונה געהאַט מיט אַ בענגאַלישער שיינהייט, אַ טענצערין אין אַ קאַבאַרעט אין קאַלקוטע... און בײַ איר ברודער, בײַם שוואָגער מײַנעם, טאַקע אויסגע־לערנט די מלאכה פון זײַן אַ פאַקיר... און בײַ דער דאָזיקער פּראָפעסיע האַלט איך זיך עד היום הזה... איך האָב זי ליב באַקומען, די מלאכה מײַן איך...

— און ווי קומסטו אַהער קיין ישׂראל?

— הער אַ מעשׂה! אויסגעוועון אַלע מדינות פון דער וועלט, און אַז גאָט האָט באַשאַפן אַ ייִדיש קעניגרײַך, אַ ייִדישע מדינה, זאָל בערעלע דאַמברעווענער נישט קומען אַ קוק טאָן אויף איר?

— און וווּ איז דײַן ווײַב, די בענגאַלישע שיינהייט?

ער האָט זיך צעלאַכט: וואָסי, איך וועל זי דיר גיין באַווײַזן, אַז דו זאָלסט זי מיר צוכאַפּן. אַזאָס... בײַ מײַן שוויגער, בײַ דער מוטער אירער אין קאַלקוטע האָב איך זי איבערגעלאָזט. איר מאַמע האָט אַ גרויס געשעפט דאָרט פון לאָטאָס־בלומען. און זי, די שוויגער מײַנע, איז אויך אַ יפת־תואר.

איך בין געזעסן און געגאַפט אויף אים, נישט געוווּסט וואָס פון זײַן דערציילן איז אויסגעטראַכט און וואָס איז טאַקע וואָר.

— וואָס טראַכטסטו, משהניו?

— גאָרנישט... אַזוי זיך. איך ווייס נישט וואָס בײַ דיר איז אמת און וואָס אויסגעטראַכט...

ער האָט זיך צעשמייכלט:

— די אינדישע חכמים לערנען, אַז אַלץ איז אויסגעטראַכט. איך און

דו און ער... דער בוים און דער שטיין, דער הימל און די ערד... ס׳איז אַ חלום וואָס דער חלום אַליין חלומט, אַ שאָטן פון שאָטנס אַן אייניקל...

— ביסטו דאָך, הייסט עס, אויך אַ פילאָסאָף, בערעלע!

ער איז פּלוצעם טרויעריק געוואָרן, אויסגעזשליאָקעט אַ גלעזעלע קאָניאַק און אַ זאָג געטאָן:

— לעב אָפּ אַ לעבן ווי איך, און פּרוּוו זײַן נישט־קיין־פילאָסאָף... מען דאַרף דאָך זײַן פון אײַזן נישט צו ווערן אַ טראַכטער און איבערטראַכטער... און צום סוף מיינסטו, מען ווערט קליגער?... מען בלײַבט דער זעלבער טיפּש...

ער האָט זיך פּלוצעם אַ שטעל אויף געטאָן:

— קום, האָט ער געזאָגט, ס׳איז שפּעט, מען דאַרף אַהיים גיין, לייענען קריאת־שמע און זיך שלאָפן לייגן.

ער האָט אַ געגעץ געטאָן און אַרויסגעשלעפּט אַ שלאַנג פון מויל.

— נאַ, האָט ער געזאָגט, טו אַ שמעק טאַביק, און ער האָט מיר דער־לאַנגט די שלאַנג, וואָס איז פּלוצעם מגולגל געוואָרן אין אַ טאַביק־פּוש־קעלע...

— נאַ, טו אַ שמעק, האָט ער געזאָגט... נו, שמעקט עס נישט ווי דעם זיידן אליהוס טאַביקע?

איך האָב געעפנט דאָס פּושקעלע און פאַרצויגן דעם ריח.

— גאָט מײַנער, אמת טאַקע, ווי דעם זיידן אליהוס טאַביק־פּושקעלע שמעקט עס. ער פלעגט זיצן, דער זיידע, אויף דער פּריזבע פון זײַן הויז אין דאָמבראָווען, צווישן טאָג און נאַכט און שמעקן טאַביקע...

— ווי קומט צו דיר דעם זיידנס טאַביק־פּושקעלע, האָב איך זיך פאַר־חידושט, האָסט עס מיטגענומען מיט דיר איבער דער וועלט?

ער האָט נישט געענטפערט, נאָר געשווינד אַ דריי געטאָן מיטן פינגער אַרום פּושקעלע, און ס׳איז נישט קיין פּושקעלע מער — אַ זײַדענער טוך איז עס און ס׳טראָגט פון זיך אַ וווּנדערלעכן ריח.

— ס׳איז מײַן ווײַבס, דער בענגאַלישער שיינהייטס האָלדז־טוך, האָט ער זיך צעשמייכלט, עס אַ שלעפּ געטאָן פון מיר און זיך אַרומגעוויקלט דעם האַלדז.

— ס׳איז קאַלט, האָט ער אַ זאָג געטאָן, מען קען זיך נאָך פאַרקילן, חלילה...

ער האָט גענומען שפּאַנען. איך בין אים נאָכגעגאַנגען אַ שווײַגנדיקער.

ער האָט פּלוצעם אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט צו אַ טאַקסי. אַז די מאַשין האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— ווען וועלן מיר זיך נאָך זען אויף דער דאָזיקער וועלט, משהניו?

— ווען דו ווילסט, בערעלע.

ער האָט זיך פאַרטראַכט:

— יאָ, איך האָב אַ פּאָר גאַסטראָלן אין ירושלים און אין חיפה, אין אַ וואָך אַרום וועל איך פרײַ זײַן, וועלן מיר זיך קענען אַראָפּרעדן אַ ביסל פון האַרצן... נאַ, פאַרשרײַב מײַן אַדרעס! ער האָט אַרויסגעצויגן אַ וויזיט־קאַרטל און מיר דערלאַנגט.

ווען ער איז שוין געזעסן אין דער מאַשין, האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— איאָ, אַ טשיקאַווע וועלט, משהניו?

— יאָ, טשיקאַווע, בערעלע...

אַז די מאַשין איז אַוועק, בין איך געבליבן שטיין אין מיטן אַלענבי, אַ רגע נישט געוווּסט, ווּ איך געפין זיך: ס׳האָבן זיך גענומען מישן ישראל מיט דאָמבראָווען, פּאַריז מיט אַפריקע, אַרגענטינע מיט קאַלקוטע, און אי־בער אַלע איז געפלויגן מיט אַ כישוף־שטעקעלע מײַן שוועסטערקינד בע־רעלע, דעם דאָמבראָווענער פעטער הערש־לייבס מיזיניק, דער וועלט־באַרימטער אינדישער פאַקיר האַראַדזשאַ.

# דער קלעזמער פון רבינס הויף

עס טרעפט אַ מאָל, דו איַילסט דורך אַ רוישיקער גאַס, הונדערטער מענטשן יאָגן דיך פאַרבײַ, פנימער פרעמדע, אומבאַקאַנטע. נאָר פּלוצעם אין אײַלעניש שטעלט זיך אָפּ דײַן אויג אויף אַ קלייניקייט: אַ שמייכל אויף עמעצנס ליפּן, אַ גרימאַסע פון קנייטשן אַרום עמעצנס ברעמען. דו בלײַבסט דערשטוינט: האָסט שוין געזען אַ מאָל אָט דעם שמייכל, די גרימאַסע צווישן די קנייטשן. דאָס פּנים, די געשטאַלט געדענקסטו נישט, נאָר דאָס דראָבנע שמייכעלע צווישן קנייטשן איז דיר אַזוי היימיש, באַקאַנט.

שוין דאָס דריטע מאָל, אַז איך בין אין מיטן דער אַלענבי־גאַס שטיין געבליבן אַ פאַרגאַפטער: נעבן אַ טויער שטייט אַ קלעזמער, אַן אַלטער געבויגענער ייִד. מיט אַ פידל שטייט ער און שפּילט חסידישע ניגונים און לעבן אים אַ היטל מיט קליינגעלט, און אויף זײַן קאָפּ אַ פאַרפעטסטע סאַמעטענע יאַרמלקע.

אַ בילד אַ געוויינלעכס: אַ קלעזמער־בעטלער אין תּל־אָביב.

און דאָך שטעלט זיך אָפּ מײַן פאַרשנדיק אויג:

גאָט מײַנער, ווו האָב איך געזען שוין אַ מאָל דעם דאָזיקן קלעזמער? אין מאָדנע יום־טובדיקע צײַטן געזען...

איך דערנענטער זיך צו אים, וואַרף אַרײַן אַ גרעסערע מטבע אין זײַן היטל און רוף זיך אָן:

— אַנטשולדיקט, פעטער, זענט איר נישט קיין בוקאָווינער?

— יאָ, אַ בוקאָווינער... אַוודאי אַ בוקאָווינער... וואָסי דען?

און בעתן רעדן מאַכט ער אַ באַוועגונג מיט דער האַנט, אין וועלכער ער האַלט דעם פידל, און די דאָזיקע באַוועגונג איז גענוג, אַז איך זאָל

זיך דערמאָנען דאָס אָרט און די צײַט, ווו איך האָב אים שוין געזען אַ מאָל...

— ר׳ כאַצקעלע, זאָג איך, ר׳ כאַצקעלע, איך געדענק אײַך נאָך, ווי איר פלעגט שפּילן בײַם באַיאַנער רבין אין הויף... מוצאי־יום־הקדוש... פּורים און אויף אַנדערע שימחות. איך געדענק אײַך נאָך, ר׳ כאַצקעלע, ווען איר זענט געווען דער ערשטער פידל אין רבינס הויף. יאָ, אַ יאָר צוואַנציק איז שוין דאָ אין דעם. עט, עט, לויפן עס די יאָרעלעך.

ער הייבט אויף אַ פּאָר פײַכטע אויגן צו מיר און זאָגט מיט אַ טרויע־ריק קול:

— יאָ, אַ מאָל בין איך געווען ר׳ כאַצקעלע דער ערשטער פידל אין באַיאַנער רבינס הויף, און הײַנט... הײַנט אַ בעטלער אויף דער גאַס... און גאָט קוקט פון אויבן און גאָרנישט. איר פאַרשטייט, ער קוקט פון אויבן, דער אייבערשטער, און מאַכט זיך קיין צימעס נישט... און תל־אָביב?... תל־אָביב ווייסט אַפילו נישט ווער כאַצקעלע איז געווען אַ מאָל...

ער קוקט מיך אָן מיט דאַנקבאַרקייט:

— דו, דו זאָגסט, אַז דו געדענקסט מיך נאָך... געדענקסט כאַצקעלען פון אַ מאָל?

— אַוודאי, געדענק איך... הוי, הוי פלעגט איר טאַנצן אויפן רבינס טיש מיטן פידעלע, און הונדערטער חסידים אַרום מיט צעלויכטענע פּנימער שטייען אין אַ ראָד און פליעסקען אײַך צו מיט די הענט, באַגלייטן אײַער ניגון. און דער רבי, דער רבי אַליין קוועלט אָן פון אײַער שפּילן...

— ערשט נעכטן, דאַכט זיך, ערשט נעכטן איז עס געווען, זאָגט ער, ערשט נעכטן, אוי, טאַטע־פאָטער... ווי נישט־גוטע לויפן עס די יאָרעלעך... אוי, דערבאַרעמדיקער...

— ר׳ כאַצקעלע, זאָג איך, אפשר וועט איר מיר אָנטאָן דעם כּבוד און זיך אַוועקזעצן אָט דאָ מיט מיר, פאַרן קאַפע־הײַזל, און עפּעס אויסטרינ־קען... טוט מיר אָן דעם כּבוד, ר׳ כאַצקעלע!

איך נעם אים פאַרן אָרעם. — קומט, זאָג איך, קומט ווען מיר אַ שמועס טאָן, זיך אַ דערמאָן טאָן די אַלטע צײַטן... דעם רבינס הויף...

בײַם טישל, אין קאַפע, בײַט זיך זײַן פּנים, ווערט חשובער. ער נעמט אַרויס אַ ציגאַרעט, פאַררײכערט מיט באַלעבאַטישער געמיטלעכקייט.

— איר ווייסט, זאָגט ער, ווי נאָר מען לייגט אַוועק דעם בעטלער־פּידל און מען זעצט זיך אַוועק בײַם טיש מיט מענטשן גלײַך, נעמט זיך דאַכטן, אַז מען איז אַליין אויך אַ שטיקל מענטש... אַז ס'האָט זיך גאָרנישט גע־ביטן. כאַצקעלע איז אַלץ נאָך ר' כאַצקעלע, און די וועלט איז אַ וועלט נאָך... עט, עט, ווי לאַנג ערשט, אַז איך פלעג זיצן בײַ געפנערן אין ווײַנ־קעלער אין טשערנאָוויץ, שבת־לעב, איבער זיסע בעבעלעך און רויטן ווײַן... עט, עט, געווען צײַטן, צײַטעלעך, און ייִדן געווען, הייסע ברענענ־דיקע ייִדן, ייִדן וואָס האָבן ליב געהאַט אַ ניגון, אַ ניגון מיט רויטן ווײַן, ליב געהאַט געהאַקטע לעבערלעך מיט אַ גלײַכװערטל, אַ געפלאָכטענעם קוגל מיט אַ חסידיש טענצל... עט, עט, געווען אַ מאָל ייִדן...

— איר זענט שוין לאַנג אין ארץ־ישׂראל, ר' כאַצקעלע?

— אַ יאָר אַכט, ברודערל... שוין דורכגעמאַכט קאַלטס און וואַרעמס... אַוועק שוין אַפילו צום ים, געוואָלט זיך אַ מעשׂה אָנטאָן... נאָר, איר פאַר־שטייט, דערשראָקן זיך פאַר דער עבירה. עס שטייט דאָך געשריבן: אל תאבד את עצמך לדעת...

ער פאַרטראַכט זיך און זאָגט:

— איר מיינט, איך האָב חלילה טענות צו עמעצן? אָסור! ווער איז מיר שולדיק, אַז איך בין שוין איבער די שבעים און טויג שוין צו גאָרנישט, אָפּגעאַרבעט דאָס מאַשינדל, אויסגעברענט דער נאַפט, דאָס לעמפּל לעשט זיך... וואָס איז די וועלט מיר שולדיק?

— וואָס קען איך מאָנען בײַ בן־גוריונען? קען ער מיך דען מאַכן צוריק פאַר אַ יונגן־מאַן? צי אפשר מאָנען פון אים, ער זאָל אויפשטעלן צוריק דעם באַיאַנער רבינס הויף און מיר צוריקקערן דעם כּוח אין די ידיים, אַז איך זאָל קענען אַ פּיר טאָן מיטן סמיטשיק ווי אַ מאָל... ער איז דאָך נישט גאָט, וואָס זאָל קענען מחיה מתים זײַן... איך האָב צו קיינעם קיין טענות נישט. נאָר ס'איז גלאַט מיר ווויסט און פינצטער... געדאַרפט שטאַרבן צו דער צײַט... איר ווייסט, ס'איז אַ באַזונדער זכות צו שטאַרבן צו דער צײַט, ווײַ צו דעם וואָס לעבט איבער זײַן צײַט, ס'איז ווי אַ פּידל

אָן סטרונעס... אַ פידל, דאַכט זיך, און פאַרט נישט קיין פידל... סע פידלט נישט...

איך זיך אַנטקעגן אים אַ פאַרגאַפטער: גאָט מײַנער, טראַכט איך, װעמען װאָלט אײַנגעפאַלן, אַז דער אַלטער פידלער־בעטלער אין מיטן אַלענבי־גאַס איז אַ שטיק שלמה־המלך, אַ שטיק שאָפּענהויער...

— איר האָט עמעצן, פרעג איך, איז עמעצער געבליבן פון אײַער משפחה?

— ניין, זאָגט ער, מײַן אַלטיטשקע, זאָל זיך מיִען, ליגט אויפן טשער־נאָװיצער הייליקן אָרט, מײַנע צװיי זין — אין טראַנסניסטריע אין אַ מאַסן־קבר, מײַן טאָכטער האָבן די דײַטשן דערשאָסן אין ערשטן טאָג שוין, װען זיי זענען אַרײַן קיין טשערנאָװיץ...

ער פאַרטראַכט זיך:

— יאָ, אָן אייניקל מײַנס, אַ מיידל, װאָס האָט שטודירט אין פראַנק־רײַך, קען זײַן לעבט נאָך ערגעץ... איך װייס גאָרנישט װעגן איר... קען זײַן אַז זי לעבט נאָך... קען זײַן ס׳איז נאָך פאַראַן אַ זכר פון מיר און נאָך מיר... װער װייסט...

זײַנע אויגן גיסן זיך אָן מיט טרערן. ער שװײַגט אַ װײַלע, דערנאָך טוט ער אַ שמייכל און זאָגט:

— װער װייסט װיפל טעג עס װעט נאָך אויסקומען דעם אַלטן כאַצ־קלען צו שטיין מיט זײַן פידל אויף אַלענבי? ניין, דאָס לעבן װעל איך זיך נישט נעמען... דער מענטש איז נישט קיין בעל־הבית איבער זיך, בעל־כּרחו אתּה נולד, בעל־כּורחו אתּה מת... זאָל זיך דער װאָס האָט מיר דאָס לעבן געגעבן, מטריח זײַן און עס אָפּנעמען צוריק... ס׳איז זײַנס... איך מיש זיך נישט... װער װייסט, אפשר איז בײַם סוף פון מײַן לעבן מיר באַשערט נאָך צו זען מײַן אייניקל?...

ער פאַרקוקט זיך אין דער װײַט:

— אַ טײַער קינד געװען מײַן אייניקל. איך געדענק נאָך װי זי האָט אָנגעהויבן שפּאַנען מיט די פיסלעך... קיין גאַנץ יאָר נאָך נישט אַלט געװען... פּלוצעם האָט זי אַ שטרעק געטאָן די פּיצלעך הענטלעך און גענומען שפּאַ־

נען... שפּאַנען און לאַכן... לאַכן, מסתּם פון תּענוג, וואָס זי קען אַזאַ קונץ באַוויַיזן און שפּאַנען... איך געדענק זי נאָך, געדענק מיַין אייניקל... ווער ווייסט, אפשר וועלן מיַינע אַלטע אויגן ווערט זיַין זי נאָך צו זען...

זיַין קול איז איבערגעגאַנגען אין אַ געכליפּ. ער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, נישט געוואָלט, אַ פּנים, אַז איך זאָל זען ווי ער, דער זקן, וויינט ווי אַ קינד...

און איך האָב אים געלאָזט זיך אויסוויינען, אים דעם געוועזענעם ערשטן פידל אין באָיאַנער רבינס הויף.

## אַ חתונה אין מאה שערים

איך מיין, אַז עס איז פאַראַן אַ שׂר אין הימל, וואָס זײַן עבודה איז צו באַשיצן און באַשירעמען דעם שרײַבער אין דער גויט, בעת דעם שרײַבער האָבן זיך אויסגעלאָזט אַלע טעמעס. אין יענער רגע פון פאַרצווייפלונג באַווײַזט ער זיך, דער שׂר, און נעמט דעם שרײַבער, ווי אַ טאַטע זײַן קינד, פאַר דער האַנט, און פירט אים.

אין איצטיקן פאַל האָט דער דאָזיקער שׂר זיך פאַרשטעלט אין לבוש פון מײַנעם אַ באַקאַנטן, אַ בוכהאַלטער, און מיר מודיע געווען, אַז אויב איך וויל, קען איך מיט אים מיטפאָרן קיין ירושלים אין מאה שערים, ווו אַ נטורי־קרתאניק מאַכט חתונה זײַן זון מיט... יאָ, מיט מײַן באַקאַנטנס, דעם בוכהאַלטערס ווײַבס, אַ קוזינקע.

געזאָגט האָט ער עס מיר אַרום דרײַ בײַ טאָג, און זעקס פאַר נאַכט זענען מיר שוין געזעסן צווישן אַ ים מיט שטרײַמלעך און סויבלענע ספּאָדיקעס אויף דער חתונה אין מאה שערים.

ערשט מיט אַ יאָר פינף צוריק איז ר׳ מאיר זעמלער, דער חשובער סופר פון מאַלדאָווער שטעטל דאָראָהוי, עולה געווען קיין ישׂראל, און חוץ אַ בינטל פאַרמעט, אַ געגנדזענע פּענע און אַ טאָרבעלע גאַלישן, וואָס מען מאַכט פון זיי סופרישע טינט, האָט דער אַלטער סופר אויך מיטגעבראַכט אַ ווײַב מיט פינף טעכטער און זיך באַזעצט אין דער הייליקער שטאָט ירושלים. די עלטסטע, חיה־רחלע, אַ מיידל פון אַ יאָר זעכצן, אַ יפת־תואר, האָב איך דעם כּבוד געהאַט צו זען פאַר אַ יאָר דרײַ מיט מײַנע אייגענע אויגן. איך בין דעמאָלט געווען בײַ מײַן באַקאַנטן, דעם בוכהאַלטער, צו גאַסט. מיר זענען געזעסן און געטרונקען טיי. פּלוצעם האָט זיך געעפנט די טיר און עס האָט זיך באַוויזן אַ מיידל מיט לאַנגע שוואַרצע זאָקן, אַ

ווײַס ביזן קין פֿאַרשלאָסן בלוזקעלע, די אָרבל אַראָפּגערוקט כּמעט ביז די פֿינגער און מיט צניעותדיק־אַראָפּגעלאָזטע אויגן.

זי איז שטיין געבליבן אומבאַהאָלפֿן און מיט אַ שטיל שעמעוודיק קול אַרויסגעשעפּטשעט:

— גוטן אָוונט.

— איַי־איַי, רחלע דעם פּעטער מאירס, איז מײַן באַקאַנטנס פֿרוי איר אַנטקעגן געלאָפֿן, איַי, אַ גאַסט, קום זעץ זיך.

דאָס מיידל האָט זיך אַװעקגעזעצט אַ פֿאַרזיכטיקע, ווי דער באַריר מיטן בענקל וואָלט געטראָגן אַ סכּנה אין זיך.

איך האָב תּיכּף געפּרוּװט פֿאַרקניפּן אַ שמועס מיטן דאָזיקן װוּנדער־לעך־שיינעם מיידל־קינד.

— פֿון װאַנען קומט אַזאַ מיידעלע? האָב איך געפֿרעגט.

זי האָט, נישט אויפֿהייבנדיק די אויגן צו מיר, געענטפֿערט:

— פֿון ירושלים.

— טאַקע אַ ירושלימער?

מײַן באַקאַנטנס פֿרוי האָט איר אַרויסגעהאָלפֿן:

— ניין, אַ דאָראָהויער, פֿון מײַן שטאָט, און טאַקע אַ קוזינקע, ערשט פֿאַר אַ צוויי יאָר געקומען קיין ישׂראל.

און דער בוכהאַלטער האָט צוגעגעבן:

— און איצן איז זי אַ רביצין פֿון רביצין־לאַנד...

— זע נאָר, האָב איך געזאָגט, נישט אָנגעהויבן וויסן, אַז אין מאָלדאָווע זענען פֿאַראַן אַזוינע פֿרומע מיידלעך...

— טאַקע נישט פֿאַראַן, האָט מײַן באַקאַנטנס פֿרוי זיך צעשמייכלט, אַפֿילו פֿאַר מײַן פּעטער דעם סופֿר איז אַ חידוש, פֿון װאַנען עס האָט זיך גענומען אַזאַ פֿרומקייט צו זײַן חיה־רחלען... איאָ, רחלע? האָט זי זיך געװענדט צו דער קוזינקע, איאָ, ערשט אין ירושלים ביסטו אַזוי פֿרום געוואָרן?

דאָס מיידל איז געזעסן, געפֿלאָכטן די פֿינגער פֿון אומבאַהאָלפֿנקייט און פֿון הינטער די אַראָפּגעלאָזטע וויִעס האָט זיך געפֿילט אַ פֿאַרשעמט דערשראָקן שמייכעלע.

— איך ווייס נישט, האָט זי אַ שעפּטשע געטאָן, איך ווייס נישט... מען דאַרף דערפון נישט רעדן.

דעם „מען דאַרף דערפון נישט רעדן" האָט זי אַרויסגעשטאַמלט ווי אַ תּפילה...

איך האָב דערפילט, אַז מײַן אָנוועזנהייט ווערט אויסטערליש פּײַנלעך דעם דאָזיקן מיידל, האָב איך זיך אָפּגעזעגנט און אַוועק.

מײַן באַקאַנטער האָט מיך באַגלייט און בעת מעשה מיר דערציילט וועגן דער דאָזיקער חיה־רחלען, וועלכע איז אַרײַן אין אַ כמעט משוגענער פרומקייט, דאַוונט ווי אַ מאַנצביל דרײַ מאָל אַ טאָג, זאָגט תהילים, לערנט יעדן טאָג אַ פּרשה חומש מיט רש"י און אַפילו אַ דף משניות.

אַוועק זענען פון דעמאָלט אַ דרײַ יאָר... איצט זיץ איך אויף איר חתונה אין מאה שערים.

אין גרויסן שיינעם זאַל, וואָס איז, קיין בייז אויג, אָנגעפּאַקט מיט צעשויבערטע שטרײַמלעך און ווילדע סויבלענע ספּאָדיקעס, פילט זיך דער יִחוסדיקער געמיש פון תּורה און נגידישקייט. דעם חתנס פאָטער — אַ באַקאַנטער בעלזער חסיד, אַ ייִד אַ למדן און אַ גרויסער נגיד, אַ בעל־הבית פון אַ גאַנצער ריי הײַזער, אַ ייִד מיט זין און טעכטער, מיט איידעמס און שנורן, מיט אייניקלעך און אוראייניקלעך. זײַן משפּחה אַליין איז, קיין בייז אויג, אַ פאַלק־פאַר־זיך, אַ מין יעקב־אָבינו מיט צוועלף שבטים... •

דער דאָזיקער ייִד, אַ זקן מיט אַ לאַנגער זילבערנער באָרד און קלוגע ברענענדיקע אויגן, זיצט נישט אײַן קיין רגע, יאָגט אַרום, כאַפּט איטלעכס מאָל אַ תּורה־שמועס מיט עמעצן אַנדערש, וואַרפט מיט שטיקער פּסוקים ווי מיט ברענענדיקע פײַלן...

איצט שטייט ער לעבן חתן, אַ בלייך דערשראָקן יונגער־מאַנטשיקל, מיט אַ ספּאָדיק גרעסער פון גאַנצן פּנים, און דערציילט אַז די כּלה, זאָל לעבן, האָט דערלאַנגט אַ קוויטל דעם בעלזער רבין, אַ קוויטל אין וועלכן זי בעט, אַז דער אייבערשטער זאָל העלפן: איר מאַן זאָל ווײַטער, אויך נאָך דער חתונה, קענען עוסק זײַן אין תּורה־לערנען און נישט דאַרפן אין זינען האָבן דעם עול־פּרנסה, און אַז זי, זי זאָל געבענטשט ווערן מיט פּאַר־

שטאַנד און כוח צו קענען טראָגן אויף זיך די גאַנצע לאַסט פון מפרנס זײַן די בני־בית...

— אײַ־אײַ, אַ כשרע ייִדישע טאָכטער, קרעכצט ער מיט תענוג און לויפט אַריבער צו אַן אַנדער געזעמל ייִדן.

דעם חתנס ברודער, אַ שווערער רויטבאָרדיקער ייִד, פּרוּווט אונדז טרייסטן:

— נישקשה נישט, דער טאַטעשי, זאָל לעבן, וועט אם־ירצה־השם עפּענען אַ שניטקראָם פאַרן יונגן פּאָרפאָלק, זי וועט עוסק זײַן אין פּרנסה און באַהיטן איר מאַן פון ביטול־התורה...

די סאָרווערס יאָגן מיט גרויסע זילבערנע טאַצן פול מיט אַלערליי געבעקסן, דער עולם איז טועם, פון אונטער די גרויסע שווערע שטרײַמלעך רינט דער שווייס, און ס'איז שווער צו וויסן צי איז עס פון דער היץ אין זאַל, צי פונעם געאַמפּער, וואָס טראָגט זיך צווישן די דאָזיקע ייִדן. הענט מיט אויסטערלישע באַוועגונגען פאָכען אין חלל, מען שפּאַרט זיך איבער אַ שטיקל תּוספות, אַ האַרבן מהרש״א; צווישן איין ביסן לעקעך און אַ צווייטן, צווישן אַ טרונק בראָנפן און אַ צווייטן פלעכט מען אַרײַן דברי־תורה. מען שפּאַרט זיך איבער אַ דין אַרום קרבן־פסח, וועגן הלכות־קרבנות, כאָטש קיינער דאַרף דאָ הײַנט נישט מקריב זײַן קיין קרבן... און עס דאַכט זיך, אַז מ'איז נישט אין ירושלים תשי״ז, נאָר אין די צײַטן פון בית־המיקדש... ערגעץ גרייט מען אַ ציגעלע, דער כהן־גדול אײַלט צום מזבח...

ווער געדענקט דען דאָ, אין גרויסן זאַל אין מאה שערים, די „נאָריש־קייטן" פון טאָג? נישטאָ קיין „אַראַבער־פּראָבלעם", נישטאָ קיין אונ"אָ, קיין אַבדול נאַצער... דאָס איי איז דאָ... די „ביצה־שנולדה־ביום־טוב"...

פּלוצעם ווערט אַ גערודער, אַ ים מיט שטרײַמלעך און ספּאָדיקעס טוען זיך אַ צעכוואַליע: — מאַכט אַ וואָרע! מאַכט אַ וואָרע! דער חתן גייט צו באַדעקנס!

איך שטיי און גאַף: אויסגעמישט די צײַטן, אויסגעמישט די דורות, אויסגעמישט די ירושלימס... ס'איז איין־און־איינציקע ייִדישע אייביקייט, דער אייביק־ייִדישער חתן גייט באַדעקן זײַן אייביק־ייִדישע כלה... אין דער אייביק־ייִדישער שטאָט ירושלים.

# וואָס וויל אַ ייִד?...

געווען איז ער אַ מאָל אין פּוילן אַ קאָמוניסט, און נישט סתּם עפּעס אַן אומבאַקאַנטער זעלנער פון דער באַוועגונג, נאָר טאַקע ממש דער פירער פון דער פּאַרטיי אין דער גרויסער פּראָווינץ־שטאָט, ווו ער האָט געוווינט.

געווען אַ רעדנער, געשריבן אומלעגאַלע בראָשורן און געזעסן אין דער תּפיסה פאַר זײַן וועלטבאַנעם.

הײַנט איז ער אַ שטילער שווײַגנדיקער בעל־הבית פון אַ קליינער וועשערײַ אין אַ שכונה הינטער רחובות.

איך קען אים נאָך פון דער היים און קום פון צײַט צו צײַט אַרײַן צו אים אין דער וועשערײַ, ווו ער וואַשט און פּרעסט העמדער, לײַבלעך, לײַלעכער און טרוימט דערבײַ, נישט מער פון קאָמוניסטישער דערלייזונג, נאָר פון ווונדערלעכן גורל פון דער מענטשלעכער נשמה, וואָס וואַנדערט דורך טויזנטער גילגולים ביז זי קערט זיך אַ געלײַטערטע אַהיים צו גאָט...

הײַנט איז ער אַ מיסטיקער, דער אַמאָליקער קאָמוניסטן־פירער.

נאָר נישט צוליב דעם קום איך שרײַבן וועגן אים.

די געשיכטע פון דער מעשׂה איז אַזאַ:

ער איז גראָד געזעסן בײַ מיר אין שטוב, אין יענער היסטאָרישער נאַכט, ווען דער ראַדיאָ האָט פּלוצעם אומגעריכט געמאָלדן, אַז צה״ל האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אייניקע קילאָמעטער פון סועץ־קאַנאַל.

אַלע זענען מיר געבליבן פאַרגאַפטע פון דער ידיעה, נאָר ער האָט זיך פּלוצעם, מיט צעפלאַמטע אויגן, אַ ריס געטאָן פון דער שטול און מיט אַ קול ווי פון מעטאַל אַ דונער געטאָן:

— ייִדן, ס'הייבט זיך אָן!

— אַוודאי הייבט זיך עס אָן, האָב איך באַשטעטיקט.

— איך מיין עפּעס אַנדערש, האָט ער געזאָגט, און זײַן בליק האָט זיך

לונאַטיש פאַרנעפּלט, איך מיין... איך מיין, אַז עס הייבט זיך אָן דאָס אמתע מלכות־ישׂראל... גאָט הייבט אונדז אויף פון אונדזער געפאַלענער קליינ־קייט... דאָס מאָל האַנדלט זיך עס נישט מער וועגן נאָך אַ שטיקל לאַנד, נאָר וועגן גאַנצן גייט עס, וועגן דער גאַנצער גרייס פון מלכות־ישׂראל...

זײַן קול האָט זיך געשטאַרקט און די ווערטער זענען געפאַלן האַרט און זיכער ווי אַ האָגל:

— צי זעט איר נישט, אַז ס׳איז מחוץ לדרך־הטבע?... גאָט אַליין פירט אונדזער חייל... איר זעט! זײַנע צייכנס זעט איר! גרויסע צײַטן זענען אויפגעשטאַנען פאַר ישׂראל! גאָט קערט זיך אום צו זײַן פאָלק! זעט! זעט! — האָט ער געטײַטלט מיט דער האַנט אין אַן אומבאַשטימטער ריכטונג און איז געבליבן שטיין אַזוי ווי אויסגעהאַקט פון גראַניט.

דערנאָך זענען געקומען טעג אין וועלכע ער האָט אַרומגעשפּרײַזט ווי אַ פיבער־קראַנקער, די אויגן פאַרנעפּלט און דאָס קול ווי פון אַ הייל אַרויס, יעדע רגע האָט ער געזען אתחלתּא דגאולה, געטלעכע צייכנס...

אַז מען איז שטיין געבליבן און נישט ווײַטער געגאַנגען ווי ביזן סועץ, האָט זיך זײַן פּנים גענומען פאַרפינצטערן, זײַנע אויגן אויסלעשן... ער האָט מיך אָנגעכאַפּט פאַרן לאַץ פונעם רעקל און זיך צעוויינט:

— וואָס שטייען זיי, וואָס גייען זיי נישט ווײַטער? וואָס צעפּטרן זיי די גרויסע געטלעכע שעה אויף פּאָליטיש קליינגעלט? וואָס האָבן זיי מורא פאַר די גוים? פאַר סאַנקציעס פאַרכט מען זיך?... כי, כי, האָט ער פלור־צעם גענומען לאַכן. כי, כי, שיין וואָלט געווען, ווען משה רבנו וואָלט זיך געווען דערשראָקן פאַר פרעהלען, כי, כי, מיר וואָלטן קיין תּנך נישט געהאַט און די וועלט וואָלט נישט געהאַט קיין קולטור... גאָט גיט זיי צייכנס און זיי מאַכן פּאָליטישע חשבונות... מיטן פּראָסטן פאַרשטאַנד ווילן זיי באַנעמען גאָטס דרכים... בלינדע זענען זיי, ווײ צו מיר...

ער האָט נישט אָפּגעוואַרט מײַן ענטפער און אָן אַ זײַ־געזונט פאַר־שוווּנדן.

איך האָב אים אייניקע טעג נישט געזען. אַז איך בין אַרײַן צו אים אין דער וועשערײַ, האָב איך אים געטראָפן זיצן אין אַ ווינקל פאַרגליווערט.

ער האָט אויפגעהויבן די אויגן צו מיר און אַ זאָג געטאָן:

— נאָך דאָס האָט געפעלט... גאָט מײַנער, אַפילו פונעם סיני גייען זיי

צוריק... איר פאַרשטייט, אַפּילו פון סיני... איך וועל זיך אַ מעשׂה אָנטאָן... איך קען נישט... איך קען נישט מער לעבן... און ער האָט זיך צעוויינט ווי אַ קליין קינד...

אַרום, אין דער האַלב־טונקלעניש פון דער וועשערײַ, איז געווען ווי נאָך אַ פּאָגראָם: די טישן צעוואָרפן, און אויף דער ערד האָבן זיך געוואַל־געוואַל־ געערט העמדער, אונטערהויזן, לײַבלעך, ווי אברים פון געפאַלענע אויף אַ שלאַכטפעלד. די פּאָר ביכער וואָס ער פלעגט האַלטן לעבן זיך זענען גע־לעגן צעפּיצלטע.

אַז ער האָט דערזען מײַנע אויגן זיך אָפּשטעלן אויף די צעפליקטע בי־כער, האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— איך דאַרף נישט מער קיין ליטעראַטור און פילאָסאָפיע... אַזאַ נאַרישע וואָכעדיקע וועלט איז נישט ווערט קיין שײַנגײַסט... איך דאַרף נישט קיין גרויסע ווערטער אין אַ וועלט פון נעבעכדיקע מעשׂים...

איך האָב אים געפּרוווט באַרויִקן:

— וואָס פאַרזאָרגט איר די וועלט? מיר האָבן ב״ה מיניסטאָרן, זאָלן זיי זאָרגן...

— מיר דאַרפן נישט קיין מיניסטאָרן, האָט ער זיך צעדונערט, נביאים דאַרפן מיר. אונדזער גרויסע צײַט דאַרף נביאים, אָדער די וועלט וועט אונטערגיין.

— זאָל זי אונטערגיין, האָב איך זיך סקעפּטיש צעשמייכלט.

ער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און געשוויגן.

— אַ גוטן, האָב איך געזאָגט, נעמט אײַך נישט צום האַרצן, און בין אַרויס פון זײַן וועשערײַ.

איך האָב אים ווידער נישט געזען עטלעכע טעג.

אין איינעם אַ פאַרנאַכט האָב איך שפּאַצירט אויפן שאָסיי לעבן פּרדס.

פּלוצעם איז ער אויסגעוואַקסן ווי פון דער ערד.

— שלום, האָב איך געזאָגט, וואָס מאַכט איר עפּעס?

ער האָט מיר אַ קוק געטאָן אין די אויגן ווי אַ טרינקענדיקער וואָס זוכט הילף:

— ברודערל, האָט ער אַ כליפּע געטאָן, ברודערל, איר האָט געהערט, מען רעדט דאָך שוין אַז מען וועט עזה אויך צוריקגעבן נאַצערן...

און ער האָט זיך גענומען בעטן בײַ מיר:

— טײַערער... עזה... אַפילו עזה אויך?... איך װעל זיך הענגען... איר הערט, הענגען װעל איך זיך...

— עזה װעט מען נישט אָפּגעבן צוריק, האָב איך גענומען אים טרייסטן

ער האָט מיך אָנגעכאַפּט װי איך װאָלט געװען זײַן רעטער:

— ניין?... איר זאָגט — ניין?

— ניין, מען װעט נישט געבן, האָב איך אים פאַרזיכערט.

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט און מיר גענומען דערקלערן:

— איר פאַרשטייט, געגנוג קאָמפּראָמיסן האָב איך שוין געמאַכט... איין גאָט װייס... נאָר אין גאַנצן קען דאָך דער שטאַרקסטער מענטש נישט אָפּ־געבן... איר פאַרשטייט, װאָס מאָן איך דען?

אַ שטיקל פּיצעניונקעלע עזה, װי אַ ניסעלע די גרייס... איז עס דען אַ סך?... גאָרנישט מיט נישט... נאָר פּאָרט עפּעס... איר פאַרשטייט...

ער האָט פּלוצעם אַן אויסטערלישן שמייכל געטאָן און געזאָגט:

— װאָס װיל דען אַ ייִד?... צום ערשטן װיל ער װערן ראָטשילד... דערנאָך לאָזט ער נאָך פון מקח: ער װיל כאָטש זוכה זײַן צו שטאַרבן אין חודש ניסן...

ער האָט זיך אַליין צעלאַכט, מיט אַ מין דערשראָקענעם געלעכטער, פון אייגענעם װיץ.

בײַ אונדז פלעגט מען רופן אַזאַ געלעכטערל: „לאַכן מיט יאַשטשער־קעס".

איך האָב אַ פיר געטאָן די אויגן איבער אים און ס׳האָט מיך פאַר־קלעמט בײַם האַרצן: ער איז געשטאַנען אַן אומבאַהאָלפענער מיט גרויסע בעטנדיקע אויגן, װי אַ קינד בײַ װעמען מ׳האָט אַרויסגעריסן אַ לופט־באַ־לאָן פון צװישן די פינגער. מיט אויסגעשטרעקטע הענטלעך שטייט עס, דאָס קינד, און דער באַלאָן טראָגט זיך איבער דעכער, העכער, העכער, און צע־פּלאַצט...

— זאָרגט אײַך נישט, מײַן פרײַנד, האָב איך אַרויפגעלייגט מײַן האַנט אויף זײַן אַקסל, זאָרגט אײַך נישט, מײַן פרײַנד, גאָט װעט העלפן, דער אַלטער גוטער גאָט װעט העלפן.

לא ינום ולא יישן שומר ישראל!

# דער וואַלד־רבי

איך האָב באַקומען אַ קורץ בריוועלע פון מײַנעם אַ פרײַנד:

„אויב דו געדענקסט נאָך דעם וואַלד־רבי און ווילסט אים זען, קום צו מיר מאָרגן פאַר נאַכט און איך וועל דיך פירן צו אים".

ס'איז מיר געווען שווער צו וואַרטן ביז מאָרגן. מײַן נײַגעריקייט, ביין, נישט קיין נײַגעריקייט, נײַערט אַ בענקשאַפט, אַ גאַרעניש נאָכן וואַלד־רבין האָט אַ קוואַל געטאָן אין מיר. אַהאַ, מיט וויפל זכרונות די דאָזיקע געשטאַלט איז פאַרבונדן, מיט אַלע מײַנע קינדער־יאָרן איז זי פאַרגלידערט, די געשטאַלט פונעם וואַלד־רבי.

אַז ער פלעגט זיך באַווײַזן בײַ אונדז אין שטוב, האָב איך שטענדיק אַ געפיל געהאַט, אַז עס גייען נאָך מיט אים די וועלדער, די בערג און די טײַכן.

געווען איז ער אַ הויכער, אַ דעמביק־צעוואַקסענער און געדאַכט האָט זיך, אַז פון זײַן ווילדער קאַלטענוואַטער באָרד שמעקן די מאָכן פון וואַלד, און זײַנע גרויסע בלויע אויגן האָבן אין זיך עפּעס פון באַרג־אָזערעס.

— גאָט העלף, פלעגט ער אַ שמאָכע טאָן מיט די קינדיש־ווילדע אויגן און זײַנע גרויסע האָריקע הענט אַ הייב טאָן צו דער מזוזה, — גאָט העלף, ייִדעלעך, גאָט העלף ברידערלעך, גרוסן ברענג איך אײַך, גרוסן פון גאָטס גרינע וועלדער, פון גאָטס בלויע טײַכן. גאָטס גרויסע שיינע וועלט שיקט אײַך גרוסן, ייִדעלעך...

— זיצט, רביניו, פלעגט מײַן מוטער אים אונטעררוקן אַ שטול, זיצט און רוט אײַך אויס און דערנאָך וועט איר אײַך גיין וואַשן צום איבער־בײַסן.

— רוען, האָט ער אַ שמייכל געטאָן, רוען איז נישט קיין ייִדישע מידה, ייִדענע, מען טאָר נישט רוען, שליחים זענען מיר, אײַלן מיר, אייביק אײַלן

מיר אין שליחות. פון די טײַכן לערנען מיר, טײַכן ווייסן נישט פון רו, טײַכן יאָגן, וווהין ס'איז באַשערט זיי צו יאָגן...

אַז ער פלעגט אָפּעסן דעם אָנבײַסן (מער ווי ברויט מיט ציבעלע פלעגט ער נישט טועם־זײַן) האָט ער גענומען אַרומלויפן איבערן צימער ווי אַ שטורעם־ווינט, יאָגן און זינגען תּפילות אויף מאַמע־לשון.

ער פלעגט אַליין פאַרטראַכטן די גראַמען, אויסטערלישע גראַמען — פול מיט ליבשאַפט צו גאָט און זײַן וועלט.

בעת ער פלעגט שוין שטיין בײַ דער שוועל, גרייט צום גיין, פלעגט די מאַמע אים בעטן:

— בענטשט אונדז, רביניו!

פלעגט ער אַרויפלייגן די הענט איבער אונדזערע קעפּ און געטאָן אַזוי צו זאָגן:

— איר זאָלט אײַך צעוואַקסן ווי די וועלדער און פרוכפּערן ווי די פעלדער אין רעגן,

און לויפן, הכנעהדיק, ווי די טײַכן אין גאָטס־וועגן...

אַז מײַן מאַמע פלעגט אים וועלן דערלאַנגען דעם פּדיון, האָט ער אַ ברום געטאָן:

— דער וואַלד־רבי, ייִדענע, נעמט נישט קיין פּדיונות, דער וואַלד־רבי איז נישט קיין „אייניקל”. מײַן טאַטע און די זיידעס מײַנע זענען געווען ייִדן פּראָסטאַקעס, און איך בין פּראָסט ווי זיי, נאָר וואָס, איך האָב מיך אַ ביסל אויסגעלערנט עבודת־הבורא בײַ די וועלדער און טײַכן... איך נעם נישט קיין פּדיון, ייִדענע...

אַז ער פלעגט פאַרשווינדן, איז לאַנג־לאַנג נאָך אים איבערגעבליבן אַ שטילקייט אין שטוב, אַ הייליקע שטילקייט, וואָס דערמאָנט די שטילקייט אין גרויסע לײַדיקע קלויזן חצות...

בעת מײַן פרײַנד האָט צושאָפירט די מאַשין צום מושב־זקנים, האָב איך זיך בשום אופן נישט געקענט אויסמאָלן, ווי אַזוי דער וואַלד־רבי לעבט עס אין אַלטן־הויז; ווי אַזוי קען מען אַ וואַלד, אַ וואַסערפאַל, אַ שטיק צאַפּלדיקע ווילדעניש אַרײַנזעצן אין אַ מושב־זקנים?

אַז אַדלער קען מען אפשר האַלטן אין אַ שטײַג, אָבער אַ ווינט, אַ

שטורעם־ווינט פאַרשפּאַרן אין אַ פיר ווענט צווישן אַלטוואַרג? נישט צום אויסמאָלן זיך...

געטראָפן האָבן מיר דעם וואַלד־רבין אין בית־מדרשל פון מושב־זקנים.

ער איז געזעסן איבער אַ הויפן פּאַפּיר און מיט אַ געגדזענער פעדער געציקלט אותיות. אַז ער האָט דערהערט אונדזערע טריט, האָט ער אויפגעהויבן די אויגן, קינדיש־טרויעריק־פאַרלוירענע אויגן.

— רבי, האָב איך געזאָגט, שלום־עליכם, רבי... דער רבי דערקענט מיך נישט?

— ניין, האָט ער געזאָגט, איך דערקען נישט... נישט נאָר דיך דערקען איך נישט, זיך אַליין אויך נישט... איך בין נישט מער איך...

ערשט איצט האָב איך דערזען, אַז זיינע אויגן פינקלען מיט יענעם פייערל, וואָס צעפלאַמט זיך ביי גייסטיק־קראַנקע.

ער האָט ווייטער גערעדט, נישט קוקנדיק צו אונדז, גערעדט ווי צו זיך:

— אַז אַ בוים אין וואַלד צעוואַקסט זיך, ווערט אַ זקן, קומען העקערס, האַקן אים אויס, לאָדן אים אָן אויף אַ וואָגן און פירן אים אין שטאָט אַריין, צו מאַכן פון אים בענקלעך, טישן, שאַפּקעלעך... און אַז דער בן־אָדם ווערט אַלט, פאַרשפּאַרט מען אים אין אַ מושב־זקנים, מען גיט אים עסן און טרינקען, נאָר גאָרנישט... בנאמנות שלי, אַפילו קיין שענקל, קיין פלעקל פאַר אַ פוס־בענקעלע ווער מען נישט מאַכן פון אים... דאָס פלייש פון בן־אָדם איז טפלער פון בוים־האָלץ.

— רבי, האָב איך געזאָגט, רבי, אָבער דערפאַר האָט דאָך דער בן־אָדם אַ נשמה...

— נשמה, זאָגסטו?! וואָס זשע טוט זי, די נשמה? ווי אַ קראַנקער פויגל זיצט זי אין שטייג פון גוף און קרייעט... קרייעט, און גאָט הערט זי ווי דעם קאָטער...

— רבי, האָב איך געזאָגט, ווי אַזוי איז דער רבי געקומען צו אַזוינע עצבותדיקע מחשבות?... איך געדענק נאָך דעם רבין אין זיין הייליקער שימחה...

ער האָט פאַרגלאָצט די אויגן חסר־דעהדיק און זיך צעשריגן:

— קענסט די מעשה פון בן־מלך ?... כאַ־כאַ, שוין איין מאָל אַ מעשה...

די מעשה איז שוין גאַרנישט פריילעך:

הינטער זיבן שלעסער האָט פאַרשפאַרט זיך דער מלך,

און אַז די קינדער זײַנע נעמען קלאַפּן אין דימענטענעם טויער,

פאַרשטאָפּט דער מלך זיך מיט וואַטע דעם אויער...

כאַ־כאַ, פאַרשטייסט, יונגער־מאַן, ער האָט פאַרשלאָסן זיך, דער מלך, ער דאַרף אונדז נישט...

ער האָט זיך פּלוצעם אַ הייב געטאָן, דער וואַלד־רבי, און אַרויס פון בית־מדרשל.

אונדזער באַגלייטער, אַ פּקיד פון מושב־זקנים, האָט זיך אָנגערופן:

— יאָ, אַ טשיקאַווער ייִד... איר ווייסט, ער זיצט גאַנצע טעג און שרײַבט גראַמען... ער איז נישט בײַם גאַנצן זינען, נאָר פון דעסטוועגן זאָגט ער אַרויס מחשבות פון אַ פילאָסאָף...

אין די פענצטער פון בית־מדרשל האָט געעומען זעצן זיך די זון.

איך בין געבליבן ווי פאַרגליווערט: אין דרויסן, אין פּאַרק פון מושב־זקנים, איז געשטאַנען דער וואַלד־רבי אָנגעלענט אין אַ בוים, מיט די ציטעדריקע פינגער געגלעט די קאָרע, ווי מען גלעט אַ קינד, געגלעט און געוויינט אויף אַ קול.

# דער פריזירער און דער פּאָעט

דערציילט וועגן אים האָט מיר דער פריזירער פון דאָרף ג., בעת ער האָט אײַנגעזייפט מײַן פּנים, האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— איר האָט געזען דעם יונגן־מאַן וואָס איז נאָר וואָס אַדורכגעגאַנגען די גאַס? ער איז אַ פּאָעט...

— וואָס איז אַזוינס אַ פּאָעט? האָב איך זיך געמאַכט כּלא־ידע.

— איר ווייסט נישט, וואָס אַזוינס עס איז אַ פּאָעט? האָט מיך דער פריזירער אָנגעקוקט פון אויבן אַראָפּ, אַ פּאָעט איז אַ מענטש וואָס באַשרײַבט אַלצדינג וואָס ער זעט און הערט — אין גראַמען, אַלץ גראַמט זיך בײַ אים... און חוץ דעם איז אַ פּאָעט אַ מענטש אַ שטיקל משוגענער, ער קען זיך אַרומדרייען אין פּרדס אײנער אַליין און רעדן מיט גראַמען צו די ביימער, און צו די מאַראַנצן און לימענעס אויף זיי... דער פּאָעט איז אַ מענטש, זאָגט מען, בײַ וועמען פון צו פיל שׂכל און געלערנטקייט, איז קאַליע געוואָרן אַ קלעפּקע אין קאָפּ, און דווקא אין אָט דער קאַליע קלעפּקע ליגט דער גאַנצער טאַלאַנט זײַנער...

— אײַ־אײַ, האָב איך זיך פאַרחידושט, אײַ־אײַ, וואָסערע באַשעפענישן עס געפינען זיך אַלץ אויף גאָטס וועלט...

— יאָ, האָט דער פריזירער ווײַטער געזייפט מײַן פּנים, יאָ, איר ווייסט, ווי אַזוי ער לעבט עס דער דאָזיקער פּאָעט? אין אַ קליין אַראַביש הײַזל, האַלב־חורבה, האָט ער זיך באַזעצט און זײַן גאַנץ האָב און גוטס איז אַ ציג, אַ הונט און אַ קאַנאַריק... און איר מיינט, עס פעלט אים עפּעס דעם פּאָעט? אָסור! גאַנצע טעג זיצט ער אויף דער ליימענער פריזבע, פּיפּקעט אַן אַלטע שוואַרצע ליולקע און שרײַבט גראַמען אויף באַבילע פּאַפּיר... און פלוצעם נעמט ער גאָר רעדן צו די פייגל: „שוועסטערלעך" רופט ער זיי, „פייגל־שוועסטערלעך"... עס איז אַ געלעכטער צו דערציילן: איך האָב

אים אַ מאָל מיט מײַנע אייגענע אויגן געזען אַראָפּקניִען צו דער ערד אין פּרדס און געהערט אים אַזוי צו זאָגן: „ברידערלעך־גראָזן, שוועסטערלעך־בלומען, קומט וויינען אין מײַן ליד"...

יאָ, וואָלט, דאַכט זיך, גאָרנישט געוועז צו דערציילן וועגן אים, אַ משוגענער און שוין... איז אָבער דאָס חריפות, וואָס אָט דעם משוגענעם האַלט די וועלט פאַר אַ גאַנצן יאַטעבעדאַם, מען שרײַבט וועגן אים אין די צײַטונגען, מען לויבט אים אין הימל אַרײַן, ער איז אַ גרויסער קאָפּ, שרײַבט מען, נסים ונפלאות דערציילט מען וועגן אים... מ'האָט אַפילו אַ מאָל אָפּגעדרוקט זײַנס אַ בילד אין אַ זשורנאַל, און אַ זשורנאַליסט האָט געקומען בײַ אים אַן אינטערוויו, ווי בײַ אַ מיניסטער... איר פאַרשטייט? אָפּגעריסן, אָפּגעשליסן, משוגע, מטורף, און די וועלט זאָגט איבער זײַנע זאָגעכצער... איך האָב אַ מאָל אויף טשיקאַוועס אַדורכגעלייענט זײַנס אַ גראַמעכץ אין דער צײַטונג, ווי איך בין אַ ייִד, איך האָב קיין וואָרט נישט פאַרשטאַנען... דאָס הייסט, דאָס גראַמעכץ איז געווען דווקא אין מאַמע־לשון, אין ייִדיש, און יעדעס וואָרט באַזונדער האָב איך פאַרשטאַנען, נאָר צוזאַמען האָט זיך עס נישט געקלעפּט... שטערן קומען, בײַ אים, וויינען אויף אַ גאַנצער נאַכט אין מאָכיקן בעט פון אַ ברונעם... יאָ, אַזוי שרײַבט ער... און איינער אַ נביא הענגט זיך אויף, בײַ אים, אויף דער לבנה הענגט ער זיך אויף דער נביא... איר ווייסט פאַר וואָס? יאָ, ווײַל גאָט באַ־האַלט זיך פון אים, און ער, דער נביא, וויל אַז גאָט זאָל זײַן זײַן שכן, אַ טיר לעבן אַ טיר... איר האָרכט דיבורים?...

איך האָב דווקא איין מאָל פאַרקניפּט אַ שמועס מיטן דאָזיקן פּאָעט... איך זאָג אײַך אַ יאָט אַ גוטהאַרציקער, אַ פּראָסטער בײַ זיך...

— פּאַניע פּאָעט, האָב איך געזאָגט, פּאַניע פּאָעט, אַנטשולדיקט מיר, וואָס איך מיש זיך אין אײַערע עסקים, אָבער מיר זענען דאָך שטיקלעך שכנים, וווינען אין איין דאָרף, זײַט אַזוי גוט און דערקלערט מיר, ווי אַזוי לעבט עס אַ מענטש איינער אַליין, ווי להבדיל, אַ בידנער שטיין?...

— און וואָס מיינט איר, האָט ער מיר געענטפערט, דער פּאָעט?

— אַ דאַנק אײַך, ליבער פּריזירער, פאַר אײַער גוטהאַרציקער גע־טרײַשאַפט... אָבער וואָס זאָל איך טאָן, אַז מײַן כלה איז אַנטלאָפן פון מיר. אין איינער אַ לבנה־נאַכט האָט זי זיך אַרויפגעזעצט אויף אַ וואָלקן־פערד

און אָוועקגעריטן צום בן־מלך טרוימעריי. ס'איז איר אומעטיק געווען אין דער ליימענער כאַטע... איר פאַרשטייט, ליבער פריזירער, מײַן קאַנאַריק האָט אַ גאַנצע נאַכט געוויינט נאָך איר, און די שטערן בײַ מײַן פענצטער האָבן זיך דערטראָנקען אין די דימענטענע טײַכן פון ראָסע... פאַר האָרץ־ווייטיק האָבן זיי זיך דערטראָנקען, די שטערן... און איך האָט זיך אָוועק־געזעצט, אויסגעסטרויעט אַ כאַטקעלע פון גראַמען, קיינער זעט נישט די כאַטע, נאָר איך, איך ווין אין איר, ווין און בענק נאָך מײַן כלה...

— איר זענט דאָך אַ פּאָעט, אַ חשובער מענטש, האָב איך געזאָגט, קענט איר אײַך נישט געפינען אַן אַנדערע? קאָרג מיידלעך זענען פאַראַן אויף גאָטס וועלט?

— איך האָב נישט קיין מזל, האָט דער פּאָעט גענומען פּיפּקען זײַן ליולקע, איך האָב נישט קיין מזל, אַדוני פריזירער... איך בין איין מאָל געווען צו גאַסט בײַם מלך פון זאַנזיבאַר, איך בין געשטאַנען פאַר זײַן טראָן און געזאָגט די גראַמען מײַנע, פּלוצעם האָט זײַן בת־יחידה, די בת־מלכה אַ שמאָכע געטאָן צו מיר און דערלאַנגט מיר איר גילדענעם צאָפּ: אַ סימן אַז זי וויל מיך...

מילא, האָב איך געזאָגט צום מלך פון זאַנזיבאַר, מילא, איך בין גרייט צו ווערן אײַער אידעם... ווי אַזוי איך האָב נאָר אַרויסגעזאָגט דאָס דאָזיקע זאָגעכץ, האָט זיך די בת־מלכה פאַרקרימט און אַ זאָג געטאָן „פוי, וואָסערע מיאוסע ווערטער איר באַניצט עס... „אידעם" — פוי, אידעם! און זי האָט אויסגעשפּיגן... איך האָב קיין מזל נישט, פאַניע פריזירער!

— נו, וואָס זאָגט איר אויפן דאָזיקן פּאָעט און אויף זײַנע דיבורים? און מער נאָך, די זעלביקע וואָך איז געווען אין דער צײַטונג אָפּגעדרוקט די גאַנצע מעשה מיטן מלך פון זאַנזיבאַר, די גאַנצע מעשה אין גראַמען... יאָ, יענע וואָך איז פאַרפאָרן אַ לוקסוס־אויטאָ צום פּאָעטס ליימענער כאַטע און עס איז אַרויס פון דער מאַשין אַ דאַמע, אויסגעפּוצט אין עסיק און אין האָניק, און געטראָגן האָט זי אים אַ גאַנצן גאָרטן מיט בלומען... כי, כי, איר זאָלט געווען זען די קאָמעדיע. ער שטייט, דער חסר־דעה'ניק, אָפּגעריסן, אָפּ־געשליסן, פאַר זײַן כאַטע שטייט ער און פּיפּקעט די ליולקע, זי דערלאַנגט אים די בלומען, און ער, ווי נישט אים מיינט מען, ער שטייט און פּיפּ־קעט... איך האָב געמיינט, זי וועט אים אַ שפּײַ טאָן אין פּנים, ווי די בת־

מלכּה פון זאַנזיבאַר... נאָר ניין, נישט געשפּיגן אין פּנים האָט זי אים, נייַערט אים אַרומגעכאַפּט און גענומען האַלדזן און קושן... און ער איז געשטאַנען ווי נישט אים מיינט מען... זיך געלאָזט אָפּקושן, און ווי אַזוי זי האָט נאָר צוגענומען די ליפּן פון אים, האָט ער ווידער גענומען פּיפּקען די ליולקע.

אוי, אַן אויסטערלישע אומה די פּאָעטן, האָט מייַן פריזירער אַ קרעכץ געטאָן, אַ קלעפּקע איז בייַ זיי קאַליע אין קאָפּ... נאָר דווקא אין דער דאָזיקער קאַליע קלעפּקע, זאָגט מען, ליגט זייער גאַנצער טאַלאַנט... נאָר צו וואָס דאַרפן זיי אים, דעם טאַלאַנט?... אַז קיין פּרנסה האָט מען נישט דערפון... און כּבוד איז ווערט אַ שמעק־טאַביק...

דאָ האָט מייַן פריזירער געענדיקט די געשיכטע וועגן פּאָעט און אין דער זעלבער צייַט אויך פאַרענדיקט אָפּראַזירן מייַן באָרד.

אַז איך בין אַרויס פון דער פריזערניע, האָב איך אים דערזען, דעם פּאָעט: ער האָט געשפּרייַזט צום פּרדס צו. אין איין האַנט האָט ער געהאַלטן די שוואַרצע אַלטע ליולקע, און אין דער צווייטער — אַ שטריק, נאָך וועלכער עס האָט נאָכגעהאָפּסלט אַ ווייַס יונג ציגעלע.

# די בעל־מופתטע

ווי נאָר אונדזער מאַשין האָט זיך אָפּגעשטעלט אין דער שכונה ב., האָט מײַן באַגלייטער מיר תיכף אָנגעוויזן דאָס הויז, וווּ זי אַליין, די בעל־מופתטע, וווינט און טוט טאָג־טעגלעך באַוווּנדערנדיקע — באַווײַזן אירע גרויסע נסים.

עס איז געווען אַ נידעריק הײַזל מיט שוואַרצע אָפּגעשיילטע ווענט. אויף די קליינע, רויט־באַרעמלטע פּענצטערלעך זענען געהאָנגען גרינע שטײַגן מיט קרום־שנאָבלדיקע פּאָפּוגײַען. פּאָר דער ערדענער שוועל זענען געלעגן שוואַרצע פּעטע קעץ מיט ווילדע גרינע אויגן.

עס איז געווען אָנהייב אָוונט, און אין שײַן פון דער אויפגעגאַנגענער לבנה האָט דאָס הײַזל, מיט די פּאָר סאַברע־ביימלעך פון פאַרנט, אויסגעזען ווי אַ פאַרצײַטישע וואַלד־כאַטע פון אַ לעגענדאַרער כּישוף־מאַכערין.

כאָטש פון די אַנטקעגנאיבערדיקע הײַזער האָט אַרויסגעלויכטן עלעקטריש ליכט, איז פון דעסטוועגן די אַלטיטשקע אַרויסגעקומען אַנטקעגן אונדז מיט אַן אַלטמאָדישן לאַמטערן, וואָס האָט זיך געטרעסעט אין איר לאַנגער מאָגערער האַנט. אויפן קאָפּ האָט זי געטראָגן אַ טערקישע פאַטשיילע און אין איר מויל האָט זיך, ווי פון זיך אַליין, גערייכערט אַ שוואַרצע הילצערנע פּײַקע.

— גוטן אָוונט, באָבעשי, איז מײַן באַגלייטער איר אַנטקעגן געגאַנגען, גוטן אָוונט, מיר קומען צו אײַך, מיר זענען הילף־באַדערפטיקע, באָבעשי.

— גייט אַרײַן אין שטוב אַרײַן, קינדערלעך, האָט זי שטיל אַ זאָג געטאָן, גייט אַרײַן און וואַרט אויף מיר, איך גיי נאָר מחדש זײַן די לבנה, דערנאָך וועל איך זיך, מיט גאָטס הילף, אומקערן און איר וועט עפענען אײַערע הערצער פאַר מיר און איר וועט, מיט גאָטס הילף, געהאָלפן ווערן.

איך האָב זיך אָפּגעשטעלט און איר נאָכגעקוקט: זי איז אַרויף אויף אַ בערגל, אָוועקגעשטעלט דעם לאַמטערן צופוסנס די סאַברעס און אָנ־

געהויבן מחדש זײַן די לבנה. בעת זי האָט זיך אָנגעהויבן „ווינטשעווען" מיט דער לבנה „שלום־עליכם, עליכם־שלום", האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז צוויי „גלײַכע" באַגריסן זיך, צוויי חברטעס דערלאַנגען זיך שלום, די גרויסע בעל־מופתטע און די קליינע לבנה פירן צווישן זיך אַ שכנישן שמועס...

שפּעטער, אַז מיר זענען שוין געזעסן אין צימער, וואָס איז געווען אָנגעשטעלט מיט ברוינע ספרים־שענק, פון וועלכע עס האָבן, צווישן ספרים, אַרויסגעבליאַסקעט אַלערליי הדסלעך, בשמים־ביקסלעך, פאַרגעלטע שופרות און סלויעקלעך מיט פאַרשידענע פּראָשקעס און וואַסערלעך, האָב איך אַ פרעג געטאָן די אַלטע:

— איז מען זיך נוהג בײַ אײַך, אַז אויך פרויען זענען מחדש די לבנה?

— איך בין זיך אַזוי נוהג, האָט זי געענטפערט מיט גדלות, איך בין זיך נוהג צו גיין מײַן אייגענעם דרך...

— איר שטאַמט, דאַכט זיך, פון מאָלדאָווע? האָב איך אַ פרעג געטאָן.

— איך שטאַם, זוגדעלע, פון שׂרה, רבקה, רחל, לאה, האָט זי אַ שמייכל געטאָן, נאָר געבוירן בין איך אין שטעפּענעשט, אַ קליין ייִדיש שטעטעלע אין מאָלדאָווע.

— האָט איר נאָך אין דער היים עוסק געווען אין נסים־באַווײַזן, אין העלפן נויטבאַדערפטיקע?

— נאָך פון קינדווײַז אָן, האָט זי געענטפערט און זיך פאַרטראַכט, יאָ, נאָך פון קינדווײַז אָן... אָנגעהויבן האָט זיך עס אַזוי: עס פלעגט אַרומגיין בײַ אונדז אין שטוב אַ שוואַרצע, אַלטע קאַץ... איין מאָל האָב איך דערזען, זי ליגט, די קאַץ, און מיאַוקעט יאָמערלעך. זי איז קראַנק געווען און געליטן, ווײַזט אויס, שטאַרקע יסורים... האָט זיך מײַן קינדיש האַרץ פאַרקלעמט מיט רחמנות און איך האָב זיך צעוויינט: גאָט אין הימל, האָב איך געזאָגט, גאָט אין הימל, דערבאַרעם זיך אויף דער אַלטער קראַנקער קאַץ, זעסט נישט, זי לײַדט יסורים... און ווי אַזוי איך האָב נאָר אַרויסגעזאָגט די תפילה, האָט די קאַץ זיך אַ צי אויס געטאָן, זיך אויסגעגענעצט אויף אַ ברייטן שטייגער און אָ פריילעכע אָוועקגעהאָפּסלט... זינט דעמאָלט האָב איך שטענדיק, ווען איך האָב דערזען עמעצן לײַדן, אַ בעל־חי צי

להבדיל אַ מענטש, תּיכף תּפילה געטאָן, און דער אייבערשטער האָט דער־הערט מײַן געבעט, וואָס איז געדרונגען פון האַרצן...

— און ווי לאַנג זענט איר שוין דאָ אין ישׂראל?

— דאָס צווייטע יאָר, זונדעלע, און געלויבט צו גאָט, אויך דאָ האָט זיך נישט אָפּגעטאָן זײַן חסד פון מיר, ער דערהערט מײַן געבעט.

זי האָט זיך אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט אין מיטן רעדן, אונדז באַטראַכט און זיך אָנגערופן:

— וואָס בעט איר פון גאָט? מיט וואָס דאַרפט איר געהאָלפן ווערן?

— עס פעלט מיר יִראת־שמים, באָבעשי.

זי האָט זיך צעלאַכט:

— צי ווייסטו נישט, מײַן זון, אַז הכּל בידי שמים חוץ מיִראת־שמים...

— איר זענט אויך בקי אין די דראָבנע אותיעלעך, באָבעשי?

געלויבט צו גאָט, מען קוקט אַרײַן אין אַ ספר, און דער ווײַבערשער מוח באַנעמט... איך בלעטער אויך דעם רמב״ם, לערן פון אים חכמת־הרפואה, צי אויף אין וואָזאָנען־טעפּ אַלערליי קרײַטעכצער, צערײַב בשׂמים, מאַך אַלערליי זאַלבן...

— הייסט עס, חוץ תּפילה, באַנוצט איר אויך קרײַטעכצער און זאַלבן?

— יאָ, האָט זי געזאָגט, אַ מאָל קומט אויס צו היילן דורך תּפילה און אַ מאָל וויל שיקן דער אייבערשטער די הילף בדרך־הטבע... עס איז וועד־ליק דעם נויטבאַדערפטיקן: איז ער אַ מאמין, איז גענוג מיט אים תּפילה צו טאָן, איז ער שוואַך אין גלויבן, דאַרף מען אים געבן זאַלבן און קרײַ־טעכצער... איך דערקען שוין מיט וואָסער דרך יעדערן צו העלפן.

— קענט איר אויך היילן ראַק־קראַנקע, באָבעשי?

— ניין, האָט זי געענטפערט מיט אַ קול, ווי אָפּוורנדיק אַן אָנגריף, ניין, דער אייבערשטער וויל נישט, אַז מען זאָל זיך אײַנעקשענען אַנטקעגן זײַן עקשנות... פאַראַן שלאָפקייטן, פאַר וועלכע גאָט האָט נאָך דערווײַל נישט צוגעשיקט קיין הילף... וויל איך זיך נישט אַנטקעגן שטעלן זײַן רצון.

— ווי אַזוי ווייסט איר, באָבעשי, דעם רצון פון גאָט?

— איך דערקען אים, זונדעלע, איך פאַרמאַך מײַנע אויגן, דריק זיי פעסט צו און זאָג תּפילה. ווערט מיר בעתן בעטן ליכטיק פאַר די אויגן איז אַ סימן, אַז גאָט האָט אָנגענומען מײַן תּפילה און איך בעט ווײַטער...

גייט, חלילה, אויף אַ פינצטערניש פאַר מײַנע וויִעס, ווייס איך, אַז איך בעט עפּעס וואָס קען נישט געשאָנקען ווערן... און איך האָק אָפּ אין מיטן מײַן תּפילה... איך גיי, חלילה, נישט קעגן רצון פון אַלמעכטיקן.

בעתן רעדן האָט זיך פּלוצעם אויפגעפּראַלט די טיר, און אַ גאַנצע כאַפּטע קינדערלעך האָבן זיך מיט אַ ווילדן רעש אַרײַנגעריסן אין חדרל:

— סבתּא, האָבן אַלע מיט אַ מאָל גענומען שרײַען, סבתּא, תּני לנו „ראָסינקעס מיט מאַנדלען".

די אַלטיטשקע האָט זיך צעשמייכלט, זיך אַ הייב געטאָן און צוגע־האַפּסלט צום שענקל און מיט ציטערדיקע פינגער אַרויסגענומען אַ שקאַר־מוץ און גענומען טיילן פאַר די קינדערלעך.

— עסט געזונטערהייט, אייניקלעך מײַנע, האָט זי טיילנדיק געשעפּ־טשעט, עסט און זאָל אײַך וווּל באַקומען, אייניקלעך מײַנע.

— אַזוי פיל אייניקלעך, קיין בייז אויג, האָט איר, באָבעשי?

— אַלע ייִדישע קינדערלעך זענען מײַנע אייניקלעך... און יעדן אָוונט בין איך זיך נוהג צו טיילן ראָזשינקעס מיט מאַנדלען פאַרן קליינוואַרג, ווער עס עפנט מײַן טיר, באַקומט זײַן חלק.

— איר זענט אַ טײַערע ייִדענע, באָבעשי, האָב איך אַ זאָג געטאָן מיט פרייד.

זי האָט מיך אַ ווײַלע פאַרשנדיק אָנגעקוקט און זיך אָנגערופן:

— האָסט גוטע אויגן, האָט זי געזאָגט, נאָר אַ ביסל פינטלט אין זיי ממזרישקייט, וואָלסטו פאַרמאָגט אַ קאָפּל אמונה, וואָלסטו געווען אַ טײַער קינד.. נאָר דאָס ביסל חוזק אין דײַנע אייגעלעך פאַרטונקלט דיר די וועלט... דו מיינסט, איך ווייס נישט, אַז ביסט געקומען צו מיר מיט דער כוונה אָפּצוחוזקן פון דער באָבעכע... יאָ, יאָ, איך דערקען אײַך, לצים!

— באָבעניו, האָב איך געזאָגט, באָבעניו, זײַט מיר מוחל, און איך האָב אַ כאַפּ געטאָן איר האַנט און זי אַ קוש געטאָן.

זי האָט ווידער פאַרשנדיק אַ קוק געטאָן אויף מיר און געזאָגט:

— נו, נו, דײַנע אויגן לײַטערן זיך אויס, מײַן זון, דו קענסט נאָך, מיט גאָטס הילף, געהאָלפן ווערן.

זי האָט פּלוצעם אַ כאַפּ געטאָן דעם לאָמטערן, וואָס איז געשטאַנען אויף אַ שאַפע מיט ספרים, און גיך אַ זאָג געטאָן:

— ווי איז מיר, איך האָב שיִער פאַרגעסן, איך דאַרף זיך נאָך אַרײַנבערכאַפּן צו אַ קראַנקער אַלמנה, אַן עלנטע נשמה, איך דאַרף איר אַרײַנטראָגן אַ ייַיכל מיט אַ פּאָר גוטע ווערטער. וואָס מיינסטו דאַרף דער מענטש ?... יאָ, אַ מאָל אַ ייַיכל מיט אַ שטיק בולבע און אַ מאָל אַ גוט וואָרט מיט אַ שמייכל... און מען דאַרף אים צוטראָגן צו דער ציַיט, דאָס באַדערפטיקע דעם נויטבאַדערפטיקן...

— קומט, האָט זי אַ זאָג געטאָן צו די קינדער, איצט איַילט זיך די באָבע.

די קינדערלעך, וועלכע האָבן, וויַיזט אויס, נישט פאַרשטאַנען איר יידיש־לשון, האָבן פון דעסטוועגן באַנומען איר פאַרלאַנג און גענומען נאָכלויפן דער אַלטיטשקער, וועלכע האָט מיטן לאַמטערן אין דער האַנט און מיט דער אַלטמאָדישער ליולקע אין מויל, איצט מער נישט אויסגעזען אין מיַינע אויגן ווי אַן כּישוף־מאַכערין, נאָר ווי אַ פאַרציַיטישער צדיק, פאַרקליידט אין משונהדיקע מלבושים.

זי האָט שמייכלענדיק פול מיט גוטסקייט געהאָפּסלט צו דער טיר, דאָס קליינוואַרג הינטער איר, און די קרום־שנאָבלדיקע פּאָפּוגייַען אין די גרינע שטייַגן האָבן זיך צעשריגן אין טונקלעניש:

— ראָזשינקעס מיט מאַנדלען! ראָזשינקעס מיט מאַנדלען!

# ווי אַזוי בודאַ האָט געהאָלפן אַן עולה חדש

אַז דער ייִדישער גאָט זאָל אַ מאָל העלפן אַן עולה חדש זיך אײַנאָר־דענען, האָט מען אַוודאי שוין געהערט, אָבער בודאַ... ווי קומט בודאַ, פאָלג מיך אַ גאַנג, פון דער ווײַטער אינדיע, פון ווײַטע יאָרטויזנטער, צו אַ ייִדן, אַן עולה חדש אין ישׂראל?

די מעשׂה איז אַ טשיקאַווע און דער ייִד איז אַ טשיקאַווער.

איזן איז משה זאַנשײַן אַ ייִד קרוב צו די זעכציק, אַ הויכער, אויס־געווירעטער, ווי אַ בודיסטישער גאָט אין אַן אינדישן טעמפּל. דאָס פּנים מיט דער לאַנגער באָרד, ווי אויסגעהאַקט פון שטיין. די אויגן רוען תּמיד אויף איין פּונקט. אַלץ איז בײַם דאָזיקן ייִד האַרט און שטייניק־רויִק.

דערזען האָב איך אים צום ערשטן מאָל זיצנדיק נעבן זײַן הילצערנעם צריף. עס איז געווען פּאַר נאַכט־צײַט און ער, אַן אָפּגעגאָסענער פון שקיעה־ליכט, האָט געגלאָצט אין דער ווײַטקייט אַרײַן, געגלאָצט ווי אַ נישט דאָיִקער. אַז איך בין אָפּגעשטאַנען אַ לאַנגע ווײַלע, פאַרווונדערט אַנטקעגן דער אויסטערלישער געשטאַלט, וועלכע האָט אַפילו קיין פינטל מיט קיין אויג נישט געטאָן, האָב איך זיך אָנגעגורט מיט דרייסטקייט, זיך דערנענטערט צו אים און זיך אָנגערופן:

— וואָס וועט איר עפּעס זאָגן גוטס, ר׳ ייִד?

— הממם, האָט ער אַ ברום געטאָן, הםם, וואָס שייך זאָגן?... מאַלט אײַך אויס, אַז איך האָב שוין געזאָגט, וועט דען עמעצער דערפון קליגער ווערן?...

— אפשר? ווער ווייסט, האָב איך זיך אַוועקגעזעצט נעבן אים, אפשר וועט איר עפּעס זאָגן און מען וועט יאָ דערפון קליגער ווערן... ווער ווייסט?...

אַז ער האָט גאָרנישט געענטפערט, האָב איך אָנגעווענדט אַ מער קאָנ־קרעטע תּרופה, כּדי אים צו מאַכן רעדנדיק:

— איר זענט, דאַכט זיך, פון וואַרשע... כ׳מיין פון פּראָגע ?...

ער האָט, קוקנדיק ווײַטער פאַר זיך, ווידער אַ ברום געטאָן:

— עט, עט, ווען איך וואָלט עס וויסן ווער איך בין, וואָלט דאָך גע־ווען...

וואָס סע וואָלט געווען, האָט ער נישט דערזאָגט, נאָר ווערדליק די העוויות וואָס האָבן באַגלייט דעם זאָג איז קלאָר געוואָרן, אַז עס וואָלט געווען עפּעס מחוץ לדרך־הטבע...

— איר זענט, איר זאָלט מיר מוחל זײַן, עפּעס אַ שטיק למד־וואָווניק, אַ שטיק ניסתּר...

מײַן לעצטער זאָג האָט אים, ווי עס ווײַזט אויס, אימפּאָנירט. ער האָט פאַר־לוירן אַ ביסל פון שטיינקן, ער האָט אַ וויכן שמייכל געטאָן און געזאָגט:

— איך זע דאָך, איר זענט אַ ייִד אַן עקשן, לאָזט נישט אָפּ דעם קרבן, ווילט אים נייטן דברן, טאָ הערט זשע שכן־לעב: הייסן הייס איך משה זאָנשײַן, בינען בין איך אַ ייִד פון פּוילן, עולה געווען ערשט פאַר אַ וואָך צוויי. מען האָט מיך אַרײַנגעזעצט אין דאָזיקן צריף, געגעבן אַ פּאָר פונט אויף צו קויפן זיך שפּײַז, ווײַן איך דאָ און שפּײַז מיך און מאַך מיר קיין צימעס נישט, ווי אַנדערע, צי וועל איך יאָ באַקומען אַרבעט, צי וועל איך מוזן לייגן די ציין אויף די באַנטעס... אין די צען טויזנט גילגולים וואָס איך האָב שוין דורכגעמאַכט אין משך פון מיליאָרדן יאָרן, און צען טויזנט גילגולים וואָס איך וועל נאָך דורכמאַכן, האָט קיין זנאַטשעניע נישט, צי איך וועל אויף דער ערד דאָ געהערן צו די זאַטע אָדער הונגעריקע... איך לאָז מיר נישט צונעמען מײַן רו צוליב אַזוינע שטותים, מײַן רו, מײַן ניר־וואַנאַ...

— איר רעדט וועגן רו און נירוואַנע, האָב איך זיך פאַרווונדערט, ווי אַ גאַנצער בודיסט רעדט איר...

— נו, איז מה רעש! האָט ער זיך צעשמייכלט, וואָס איז, איך טאָר נישט האַלטן, אַז דער איינציקער אמת, פון אַלע צײַטן און דורות, ליגט אין דער תּורה פון בודאַן?

— חס וחלילה, האָב איך מילד געזאָגט, חלילה, קיינער פאַרווערט אײַך

דאָס נישט. פאַרקערט, אויך איך מיין, אַז בודאַ איז איינע פון די שענסטע געשטאַלטן אין דער מענטשלעכער געשיכטע.

מיט מײַן ליבן בודאַן, האָב איך, ווײַזט אויס, אים אין גאַנצן געווונען.

— איר ווייסט, האָט ער געזאָגט, איר ווייסט, אַז אין זכות פון בודאַן האָב איך איבערגעלעבט די מלחמה, סיביר און קאַטאָרגע... דאָס הייסט, איר דאַרפט נישט מיינען, אַז ער, בודאַ, האָט געשיקט מלאכים מיך אָפּצו־היטן, נאָר פשוט, זײַן תורה האָט מיך געלערנט קלוגע רו, געלערנט קאַלט אויפצונעמען די געשעענישן, נישט אָפּעסן זיך די לעבער... וואָרעם אין וועג צו דער גרויסער לײַטערונג, אין וועג צו נירוואַנאַ, שפּילט עס נישט קיין ראָל, אויב איך פלוני בן פלוני וועל יאָ אַ ביסל פאַרשוואַרצט ווערן צי נישט... איך האָב מיך אויסגעלערנט די קונץ פון אַ שטיין, לאָזן דונערן און בליצן איבער זיך, און קיין פינטל מיט קיין אויג נישט טאָן... איר פאַרשטייט, ברודערל ?...

— יאָ, האָב איך געזאָגט, איך פאַרשטיי... נאָר ווי קומט עס אַזאַ ייִד ווי איר צו בודאַן ?

— אַזאַ ייִד ווי איך, האָט ער אַ שמייכל געטאָן, אַזאַ ייִד האָט כּל ימי חייו עוסק געווען אין חכמת הפילאָסאָפיע, אויסגעדינט אַלע געטער, געווען אַ שפּינאָזיסט, אַ ניטשעאַנער, און צום סוף האָב איך געפונען דאָס ליכט פון אַלע ליכטער — בודאַ!

ער האָט עס אַרויסגעזאָגט ווי אַ תּפילה און צוריק פאַרזיגלט זײַנע לעפצן, פאַרשטיינערט.

איך בין אַ פּאָר טעג געווען צו גאַסט אין חיפה. אַז איך האָב זיך צוריקגעקערט, בין איך תּיכּף אַוועק צום צריף פון אויסטערלישן ייִד און אים נישט געטראָפן.

אויפן שוועל פון דערבײַיִקן צריף איז געזעסן אַ יונגער־מאַן און גע־קנאַקט באַניע־קערן.

— אַנטשולדיקט, האָב איך זיך געווענדט צו אים, צי ווייסט איר אפשר, ווו עס געפינט זיך משה זאַנשײַן ?

ער האָט מיט כּעס אַ שפּײַ געטאָן אַ שאָלעכץ, וואָס ער האָט געהאַלטן צווישן די ציין, און געענטפערט:

— באַקומען אַרבעט... דער אַלטער תּרח, דער מטורף... פּראָטעקציע צו אַל די רוחות! צוויי וואָכן אין לאַנד און אַרבעט שוין, און איך, אַ יונגער־מאַן, דריי זיך שוין דרײַ מאָנאַטן אַרום פּוסט און פּאַס... טפו זאָל עס ווערן!!

— אַנטשולדיקט, צי ווייסט איר אפשר וווּ ער אַרבעט, משה זאַנשײַן?

— אין אַ סקלאַד אַרבעט ער, אָט דאָרט, האָט ער אַ טײַטל געטאָן מיט אַ פינגער, דאָרט פון יענער זײַט שאָסיי.

— אַ דאַנק, האָב איך געזאָגט און זיך טאַקע אַ לאָז געטאָן צום סקלאַד וועלכן מען האָט אָנגעזען פון דער ווײַטנס.

אַז איך בין אַרײַן אינעווייניק, האָב איך אים תּיכּף דערזען, דעם פּאַר־שוין מײַנעם:

ער איז געזעסן, ווי אויסגעהאַקט פון שטיין, די פיס אונטער זיך און געגאַפּט אין חלל אַרײַן.

— שלום, מר זאַנשײַן, האָב איך אַ גרוס געטאָן, וואָס מאַכט איר עפּעס?

— איר זעט דאָך, מען אַרבעט, האָט ער אַ זשמורע געטאָן די אויגן, מען אַרבעט און מען פאַרדינט.

— איצט האָט איר איבעררײַס, מיטאָג־פּויזע?

— ניין, איצט אַרבעט איך...

אַז ער האָט דערזען מײַן פאַרוווּנדערטקייט, האָט ער אַ שמייכל געטאָן:

— דאָס הייסט, אין זיצן און גאַפן באַשטייט מײַן אַרבעט... איך בין אַ שומר, איך זיץ אין הויף דאָ און היט די גאַז־באַלאָנען.

— בראַוואָ, האָב איך זיך דערפרייט, באמת אַ פּאַסיקע אַרבעט פאַר אַ פילאָסאָף... ווי אַזוי האָט איר זי אָפּגעזוכט, די אַרבעט?

— נישט געזוכט, האָט ער אַ לאַך געטאָן, נישט געזוכט און געפונען... דאָס הייסט, זי, די אַרבעט האָט מיך אָפּגעזוכט...

— ווי אַזוי, ר׳ משה?

— פּשוט, געזעסן בין איך פאַר מײַן צריף ווי שטענדיק און אַרײַנגעקלערט אין דער קלוגער רו פון שטערן... געטראַכט, און פּלוצעם דערזע איך, עמעץ שטייט אַנטקעגן מיר, אַ מענטש מיט אַ טעקע שטייט און קוקט אויף מיר.

— שלום, מאַכט צו מיר דאָס מענטשל, שלום, ר׳ ייִד, וואָס קוקט איר אַזוי אין די הימלען? איר זענט אפשר אַ שטערן־זעער?

— בינעו, בין איך וואָס איך בין... זאָג איך, נאָר די שטערן האָב איך ליב, ליב צו לערנען פון זייער אייביק קלוגער רויִקייט...

— און פון דער דאָזיקער ליבע צו די שטערן האָט אַ ייִד פּרנסה?

— פּרנסה, זאָג איך, האָב איך טאַקע נישט, נאָר אַז מען קוקט אויף די שטערן, ווערט לייַכטער דער עול פון פּרנסה־לאָזיקייט... ווי אַזוי זאָגט בודאַ...

און אײדער איך באַווייַז אים צו ברענגען דעם פּסוק פון בודאַן, רופט ער זיך אָן:

— איר זענט אַן אויסטערלישער ייִד... איר געפעלט מיר... זאָגט נאָר, אויב איך זאָל האָבן פאַר אייַך אַ פּאַסיקע אַרבעט, זענט איר גרייט צו אַרבעטן?

— אַוודאי, גרייט, זאָג איך, אַוודאי...

— הערט נאָר, ר׳ ייִד, זאָגט ער, איך האָב פאַר אייַך אַן אַרבעט טאַקע בייַ מיר אין מאַגאַזין... די אַרבעט איז אַ פּאַסיקע פאַר אייַך, איר דאַרפט זיצן און היטן, דאָס הייסט, אַ שומר, אַ וועכטער.

— אַדרבא, זאָג איך, באמת שיין און פייַן, איך דאַנק אייַך...

— דאַנקען, זאָגט ער, דאַרפט איר אייַער בודאַן, וועלכער האָט אייַך אויסגעלערנט אַזוי זיצן און גאַפן אויף די שטערן. איך האָב אייַך דערזען אַזוי גלאָצנדיק, זענט איר מיר תיכף געפעלן... אַ טשיקאַווער ייִד, אַ פילאָ־סאָף...

איצט שמייכלט משה זאָגנשייַן צו מיר און פאַרענדיקט די מעשה:

— און דאָס איז אַלץ, מייַן פרייַנד, איך אַרבעט... און צו דער דאָ־זיקער אַרבעט האָט מיר פאַרהאָלפן מייַן און אונדזער אַלעמענס בודאַ...

# אַ באַגעגעניש

נישט שטענדיק איז דאָס לעבן אַ געניטער רעזשיסאָר, וואָרעם וועלכער רעזשיסאָר וואָלט אַרויפגעפירט אויף דער סצענע די שלמה־המלך־געשטאַלט אין אַן אויטאָבוס פון „אגד" ?...

איך זיץ אַנטקעגן אים אין דער מאַשין וואָס טראָגט זיך איבערן שאָסיי צווישן ווילדן געבערג, וואָס אַרום ירושלים, און ער ווידער זיצט מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן און לאָזט דעם ווינט, וואָס רײַסט זיך דורך די פענצטער, גיין דורך זײַנע משונה לאַנגע וועלכע האָר וועלכע הענגען ווי ווילדע ווײַנטרויבן און פאַרפלאָנטערן זיך בײַם סוף מיט זײַן באָרד, וואָס זעט אויס ווי אַ קנויל פאַרגליווערטע פלאַמען.

מיר האָבן זיך שוין אַ מאָל באַגעגנט אין תּל־אָביב, בײַם ים־ברעג, אין אַ לבנה־נאַכט. ער איז דאָרט געזעסן אויף אַ ריזיקן שטיין, געשמייכלט סודותדיק און געשריבן מיט אַן איילבערט־צווײַג אויפן זאַמד, וואָס האָט געלויכטן אין אָוונט־ליכט. אַז איך האָב זיך דערנענטערט צו אים, האָט ער מאַיעסטעטיש אַ הייב געטאָן די אויגן און אַ ברום געטאָן:

— ווער קומט עס אין מיטן נאַכט צו שפּאַטן פון מלך ?

— חס וחלילה, האָב איך געענטפערט און זיך פאַרבייגט, זאָל גאָט שטראָפן דעם וואָס טראַכט צו שפּאָטן...

ער האָט פאַרשנדיק געלאָזט אַ גיי טאָן די אויגן איבער מיר און געזאָגט :

— אַ וועלט מיט מערישקעס, דראָבנע נישטיקע מענטשן־מערישקעס. ווי קליין זיי זענען, אַזוי גרויס איז זייער טיפּשות !

— אַזוי איז עס, האָט איך צוגעשטימט און זיך אַוועקגעזעצט לעבן אים.

ער האָט, ווײַזט אויס, באַקומען צוטרוי צו מיר און גענומען רעדן ווי מיט אַ לאַנג היימיש־געוואָרענעם :

— איר פאַרשטייט די קונץ, האָט ער זיך צעשמייכלט, באַוויַיזט אײַך מיט אַ קרוין און אַ פּורפּור־מאַנטל, וועלן זיי תּיכּף דערקענען: אַ מלך גייט! דערלאַנגט זיי פיש־יויך מיט געבראָטנס, וועלן זיי תּיכּף דערקענען, אַז עס איז יום־טוב... גרויסע זעערס, קיין בייז אויג...

— גערעכט, האָב איך ווידער צוגעשטימט און פאַררייכערט אַ פּאַפּיראָס. ער האָט פאַרצויגן די ליולקע און גענומען אויסטערליש גאַפן אין דער פינצטערניש...

— און וואָס וויסן זיי דען נישט די מענטשעלעך?! זיי קענען דעם חשבון פון צייַטן און דעם גאַנג פון דורות, וויסן, למשל, אַז שלמה־המלך האָט געלעבט מיט פיר טויזנט יאָר צוריק... און ממילא, איר פאַרשטייט, ווי אַזוי קען ער נאָך הייַנט לעבן, איך מיין, שלמה־המלך... — איר מיינט טאָקע באמת, אַז דאָס לעבן איז אַ פּורים־שפּיל? אַז יאָרטויזנטער בייַטן זיך ווי דריי־בינעס? אַז דורות גייען אַרויף און אַראָפּ ווי אַקטיאָרן פון דער בינע?... עט, טיפּשות!... ער האָט נאָך אַ מאָל פאַרצויגן די ליולקע:

— איר הערט, וואָס איך זאָג אייַך, האָט ער אַ ברום געטאָן מאַיעסטעטיש, איר הערט, וואָס איך זאָג אייַך! אייביק, אייביק לעבן זיי, די מענטשן, זיי באַהאַלטן זיך נאָר אַ רגע, צוליב שפּיל באַהאַלטן זיי זיך אויף אַ רגע אין קבר און שטייען ווידער אויף... כי־כי, איר הערט: זיי שטייען אויף ווי־דער, אייביק לעבן זיי, די גרויסע מענטשן!

אין זייַנע אויגן האָבן זיך צעפלאַמט שגעון־פייַערלעך:

— כי־כי־כי, דערפאַר גאַפן אַזוי די קליינע מענטשעלעך, בעת איך באַווייַז מיך צווישן זיי און זאָג זיי פּראָסט און פּשוט אויס מייַן נאָמען...

ער האָט זיך אויפגעשטעלט מיט מלכותדיקער גאווה, אויפגעהויבן דעם רויטן צעשויבערטן קאָפּ.

— איר ווייסט דאָך נישט מסתּמא ווער עס שטייט פאַר אייַך. איר מיינט, אַז עס איז בייַ מיר אַ וואָזשנער ענין, צי דאָס פּעבל גלייבט מיר יאָ צי נישט, אַז איך בין שלמה־המלך... איך דאַרף נישט די הסכּמה פון געמויזעכץ...

זייַן קול איז פּלוצעם טרויעריק געוואָרן:

— נאָר ווייסט איר, וואָס ס׳מאַכט יאָ ווייַנען מייַן האַרץ... זייער רשעות: נישט נאָר די קעניג־שטול האָבן זיי מיר אַוועקגענומען, נאָר

אויך זי, שולמיתן מײַנע... אין אַ טורעם, אין אַ שטיינערנער וואַנט האָבן זיי זי פֿאַרמויערט...

ער האָט אָנגעהויבן אַרומלויפֿן איבערן ים־ברעג, זײַן קול האָט זיך געריסן, געפּרוּווט אַריבערשרײַען דעם ים־רויש. איך האָב פֿאַרלוירן דעם מלכּס געשטאַלט פֿון די אויגן.

איצט זיץ איך ווידער אַנטקעגן אים, דאָס מאָל אין אויטאָבוס, וואָס יאָגט זיך צווישן ירושלימס ווילדן געבערג. אין אַ קליינעם יישוב, וואָס ליגט ווי אויסגעהאַקט אין פֿעלדזיקן געבערג, איז ער אַראָפּ פֿון דער מאַשין, איך בין אים נאָכגעגאַנגען.

ער האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו מיר און אַ פֿרעג געטאָן:

— ווּהין גייסטו, ווּהין?

— אײַך באַגלייטן, האָב איך געענטפֿערט... מעג איך?

— יאָ, יאָ, האָט ער שטיל אַ ברום געטאָן, אַז דו ווילסט קענסטו קומען.

און פּלוצעם האָט ער אַרויפֿגעלייגט זײַן האַנט אויף מיר און גע־זאָגט מיט פֿרייד:

— צי ווייסטו, אַז אויב מען וויל עפּעס גאָר גאָר שטאַרק פֿון האַרצן, טוט גאָט צוליב? מײַן שולמית געפֿינט זיך שוין אין מלך שלמהס היילן?

— געלויבט צו גאָט, האָב איך געענטפֿערט אַ דערפֿרייטער.

— אַ לויב צו גאָט און אַ לויב צום מלך שלמהס חכמה...

ער האָט געעפֿנט אַ קליין שמאָל טירעלע צווישן פֿעלדזן, און מיר זענען אַרײַן אין אַ מין הייל. אין דער האַלב־טונקלעניש האָב איך דערזען אויף דער ערד צווישן שמאַטעס זיצן אַ קליינע פֿרויען־געשטאַלט, לעבן איר האָט אַ ציגעלע געקײַט שטרוי.

— שלום צו שולמיתן! האָט ער אַרויסגעקוואָלן אַ צעשטראַלטער.

— סקאָצל קומט, שלמהלע, האָט דאָס דינע קוויטשיקע קולעכל פֿון דער פֿרוי אָפּגעענטפֿערט.

איך האָב זיך אײַנגעקוקט אין איר און אויפֿגעציטערט:

— גאָט מײַנער! עס איז דאָך שיינדעלע... די משוגענע שיינדעלע... אין

קפריסין האָבן מיר אַ יאָר צײַט געוווינט אין לאַגער זיבעציק, אַ צעלט קעגן אַ צעלט...

— שיינדעלע, האָב איך אַ ברום געטאָן...

— יאָ, שיינדעלע, האָט זי טרויעריק אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ...

ער האָט אַ פיר געטאָן די אויגן איבער אונדז און שטרענג אַ זאָג געטאָן:

— מען דאַרף נישט... מען דאַרף נישט רופן אַזוי...

— גערעכט, האָב איך געזאָגט, האָסט רעכט.

ער האָט אַרויפגעלייגט די האַנט אויף מיר, שאַרף אַרײַנגעקוקט אין די אויגן, און מיט אַ זשעסט פון אַ לערער, וואָס פאַרריכט אַ גרײַז בײַם תּלמיד, האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— דו מיינסט, אַז די זאַכן זענען דאָס וואָס זיי זענען?... זיי זענען בלויז דאָס וואָס מיר ווילן זיי זאָלן זײַן...

אַלע דרײַ האָבן מיר אַ לאַנגע ווײַלע געשוויגן.

אין דער אָפענער טיר פון הייל האָט סודותדיק ירושלים אויפגע־לויכטן, און איבערן איילבערטן־בוים בײַ דער הייל איז אויפגעגאַנגען די פולע לבנה — דאָס אַלטע גוטע פּנים פון יהושוע בן נון.

# דאָס הויז פון די ווײַסע ברידער

שוין די דריטע וואָך, אַז איך האָב זיך אַרײַנגעצויגן אין מײַן נײַער דירה אין רחובות, און יעדן טאָג בלײַב איך שטיין בײַ מײַן פענצטער און מײַנע אויגן לויפן נײַגעריק אַרום דעם איינשטאָקיקן הויז, וואָס שטייט אַנטקעגן איבער.

אַ הויז אַ בלוי געפּאַרבטס, מיט גרויסע פּילקאָליריקע שויבן. אין קליינעם גערטנדל, פון פאָרנט, שטייען אַ צענדליק טויבן־שלאַקן פול מיט די ווײַסטע טורטל־טויבן.

ווער ס׳איז געווען דער בעל־הבית פון הויז איז מיר שווער געווען צו דערגיין.

די מענטשן וואָס גייען אַרײַן דורכן בלויען טויער אַהין זענען מער ווי אַ צענדליק און ס׳איז שווער צו וויסן, ווער צווישן זיי איז בעל־הבית און ווער גאַסט.

צווישן אָט די אַלע אַרײַן־און־אַרויסגייער איז מיר באַזונדערס אויפֿגעפאַלן אַ מאַן אין די מיטעלע יאָרן, אַ הויכער, מאָגערער מענטש מיט אַ בלאָנדער שפּיץ־באָרד און גרויסע, בלוי־פאַרחלומטע אויגן. זײַן טראָט איז אַ פּאַמעלעכער, אַ פאַרטראַכטער, ווי יעדער שפּאַן וואָלט זיך פריִער באַקלערן: איז כדאַי אַ שפּאַן צו טאָן?

אין איינעם אַ פאַרנאַכט, בעת דער דאָזיקער אויסטערלישער מאַן איז געשטאַנען אין גערטנדל און געגאַפט מיט אַ פאַרריסענעם קאָפּ צום הימל, וואָס איז פול געווען מיט די פליִענדיקע טויבן, האָב איך זיך דערנענטערט צום טויערל און שטיל אַ זאָג געטאָן:

— אַהאַ, סאַראַ וווּנדערלעכע שיינקייט!... סאַראַ ווײַסער, ווייכער טויבן־פלי אין הימל־בלוי...

ער האָט מיך אַ רגע אָנגעקוקט, ווי ער וואָלט וועלן פעסטשטעלן צו וואָסער סאָרט מענטשן איך געהער, און דערנאָך זיך אָנגערופן.

— סע פרייט מיך, וואָס אַ מענטש קען נאָך נתפּעל ווערן פון שיינ־קייט... סע פרייט מיך...

— יאָ, האָב איך געזאָגט, יאָ, איך האָב ליב די שיינקייט.

איצט האָט ער גענומען רעדן צו מיר ווי ער וואָלט ממשיך געווען שוין אַ פון לאַנג־אָנגעהויבענעם געשפּרעך:

— איר ווייסט, האָט ער געזאָגט, איר ווייסט, אין יאָגעניש נאָך טאָג־טעגלעכע „גליקן" האָט ער פאַרגעסן אין תּוך... ער האָט פאַרגעסן אין תּוך, דער מענטש פון אונדזער צײַט...

— אַזוי איז עס, האָב איך באַשטעטיקט.

ער האָט מיט מילדקייט אַ פיר געטאָן די אויגן איבער מיר:

— איר זענט, דאַכט זיך, דער שכן פון אַנטקעגן איבער?...

— יאָ, האָב איך געזאָגט, דרײַ וואָכן ווױן איך דאָ... יאָ... און אַלע דרײַ וואָכן קוק איך צו אײַער הויז... אָדער בעסער געזאָגט: עס ציט מיך אַהין...

ער האָט מיך צאַרט און מיט ליבשאַפט אַרומגענומען מיט זײַנע בלויע פאַרחלומטע אויגן און געזאָגט:

— די טויערן פון הויז זענען פאַר אײַך אָפן... מיר וואַרטן אויף אײַך.

— אַנטשולדיקט, האָב איך געזאָגט, ס'איז מיר נישט אין גאַנצן קלאָר, ווער איז דער בעל־הבית פון הויז... איך מיין...

ער האָט אַ שמייכל געטאָן:

— נישט פאַראַן קיין בעל־הבית, מיר זענען אַ גרופּע מענטשן, מענטשן פון איין וועלט, פון איין גײַסטיקער ספערע... מיר זענען די ווײַסע ברי־דער...

— די ווײַסע ברידער?...

— יאָ, האָט ער געזאָגט און אַרויפגעלייגט זײַן האַנט אויף מיר, יאָ, און איר... איר ווייסט עס נאָך נישט... איר אַליין זענט אויך, פון געבורט אויס, איינער פון די ווײַסע ברידער... איך... איך דערקען אײַך... קומט צו די ברידער אײַערע... מיר וואַרטן אויף...

בעת איך בין אַריַין אין דער טיר פון סודותדיקן הויז, האָט אויף מיר אַ פלייץ געטאָן אַ גאַנצער ים מיט אויסטערלישע ריחות: ס׳איז געווען אַ געמיש פון בשׂמים־גערטנער און קלויסטער־ווייַרעך. איך האָב נישט גע־ווּסט פון וואַנען פלייצט עס אויף מיר מיט אָט די אַלע פאַרפומען: כוואַ־ליעט עס פון די בלוי־באַלויכטענע צימערן אָדער פון דער פרוי, וועלכע האָט מיר געעפנט די טיר.

ס׳איז געווען אַ ווונדערלעכע פרוי, הויך ווי אַ סאָסנע, מיט צוויי ביז דער טאַליע שווערע בלאָנדע צעפּ. די אויגן אויסטערליש גרינע, ווי אָזע־רעס אין וואַלד־געדיכטס.

זי האָט נישט געענטפערט אויף מייַן שלום, נאָר אַ שווייַגנדיקע מיך גענומען פאַר דער האַנט און אַרייַנגעפירט אין אַ בלוי־באַלויכטענעם צי־מער, וואָס איז פול געווען מיט אַלערליי סקולפּטורן...

לעבן אַ נישט־פאַרענדיקטער פיגור איז געשטאַנען דער בלאָנד־באָרדיקער און בלוי־אויגיקער מאַן און געפורעמט די נאַר־וואָס אָנגעהוי־בענע ליפּן אין גיפּס.

אין ווינקל איז געזעסן אַ יונגער־מאַן און געשפּילט אויף אַן אָרגל עפּעס פון באַכן.

— פילט אייַך היימיש, האָט מילד געזאָגט דער בלאָנד־באָרדיקער, פילט אייַך היימיש, איר זענט ביי אייַך אין דער היים...

— אַזאַ מיסטיש־סודותדיקע וועלט, האָב איך אַ שטאַמל געטאָן.

— אַלע וועלטן זענען מיסטיש־סודותדיק, האָט ער געענטפערט, נאָר דער וואָכן־מענטש האָט פאַרשפּאַרט זיך פון יענער זייַט וועלט... און מיר, מיר ווילן אים עפענען צוריק דעם טויער, דעם טויער צו דער אמתער וועלט.

אַז ער האָט באַמערקט, ווי איך קוק דערשטוינט אויף דער פרוי מיט די אָזערע־אויגן, האָט ער זיך אָנגערופן:

— ס׳איז מייַן פרוי... אַ שטומע איז זי... דאָס הייסט, נישט פון גע־בורט... נאָר אַ נדר האָט זי געטאָן אַ לעבן־לאַנג נישט צו רעדן...

— אַ נדר? האָב איך איבערגעפרעגט...

— יאָ, אַ נדר, האָט ער טרויעריק אַ שמייכל געטאָן, אָנגעפּלאַפּלט זיך אַ סך נאַרישקייטן, אַ סך פּאַסקודסטווע... פאַר דער ענקאַוועדע גע־פּלאַפּלט... געצוווּנגען זי צו פּלאַפּלען, אָבער ס׳איז נישט קיין פאַרענטפע־רונג... געדאַרפט זיך לאָזן שיסן און נישט פּלאַפּלען... יאָ, דערנאָך, ערשט שפּעטער, ווען זי איז געוואָרן איינע פון די ווײַסע שוועסטער, האָט זי אַליין באַשטראָפט זיך: צײַט צו שווײַגן, האָט זי געזאָגט צו זיך, צײַט צו שווײַגן, נאַטאַשאַ!

— איר זענט געקומען פון ראַטנפאַרבאַנד?

— יאָ, פון ראַטנפאַרבאַנד, האָט ער אַ קרעכץ געטאָן, מיר שטאַמען פון רוסלאַנד, איך אַ רוסישער ייִד און מײַן פרוי טאַקע אַ פּראַוואָסלאַווגע...

— שוין אַ סך יאָרן פון רוסלאַנד?

— אַ יאָר פופצן... אַ לאַנגע געשיכטע... און אפשר נישט אַזוי לאַנג, געמאָסטן מיט דער אייביקייט... יאָ, געווען אַ מאָל אַ קאָמוניסט, געאַר־בעט אין לענינגראַד אויף אַ הויכן מלוכה־פּאָסטן, ביז... נו, ביז איך האָב נישט געקענט מער פאַרטראָגן דאָס גאַנצע שוידערלעכע פּאַסקודסטווע און בין אַנטלאָפן... יאָ, בעת איך בין געווען אויף אַ קאָמאַנדיראָווקע נאָענט צו דער פּערסישער גרענעץ...

— און אײַער פרוי?...

— זי איז נאָך נישט געווען מײַן פרוי... אַ שוועסטער בלויז פון די ווײַסע שוועסטער...

— האָט איר נאָך אין ראַטנפאַרבאַנד געהערט צו די „ווײַסע ברי־דער״?

— יאָ, נאָך אין ראַטנפאַרבאַנד...

ער האָט זיך פאַרטראַכט און מיט אַ מיסטיש קול גענומען דערציילן:

— דווקא אין ראַטנפאַרבאַנד, מער ווי אין יעדן אַנדערן לאַנד, איז דאָ די געגעבנקייט פאַר מיסטישער אַנטפּלעקונג... וואָרעם ווו די „ווירק־לעכקייט״, דאָס טעגלעכע לעבן, איז שווערער און דערדריקנדיקער, דווקא דאָרט אַנטפּלעקט זיך פאַרן זוכנדיקן מענטש דער טויער צו דער וועלט פון אמתער ווירקלעכקייט... יאָ, נאָך אין לענינגראַד זענען מיר געווען שוועסטער און ברידער פון דער „ווײַסער לאָזשע״.

— ווי אַזוי... איך מיין... ווי אַזוי האָט איר געפונען דעם וועג צו דער „ווײַסער לאָזשע״ ?

זײַנע אויגן האָבן זיך צעלויכטן עקזאַלטירטע :

— דער אמת־זוכער געפינט... און חוץ דעם, זענען שטענדיק גרייט און דרייען זיך אַרום צווישן אונדז די שליחים פון די ווײַסע ברידער, די שליחים וואָס ווערן געשיקט צו אונדז פון די העכערע קאָסמישע ספערן, דאָס הייסט, פון יענער זײַט ערד, פון יענער זײַט גוף... פון דער וועלט פון איבער־ערד, איבער־גוף...

ער האָט, ווײַזט אויס, באַמערקט מײַן פאַרחידושטקייט, האָט ער זיך אָנגערופן :

— איצט זעען איַך, אפשר, מײַנע רייד אויס אָבערגלויבישע, פאַנאַטיש־אַבסטראַקטע, נאָר אַז איר וועט לאַנג זײַן מיט אונדז און לערנען תּורה, וועט איר דערקענען אַז ס׳איז וואָרער פון וואָר... קומט, ווערט היימיש...

ער האָט מיך גענומען פאַרן אָרעם און אַרײַנגעפירט אין אַ קליינעם רויט־באַלויכטענעם צימער. אויפן פערסישן דיוואַן, וואָס איז געווען אויס־געשפרייט אויפן דיל, זענען געזעסן אייניקע מענער און פרויען. לעבן איטלעכן האָט געברענט אַ קליין טעפּעלע, ווי אַ פײַער־בלום.

אַלע זענען געזעסן מיט שיכּור־מיסטיש־פאַרגלאָצטע אויגן.

אין ווינקל איז געווען אַ פאָרהאַנג, פון הינטער וועלכן ס׳האָט זיך געגאָסן אָרגל־מוזיק.

— זיצט, האָט דער בלאָנד־באָרדיקער מיר אָנגעוויזן אויפן דיוואַן, זיצט און וואַרט מיט אונדז... מיר דערוואַרטן הײַנט שליחים פון יענער זײַט... פון יענער זײַט ערד, פון יענער זײַט גוף...

איך האָב זיך געזעצט צווישן אַלע וואַרטנדיקע...

איך ווייס נישט וויפל מינוטן עס זענען פאַרגאַנגען... פּלוצעם האָט דער בלאָנד־באָרדיקער אַ שטאָמל געטאָן מיט אַ נישט־דאָיִק קול :

— זיי זענען... זיי זענען געקומען...

עס איז דורך אַ ציטער דורך אַלע ווײַסע שוועסטער און ברידער, ווי זיי וואָלטן דערזען אָדער דערהערט די שליחים...

איך האָב קיינעם נישט געזען און געהערט... קיינעם, חוץ די ווונדער־לעך־שיינע פרוי מיט די שווערע גילדענע צעפּ און גרינע אויגן.

זי איז געזעסן לעבן מיר, די דאָזיקע וואָס האָט אַ נדר געטאָן אַ לעבן לאַנג צו שווייַגן... און איך בין זיך מודה: איך בין נישט געווען ווייניקער פאַרשיכּורט ווי אַלע ווייַסע ברידער און שוועסטער... נאָר מייַן שיכּרות איז נישט געקומען צוליב דער נאָענטקייט מיט די „שליחים פון יענער זייַט"... נאָר צוליב דער ווונדערלעכער נאָענטקייט פון דער ערדיש־גופּי־קער פרוי מיט די גרינע אָזערע־אויגן...

# שרעק

מיט אייניקע וואָכן צוריק האָט ער זיך אַרײַנגעצויגן אין דער הײַזקע אַנטקעגן איבער מײַן גאָרטן, און פון ערשטן טאָג שוין איז ער מיר אויפֿגעפֿאַלן מיט זײַן אויסזען און פירונג. אויף זײַן הויכן ברייט-פּלייציקן גוף האָט זיך געוויגט אַ קליינער פויגל-קאָפּ מיט אַ ווילדער טשופּרינע, זײַן גאַנג איז געווען אַ באַהעמיש-נעגליזשענטער, ווי יעדער טראָט וואָלט צו וויסן געטאָן: נאַרישקייטן, מיך אַרט נישט וואָס איקס איפּסילאָן טראַכט וועגן מיר, איך גיי מיר מײַן אייגענעם דרך...

די קליינע שײַבעלעך פון זײַן כאַטע זענען שטענדיק געווען פֿאַרהאַנגענע מיט פֿאָרהענגלעך וואָס האָבן זיך סודותדיק געוויגט, ווי זיי וואָלטן פֿאַרהוילן אַ וואַזשנע, ביז גאָר וויכטיק געהיימניש וואָס שפּילט זיך אָפּ אינעווייניק אין די שטיבער. ערשט אויפֿן דריטן טאָג האָט ער אַרויסגעהאָנגען אַ שילדעלע: „פּנחס גראָזמאַן, שטובנמאָלער". איך האָב אָנגעקלאַפּט אין דער טיר און אַרײַן.

ער איז מיר אַנטקעגן געלאָפֿן און פֿאַרהאַלטן אין פֿאָדערהויז, נישט געוואָלט, ווײַזט אויס, אַז איך זאָל אַרײַן אין שטוב. אין זײַן יעדער באַוועגונג איז געווען עפּעס ענלעכס צו די פֿאָרהענגלעך אויף זײַנע פענצטער: ער היט אַ וואַזשנע געהיימניש...

— איר זענט פּנחס גראָזמאַן דער שטובנמאָלער?

— יאָ, האָט ער שמייכלענדיק געענטפֿערט, יאָ, פּנחס גראָזמאַן דער שטובנמאָלער.

דאָס וואָרט „שטובנמאָלער" האָט ער אַרויסגעזאָגט מיט סודותדיקער איראָניע, ווי אַ שטייגער אַ בן-מלך וואָלט זיך באַהאַלטן אין לבוש פֿון אַ שוסטער...

— איך וויל איבערמאָלן מײַנע שטיבער, האָב איך געזאָגט, קענט איר עס אפשר טאָן?

— דערצו בין איך דאָך באַשאַפן, דערצו בין איך דאָך דאָ כּדי צו מאָלן שטיבער, האָט ער זיך ווייטיקלעך צעלאַכט, אַוודאי בין איך גרייט, איך מוז דאָך פֿאַרדינען...

מיר האָבן אָפּגערעדט אַלע פּרטים, זיך אויסגעגלײַכט וועגן פּרײַז און באַשטימט, אַז מאָרגן קומט ער אָנהייבן מאָלן.

אַז איך בין שוין געשטאַנען בײַ דער טיר, גרייט אַוועקצוגיין, האָט דער ווינט זיך אַרײַנגעמישט, אַ פּראַל אויף געטאָן די טיר צו זײַן צימער און איך האָב דערזען: אַן אַטעליע, אַן אָרעמען אַטעליע פֿון אַ קונסטמאָלער... נישט פֿאַרענדיקטע לײַוונטן האָבן מיט בונטע פֿאַרבן געלויכטן אין זונען־שײַן.

ער האָט אומבאַהאָלפֿן אַ שטרעק געטאָן די האַנט, געוואָלט אויף גיך צוריק פֿאַרמאַכן די טיר, נאָר, ווײַזט אויס, דערפֿילט אַז ס'איז שוין צו שפּעט, האָט ער פֿאַרלוירן אַ שמייכל געטאָן:

— עט, ייִנגלשע שטיק... איך שפּיל זיך אַ מאָל אין פֿאַרבן־חלומות... מאַליעווע בילדער... אָבער מיינט נישט, אַז איך האַלט זיך פֿאַר אַ קינסט־לער... איך בין אַ פּשוטער שטובנמאָלער.

— נישט וויכטיק, האָב איך געזאָגט, נישט וויכטיק וואָס איר האַלט וועגן זיך, דער עיקר זענען די לײַוונטן, זיי האָבן צו זאָגן... יאָ, זיי זאָגן אַז איר זענט אַ קינסטלער, אַ קינסטלער פֿון גאָטס גענאָד...

ער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ ווי אַ פֿאַרשעמט אַכצן־יאָריק מיידל:

— עט, איר איבערטרײַבט... ס'איז אַ ביסל פֿאַרבן־קאָמבינאַציע מיט אַ קאַפּל חלום... און מער גאָרנישט...

איך האָב דערפֿילט אַז איך דאַרף זיך נישט אַרײַנלאָזן מיט אים, אויף איין פֿוס, אין די דאָזיקע ענינים... איך האָב אָפּגעלייגט אויף שפּעטער מײַנע פֿאָרשונגען אַרום דער סודותדיקער געשטאַלט פֿון דאָזיקן טשיקאַוון קינסטלער...

בעת ער איז געשטאַנען אויפֿן לייטער און געמאָלט מײַנע ווענט, האָב איך אַ פֿרעג געטאָן:

— זאָגט נאָר, ליבער מענטש, פֿאַר וואָס באַהאַלט איר זיך מיט אײַער

קונסט ?... זײַט מוחל מײַן דירעקטן אָרײַנקריכן אין אײַערע סענטימענטן...

ער האָט, װיזט אױס, געפילט אַז ס'װעט אים שױן נישט העלפן דאָס אַרױסדרייען זיך, האָט ער אַ רעזיגנירטן שמייכל געטאָן און געזאָגט:

— פּשוט, מײַן פרײַנד, פּשוט, די שרעק...

— איך פאַרשטיי נישט, האָב איך געזאָגט.

ער האָט זיך צעלאַכט:

— װאָלט איר אױפגעצױגן געװאָרן, װי איך, אין ראַטנפאַרבאַנד, װאָלט איר יאָ פאַרשטאַנען...

— איר קומט פון ראַטנפאַרבאַנד, נישט פון פױלן?

— יאָ, פון ראַטנפאַרבאַנד דורך פױלן.

— זענט איר אין ראַטנפאַרבאַנד געװען אַ כודאָזשניק אָדער אַ שטובנ־מאָלער?

— אַ כודאָזשניק, האָט ער זיך צעשמייכלט, אַ כודאָזשניק... פאַר־שטייט זיך, אױף װיפל מען קען עס זײַן אין ראַטנפאַרבאַנד אַ קינסטלער...

— איך בעט אײַך, דריקט אײַך אױס אַ ביסל קלאָרער, האָב איך געזאָגט.

— גוט, האָט ער געענטפערט, איך װעל פּרוּװן זײַן קלאָר און לאַ־קאָניש... אָט אַזױ, מאָלט אײַך אױס, מײַן פרײַנד, מאָלט אײַך אױס אַ קינסט־לער, װעמענס הערשער ס'איז נישט די מוזע נאָר... נאָר אַ נאַטשאַלניק... נישט די אינספּיראַציע פירט אים, נאָר די פאַרטיי־ליניע... מאָלט אײַך אױס אַ קינסטלער, װאָס דאַרף אײביק ציטערן געשטרױכלט צו װערן דורך קאָנטררעװאָלוציע... און די זינד האָט טױזנטער געשטאַלטן: „קליינ־בירגערלעכער נאַציאָנאַליזם", „קאַפּיטאַליסטישער מיסטיציזם", „מיטל־אַלטערלעכער סימבאָליזם" און אַזױ װײַטער... און די געפאַר װאָס לױערט אױף אײַך איז נישט די שלעכטע קריטיק פון אַ קריטיקער, נאָר פּשוט... פּשוט, סיביר...

— יאָ, מײַן פרײַנד, אַ קינסטלער אין ראַטנפאַרבאַנד איז מקנא דעם פּשוטן שטובנמאָלער. װאָס קלענער, װאָס אומבאַקאַנטער איז בעסער פאַר אײַך... אָ, װי איך האָב עס געחלומט אין אָדעס צו זײַן אַ פּשוטער שטובנ־מאָלער... נאָר ס'איז שױן געװען פאַרפאַלן, איך האָב שױן געהאַט אַ נאָמען, בין שױן געװען באַרימט...

— איך פאַרשטיי, מײַן פרײַנד, האָב איך געזאָגט, איך פאַרשטיי און

ס׳איז מיר נישט אין גאַנצן אומבאַקאַנט די לאַגע פון אַ קינסטלער אין ראַטנפאַרבאַנד... אָבער, איר געפינט זיך דאָך אין ישׂראל... און דאָ — פאַר וועמען האָט איר דען מורא צו האָבן, פאַר וועמען דאַרפט איר זיך דאָ אין ישׂראל באַהאַלטן מיט אײַער קונסט ?...

ער האָט זיך טרויעריק צעלאַכט :

— וואָס הייסט, דאָ ?... זענען אין דער עפּאָכע פון קינסטלעכע לבנות פאַראַן גרענעצן ?... ווער קען מיר גאַראַנטירן, אַז „זיי" וועלן מיר נישט נאָכיאָגן ביז אַהער ? ווער קען גאַראַנטירן, אַז „זיי" וועלן מיט דער צײַט נישט קומען אויך אונדז „באַפרײַען" ?...

— איך פאַרשטיי אײַך ווידער נישט... דאָס הייסט, איך פאַרשטיי נישט אײַער קרענקלעכע שרעק, האָב איך געזאָגט, איך פאַרשטיי אײַך נישט, מײַן פרײַנד.

ער האָט פּלוצעם אויף גיך גענומען טונקען די באַרשט אין עמער מיט פאַרב און נערוועז אָנגעהויבן שמירן די ווענט, און מאָלנדיק גערעדט ווי צו זיך אַליין :

— יאָ, יאָ, אַ נישט־דאָרטיקער קען עס נישט פאַרשטיין... אַ נישט־דאָרטיקער באַנעמט נישט דעם באַטײַט פון שרעק... איר זענט אַנדערע מענטשן... און מיר... מיר זענען אויך אַנדערע...

ער האָט פּלוצעם אויפגעהערט צו מאָלן און אויסטערליש גענומען פּינטלען מיט די גרויסע דערשראָקענע אויגן.

— זײַט נישט ברוגז, האָט ער געזאָגט, זײַט נישט ברוגז און לאַכט נישט פון מיר, אויב איך וועל אײַך עפּעס בעטן... איך בעט אײַך, מײַן פרײַנד, דערציילט קיינעם נישט פון מיר... איך בעט אײַך, איך בין אַ שטובנמאָלער, אַ פּראָסטער שטובנמאָלער און נישט מער... „פּנחס גראָזמאַן, שטובנ־מאָלער"...

זײַט נישט ברוגז, מײַן פרײַנד, איך בעט אײַך... פאַרשטייט מיך...

# אַ שיינע מעשׂה

איך בין געפאָרן פון תּל־אָביב מיטן אויטאָבוס קיין ראשון־לציון. נעבן מיר איז געזעסן אַ מאַן פון אַ יאָר פערציק מיט אַ שאַרף אויסגעהאַמערטן פּראָפיל און געלייענט פון עגנונס אַ ספר.

אין איינער פון די סטאַנציעס איז אויפגעשטיגן אַן אַראַבער. דער מאַן נעבן מיר האָט אויפגעהויבן די אויגן פון די בלעטער און דערזעענדיק דעם „ישמעאלי", זיך אויפגעהויבן פון אָרט און מיט אַ באַזונדערער העפלעכקייט אַ בעט געטאָן דעם מאַן מיט דער אַבײַע:

— ביטע, זיצט!

דער אַראַבער האָט אומבאַהאָלפן געגומען פינטלען מיט די גרויסע שוואַרצע אויגן, נישט געוווסט, ווײַזט אויס, וואָס דער מאַן וויל פון אים.

אויך פאַר מיר איז די גאַנצע געשיכטע געווען אומפאַרשטענדלעך: דער אַראַבער איז געווען נאָך אַ יונגער און עס איז נישט געווען קיין שום באַרעכטיקונג פאַר מײַן שכנס ווילן אים אָפּטרעטן דעם פּלאַץ.

— ביטע, זיצט! האָט דער מאַן אים אַ פיר געטאָן איבער די פּלייצעס, ביטע, זיצט! און ער האָט דעם אַראַבער כּמעט בגעוואַלד אַוועקגעזעצט אויף זײַן פּלאַץ.

נאָך אייניקע רגעס האָב איך זיך דערנענטערט צום מאַן, וואָס האָט שטייענדיק ווײַטער אַרײַנגעקוקט אין עגנונס ספר.

— אַנטשולדיקט, האָב איך געזאָגט, אַנטשולדיקט פאַר מײַן נײַגעריי־קייט... עס קוקט מיר אויס סודותדיק אײַער אָפּטרעטן דעם פּלאַץ פאַרן דאָ־זיקן אַראַבער... ער איז יינגער פון אײַך, און אַ פּלאַץ טרעט מען דאָך אָפּ נאָר פאַר אַלטע און קראַנקע.

ער האָט אויפגעהויבן די אויגן פון ספר און דיסקרעט אַ שמייכל גע־טאָן.

— איך האָב הנאה דערפון, האָט ער געזאָגט, איך האָב אַ באַזונדערע הנאה אָפּצוטרעטן מײַן פּלאַץ פאַר אַן אַראַבער...

ער האָט עס אַרויסגעזאָגט מיט אַ סודותדיקן בײַקלאַנג און ווײַטער גענומען לייענען אין ספר.

מײַן נײַגעריקייט האָט מיך נישט געלאָזט אײַנרוען:

— אַנטשולדיקט, ליבער מענטש, האָב איך געזאָגט, אַנטשולדיקט וואָס איך באַלאַסטיק אײַך, אָבער די גאַנצע מעשה אינטריגירט מיך...

ער האָט, נישט אויפהייבנדיק די אויגן פון ספר, אַ זאָג געטאָן:

— די געשיכטע איז אַ לאַנגע, און אויף דער צווייטער סטאַנציע דאַרף איך שוין אויסשטײַגן, איך וועל נישט באַוויַזן צו פאַרענדיקן.

— מאַכט נישט אויס, האָב איך געזאָגט, כ׳בין גרייט אָפּצושטײַגן מיט אײַך, אַבי צו הערכן.

— גוט, האָט ער געזאָגט, מהיכא־תיתי...

מיר זענען אויסגעשטיגן פון אויטאָבוס אין דאָרף ב. דער שאָסיי אין דאָרף אַרײַן האָט זיך געצויגן דורך עקאַליפּטוס־ביימער כמעט אַ קילאָמע־טער. מײַן סודותדיקער שכן האָט אַ שמייכל געטאָן און געזאָגט:

— די מעשה איז קיין מעשה נישט... עס איז בלויז אַ טשיקאַווער סענ־טימענט, וואָס שטאַמט פון מײַנע יונגע יאָרן...

איך בין אויפגעצויגן געוואָרן אין אַ רומעניש דאָרף. מײַן פאָטער איז געווען דער איינציקער ייִד אין יענעם דאָרף. ער האָט געהאַלטן דאָרט אַ שענק.

פון די פריסטע קינדער־יאָרן האָט מיך געמוטשעט אַ מין ייִדישער שיפלות־קאָמפּלעקס. איך בין געווען גליקלעך ווען די דאָרפס־שקצים האָבן מיך אַ מאָל געלאָזט פאַרגעסן, אַז איך בין אַנדערש ווי זיי... און פאַר אַ ביסל גוטסקייט פון אַ גוי צו מיר בין איך געווען גערירט ביז צו טרערן... שפּעטער ווען איך האָב שוין שטודירט אין יאַסער אוניווערסיטעט פילאָלאָגיע, איז זיך דער שיפלות־קאָמפּלעקס צעוואַקסן ביז אומהיימלעכ־קייט... און חוץ דעם דאָזיקן קאָמפּלעקס איז געווען בײַ מיר אַ קינאה צו די גויים... געדאַכט האָט מיר, אַז אַ גוי האָט אַן אַנדערן טראָט, אַז אַ גוי שפּאַנט, שרײַט זײַן יעדער טראָט מיט גדלות און גבורה: „די ערד אונטער מײַנע פיס איז מײַנע!״

צום מיינסטן קינאה פלעג איך פילן, בעת אַ גוי איז געווען גוט צו מיר...
איך פלעג זיך טראַכטן: עס דאַרף זײַן אַ באַזונדערער תענוג פונעם גויישן בעל־הבית צו זײַן גוט צו זײַן יידישן אונטערטאַן, עס דאַרף זײַן אַ באַזונדערער תענוג פון אַ שטאַרקן נישט אויסצונוצן זײַן שטאַרקייט קעגן שוואַכערן...

איך געדענק ווי איך בין עס מקנא געווען דעם גלח בײַ אונדז אין דאָרף. זײַן טאָכטער איז געווען די לערערין אין דער רומענישער דאָרפס־שול און זײַן איידעם דער ראש פונעם דאָרף... אַז זיי פלעגן מיר אַ מאָל ענטפערן ווי זייערס גלײַכן, בין איך געווען גליקלעך. און מער ווי גליק, האָב איך געהאַט דאָס געפיל פון קינאה: „זיי" קענען זיך דערלויבן צו זײַן גרויסמוטיק... אַ ייד קען עס אפילו נישט...

ער האָט פאַררייכערט אַ ציגאַרעט און אַ ווײַז געטאָן:

— אָט זענען מיר שוין אָנגעקומען אין דאָרף אַרײַן...

אין דאָרפס־מאַרק זענען געשטאַנען יידן נעבן אייזלען אָנגעלאָדענע מיט קוישן ווײַנטרויבן. און פאַר דער שול — אַ זקן מיט אַ לאַנגער ווײַסער באָרד.

— סאַראַ שיינער ייד, האָב איך אַ זאָג געטאָן, סאַראַ הדרת־פנים.

— עס איז דער רב פון דאָרף, האָט דער מאַן אַ שמייכל געטאָן סודות־דיק, עס איז דער רב פון דאָרף... עס איז מײַן שווער...

איך האָב אים אָנגעקוקט און זיך צעשמייכלט:

— און די לערערקע פון דאָרף איז אײַער פרוי...

— יאָ, האָט ער אַראָפּגעשאַרט דאָס אַש פון ציגאַרעט, יאָ, די דאָרפס־לערערין איז מײַן פרוי און איך... איך בין דער ראש פונעם דאָרפס־ראַט...

— הם, האָב איך געזאָגט, הם, די זעלביקע טראַיקע ווי אַ מאָל אין רומענישן דאָרף...

— יאָ, האָט ער זיך צעלאַכט, יאָ, די זעלביקע טראַיקע, נאָר אַ קאַפּעלע אַן אַנדערע, אַ יידישע...

און ער האָט מיר געטאָן אַ קוועל אַרײַן אין די אויגן:

— איצט פאַרשטייט איר שוין פאַר וואָס איך האָב אָפּגעטראָטן מײַן פּלאַץ דעם אַראַבער?... איך האָב געוואָלט דערפילן די הנאה פון קענען זײַן גרויסמוטיק צו אַ שוואַכערן... פון קינדווײַז אָן האָב איך געבענקט נאָכן דאָזיקן תענוג... און איצט...

# אַ דחק־אַרבעטער

דערזען האָב איך אים צווישן אַ גאַנצער גרופּע דחק־אַרבעטער. ער איז געשטאַנען מיט דער טוריה אין די הענט, אָנגעשפּאַרט אין אַ בוים און זיך אויסגערוט.

זײַן גאַנץ אויסזען האָט זיך מיט גאָרנישט אויסגעטיילט פֿון די אַנ־דערע, און איך וואָלט ווײַטער ממשיך געווען מײַן שפּאַציר ווען נישט די אויגן זײַנע: גרויסע קינדיש־־פאַרחידושטע אויגן מיט אַ דינעם פלאַטער פון טרויער. שפּעטער אַ רגע האָב איך דערזען, אַז אויך די הענט זײַנע זענען צאַרט און ווײַס, הענט וואָס פּאַסן זיך גיכער פאַר אַ קלאַוויר־וויר־טואָז ווי פאַר אַ דחק־אַרבעטער.

איך האָב זיך אָפּגעשטעלט און אים אַ פרעג געטאָן:

— צי ווייסט איר אפשר, ווו עס געפינט זיך דאָ די באַן־סטאַנציע?

ער האָט מיר מיט קורצע זאַצן אויסגעמאָלט דעם וועג.

— איר ווינט טאַקע דאָ אין דאָרף, אָדער איר קומט נאָר אַרבעטן אַהער? האָב איך אַ פרעג געטאָן, וועלנדיק אים אַרײַנציִען אין אַ שמועס.

— ניין, האָט ער געזאָגט, ניין, איך ווין נישט אין דאָרף, איך קום נאָר אַהער אַרבעטן, איך ווין דאָ נישט ווײַט, אין דער מעברה.

— איר זענט אַן עולה חדש?

ער האָט סודותדיק אַ לאַך געטאָן:

— עס פרעגט זיך, וואָס איר פאַרשטייט אונטער „עולה חדש"?... איך מיין, אַז ס׳זענען פאַראַן מענטשן וואָס קענען אָפּווינען זייער גאַנץ לעבן אויף איין אָרט און בלײַבן אייביק אַן „עולה חדש"...

— יאָ, האָב איך געזאָגט, יאָ, פאַראַן מענטשן וואָס פּאַסן זיך שווער צו צו נײַע באַדינגונגען.

— ניין, האָט ער מיר איבערגעשלאָגן, ניין, איך מיין נישט „נײַע באַ־

דינגונגען״, איך מיין, אַז פאַראַן זענען מענטשן וואָס פילן זיך ווי פרעמדע אומעטום. די גאַנצע וועלט, דער גאַנצער ערדקײַלעך איז זיי פרעמד... זיי זענען אין ערגעץ נישט קיין „בירגער״, אַפילו בײַ זיך אין הויז, אין אייגענעם הויז, צווישן דער אייגענער פאַמיליע בלײַבן זיי שטענדיק אורחים...

— הם, האָב איך געזאָגט, הם, לויט אײַערע רייד זענט איר אַן אינ־טעלעקטואַל און... אַוודאי אַרבעטן אַרבעט איר בײַ עבודת־דחק... האָט איר נישט קיין פאַך ?...

— אַ פאַך ? האָט ער זיך פאַרטראַכט, אַ פאַך ?... נו, אַ שטיקל פאַך האָב איך יאָ, נאָר די פּראָדוקציע וואָס מײַן „פאַבריק״ פּראָדוצירט פאַרמאָגט נישט קיין נאָכפראַגע, דאָס הייסט, מען צאָלט נישט פאַר דעם קיין צע־בראָכענעם גראָשן.

איך האָב אים אָנגעקוקט דערשטוינט:

— איך פאַרשטיי נישט, האָב איך געזאָגט, וואָסער פאַבריק קען עס זײַן און וואָסער פּראָדוקציע ?

— די פאַבריק, האָט ער אַ טײַטל געטאָן צו זײַן שטערן, די פאַבריק דאָס איז מײַן אָרעמער קאָפּ מיט זײַן פליך... און די פּראָדוקציע זענען די גראַמען וועגן דער שיינקייט פון גאָטס טרויעריקער וועלט...

— איר זענט אַ פּאָעט ?...

— נישט סתם קיין פּאָעט, האָט ער אַ לאַך געטאָן, נאָר אַ ייִדיש־פּאָעט... איר פאַרשטייט, צוויי אומגליקן מיט אַ מאָל, אַ צווילינג־אומ־גליק: אַ פּאָעט און ייִדיש... אַ זאַך וואָס מען דאַרף צוויי מאָל נישט...

— איר זענט שאַרף און גײַסטרײַך, האָב איך געזאָגט, און ס׳איז באמת אַן אומגערעכטיקייט, וואָס איר מוזט גאָר שטיין מיט דער טוריה...

— אַן אומגערעכטיקייט ? האָט ער זיך פאַרחידושט, פון וועמענס זײַט איז עס אַן אומגערעכטיקייט ? ווער איז מיר דען עפּעס שולדיק ? די מענטשלעכע געזעלשאַפט איז געגליכן צו גוט־פונקציאָנירנדיקע אויטאָ־מאַטן... איר האָט געזען אַ מאָל אַ מעכאַנישע וואָג ? זי ווייסט נישט קיין חכמות. דער גײַסטרײַכער פּאָעט און דער פּראָסטער פלוני בן פלוני וועגט אַזוי פיל וויפל עס וועגט זייער ניצלעכקייט פאַר דער געזעלשאַפט... און איך... איך קען מיט גאָרנישט מער נוצן ווי די איבעריקע דחק־אַרבעטער...

ניין, קיינער איז מיר גאָרנישט שולדיק און איך האָב צו קיינעם קיין טענות נישט. און חוץ דעם איז די דאָזיקע „קוואַרטיר״ נישט קיין אייביקע, די רייזע גייט ווייטער, מיין פריינד...

— איר ווילט אויסוואַנדערן פון ישׂראל? האָב איך זיך געמאַכט תּמע־וואַטע.

— חלילה, האָט ער אַ לאַך געטאָן, וווהין זאָל איך וואַנדערן? צו מיין נייער „קוואַרטיר״ וואַנדערט מען נישט, מען שטופּט אַהין, אַלע שטופּט מען אַהין... און „דאָרט״ וועל איך שוין אַרבעטן ביי מיין „פאַך״, ביי מיינע גראַמען, ווייל אויף יענער וועלט גייען די מענטשן אַרום ליידיק און במילא האָבן זיי פאַר אַלעמען צייט, די מענטשן אויפן עולם־האמת, פאַר אַלץ האָבן זיי צייט די מענטשן אויף „יענער וועלט״, אַפילו פאַר לידער וועגן גאָטס טרויעריק־שיינער וועלט... נישט געזאָרגט, מיין פריינד...

ער האָט אַ לאַך געטאָן, אויפגעהויבן די טוריה און ווידער גענומען האַקן דאָס גראָז ביים ראַנד פונעם שליאַך, וואָס האָט זיך געצויגן צווישן פּרדסים.

# ייִחוס

פאַראַן אַ טבע בײַ אַ סך ייִדן, וואָס קומען אין לאַנד אַרײַן, צו דער־ציילן גאַנצע בערג מיט נסים וועגן זייער אָפּשטאַם, זייער ייִחוס. וועמען זאָלסט נישט באַגעגענען, איז ער אַ געוועזענער מולטימיליאָנער פון פּוילן אָדער רומעניע. יעדער האָט דאָרט אָפּגעלעבט אַ לעבן לאַנג אין אַ פּאַלאַץ, נישט געטאָן עפּעס אַנדערש ווי גאַנצע טעג געזעסן בײַ די קרישטאָלענע אָזערעס אין זײַן פּאַטערס פּאַרק און געכאַפּט, צוליב צײַט־פאַרטרײַב, גילדענע פּישעלעך... און אין די נעכט פלעגן זיי זיך שיפן אין די פּראַכט־יאַכטן, וואָס האָבן געהערט צו זייער טאַטע, דעם מאַגנאַט בערל בן שמערל.

איך בין געשטאַנען אין אַ רעדל פון אַזוינע ייִדן, און בעת איך האָב זיך אַ ווענד געטאָן צום לעצטן וואָס איז נאָך נישט געקומען צום וואָרט:

— ברודערל, און ווער זענט איר געווען אין דער היים?

האָט יענער אַ שמייכל געטאָן און זיך אָנגערופן:

— איך האָב אַפילו נישט קיין טבע צו באַרימען זיך, נאָר אויב יעדער דערציילט גאַנצע נסים פון זײַן געוועזענער גרויסקייט, וויל איך אויך נישט זײַן קיין יוצא־מן־הכלל און זיך אויך באַרימען:

יאָ, אין דער היים, אין טשערנאָוויץ, בין איך פאַר דרײַסיק יאָר... יאָ, איך שווער אײַך, פאַר דרײַסיק יאָר בין איך געווען אַ יונגער־מאַן... איך בין אַ מאָל אַלט געווען אַכצן יאָר, איך שווער אײַך, כאָטש איר וועט אפשר נישט גלייבן...

דער גאַנצער עולם האָט זיך צעלאַכט פון ייִדנס שפּאַסיקייט.

אַז מען איז זיך צעגאַנגען, האָב איך אים נאָכגעשפּאַנט און גע־פרוווט פאַרפירן אַ שמועס.

— ברודערל, האָב איך געזאָגט, אַנטשולדיקט, נאָר איך מוז אײַך זאָגן, אַז איר געפעלט מיר, איר געפעלט מיר דווקא דערפאַר, וואָס איר האָט

נישט קיין יחוס, דאָס הייסט, דערפֿאַר וואָס איר האָט כּוח נישט צו האָבן קיין יחוס...

— עט, האָט ער אַ מאַך געטאָן, עט... אין גאַנצן אָן יחוס בין איך נישט... מײַן זיידע, זכרונו־לברכה, איז געווען... אויב איר זענט אַ טשערנאָוויצער, וועט איר אים זיכער געדענקען... מײַן זיידע איז געווען חיימל שיכּור...

איך בין געבליבן דערשטוינט: נישט גענוג, וואָס דער דאָזיקער ייִד האָט כּוח נישט צו דאַרפֿן קיין יחוס, האָט ער נאָך דעם איבער־כּוח זיך מודה צו זײַן, אַז חיים שיכּור איז געווען זײַן זיידע...

יאָ, איך געדענק אים, חיימל שיכּור, דעם לאַנגן דאַרן זקן... אײַנגעוויקלט אין טראַנטעס פֿון מתושלחס צײַטן פֿלעגט ער האָפּסלען איבער די טשערנאָוויצער גאַסן, און זײַן ריזיקע, ווי פֿון רויען פֿלייש, געקנאָטענע נאָז, האָט צו וויסן געטאָן: „איך בין אַ שיכּור פֿון שיכּורים־לאַנד”. ער איז געווען דער „באַרימטער” שיכּורניק אין שטאָט.

די אויגן פֿאַרלאָפֿענע מיט שגעון און די ליפּן, שוין פֿאַרברענטע פֿון ביטערן טראָפּן, פֿלעגן שעפּטשען:

— כּי־כי, איר מיינט, רבותי, אַז די וועלט איז אַ וועלט? אָסור! די וועלט איז קיין וועלט נישט און גאָט איז קיין גאָט נישט... גאָרנישט שבגאָרנישט... נאָר וואָס?... אַ גליק נאָך וואָס דער זעקס און נײַנציקער איז זעקס און נײַנציקער...

ווײַסע חברניקעס פֿלעגן אים אָפּשטעלן:

— וואָס זשע וועט זײַן, ר' חיים, אַז די וועלט איז קיין וועלט נישט און גאָט איז קיין גאָט נישט, וואָס זשע וועט זײַן נאָך הונדערט און צוואָנציק, וווּהין וועט איר גיין, אַז עס איז קיין יענע וועלט נישטאָ?

— כּי־כּי, האָט ער זיך צעלאַכט: כּי־כּי, אַז איך האָב געלעבט אויף דער וועלט, כאָטש זי איז נישטאָ די וועלט, וועל איך אויך לעבן אויף יענער וועלט, כאָטש ס׳איז נישטאָ קיין יענע וועלט... כּי־כּי, קינדערלעך, נאָר וואָס איך בעט אײַך יאָ, פֿאַרגעסט נישט חיימל שיכּור, און אַז מען וועט מיך אַרײַנלייגן אין קבר אַרײַן, שטעלט אַ פּעסעלע משקה מיר צו־

קאַפּנס... וואָרעם, וואָס וועל איך טאָן אַ ניכטערער אין קבר ?... ס'וועט, נעבעך, סקוטשנע זײַן די ווערעם מיט מיר...

— ר' חיים שיכּור איז געווען אײַער זיידע ? האָב איך אַ דריי געטאָן מײַן קאָפּ צום ייִד לעבן מיר, יאָ, געווען אַ טײַערער ייִד, חיימל שיכּור.

ער האָט מיך אָנגעקוקט פאַרשנדיק און זיך אָנגערופן :

— איך ווייס נישט, צי זאָגט איר „אַ טײַערער ייִד", כּדי מיך צו טרייסטן, נאָר איך מיין, אַז מײַן זיידע איז געווען נישט נאָר אַ שיכּורניק, נאָר אויך אַ פילאָסאָף פון פילאָסאָפן־לאַנד... יאָ, און טאַקע צוליב זײַן פילאָסאָפישקייט האָט ער זיך גענומען צום ביטערן טראָפּן... דאָס הייסט, ער האָט קיין אַנדערן וועג נישט געפונען, קיין אַנדערן וועג, מיט וועלכן מען זאָל קענען אַנטלויפן פונעם וועלט־אומעט...

— איר רעדט דאָך אויך ווי אַ פילאָסאָף, האָב איך געזאָגט, וואָס איז אײַער טוונג ?

— אַ שוסטער בין איך, האָט ער אַ שמייכל געטאָן, פלעקלעך קלאַפּט מען אין די שיך אַרײַן און נאָך דער אַרבעט טו איך, וואָס מײַן זיידע פלעגט טאָן : פאַרטרײַב מיט משקה די וועלט פון מיר...

— איר האָט בני־בית ?

— יאָ, האָט ער געזאָגט, יאָ, און צוליב די בני־בית טאַקע, היט איך זיך צו ווערן אין גאַנצן ווי מײַן זיידע, דאָס הייסט, איך טרינק מיט מאָס, און נאָר נאָך דער אַרבעט... צו ערשט טו איך אָפּ מײַן חוב צו מײַן משפּחה, דערנאָך גיי איך ערשט באַצאָלן מײַן חוב צו זיך אַליין...

— קומט, האָב איך געזאָגט, קומט, לאָמיר עפּעס אויסטרינקען.

מיר זענען אַרײַן אין אַ רעסטאָראַן.

אַז מיר זענען שוין געזעסן בײַם טיש איבער די גלעזלעך ווײַן, האָט ער זיך אָנגערופן :

— איך געדענק ווי מײַן זיידע פלעגט טענהן : „די וועלט איז קיין וועלט נישט און גאָט איז קיין גאָט".

איר פאַרשטייט, וואָלט מײַן זיידע געווען געזאָגט : „די וועלט איז נישט גוט און נישט שיין, גאָט איז נישט יושרדיק און נישט גערעכט",

וואָלט עס געווען אַ האַלבער פּעסימיזם. עס וואָלט נאָך געבליבן אַ שטיקל האָפענונג, אַז זיי וועלן בעסער ווערן, די וועלט און גאָט... אָבער, איר פאַרשטייט, אויב די וועלט איז קיין וועלט נישט און גאָט קיין גאָט נישט, איז דאָך פאַרפאַלן, פאַרפאַלן ווי אין בראָד... יאָ, געווען אַ פּעסימיסט מיט סכּנת־נפשות, מייַן זיידע, זכרונו־לברכה...

ער האָט אויפגעהויבן דאָס גלאָז מיט ווייַן:

— לחיים, האָט ער געזאָגט, לחיים לזכר מייַן גרויסן זיידן ר׳ חיים שיכּור, זכרונו־לברכה... לחיים!

# דער בעל־תשובה

— גיי, האָט געזאָגט מײַן פֿרײַנד יחזקאל, גיי קיין יפו! אויף דער גאַס הונדערט און צען געפֿינט זיך אַ שילכל, און אין שילכל — אַ שמשׂ. גיי זוך אויס דעם שמשׂ.

בין איך געגאַנגען.

ער איז געשטאַנען מיטן בעזעם און געקערט דעם מקום־קדוש. אין ליכט פֿון טאָג האָט זיך אַרויסגעהויבן זײַן הויכע מאָגערע געשטאַלט און זײַן אײדל בלאַס פּנים מיט דער שוואַרץ־גרויער, לאַנגער באָרד.

בעת ער האָט אויפֿגעהויבן זײַנע אויגן צו מיר, בין איך פֿאַרחידושט געוואָרן פֿון זייער קאָליר: זיי האָבן פֿאַרמאָגט אין זיך עפּעס פֿון יענעם וווּנדערלעכן בלוי, וואָס נאָר קינדער, און אַ מאָל אויך דער הימל, קענען זיך עס פֿאַרגינען...

ווען איך האָב אים איבערגעגעבן דעם גרוס פֿון מײַן פֿרײַנד, האָט ער, נישט אויפֿהערנדיק צו קערן, אַ זאָג געטאָן:

— מיט יחזקאלן בין איך צוזאַמען געווען אין איין לאַגער, אין אויש־וויץ...

— יאָ, האָב איך זיך דערנענטערט צו אים, יאָ, יחזקאל האָט מיר אַזוי פֿיל אָנדערציילט וועגן אײַך און... ער האָט מיר אויך געוויזן אײַערע ביל־דער, אמתע קונסטווערק... איר זענט דאָך אַ גאָט־געבענטשטער קינסטלער...

ער האָט זיך אַ פֿאַרקרים געטאָן, ווי אײנער וועמען מען דערמאָנט אין עפּעס גרויליקן, און ער האָט אַ שעפּטשע געטאָן ווי צו זיך:

— מיך עקלען זיי, די בילדער, די „קונסטווערק" מײַנע...

— יאָ, איך ווייס... יחזקאל האָט מיר דערציילט... ער האָט מיר אויך באַוויזן אײַער „איבערמענטש"...

— מײַן „איבערמענטש"... האָט ער ביטער אַ שמייכל געטאָן און די אָדערן אויף זײַנע שלייפן האָבן זיך אָנגעצויגן, מײַן „איבערמענטש" מיט דער צורה פון האַנס פאָן פריזע...

— ווער איז דאָס האַנס פאָן פריזע? האָב איך אַ פרעג געטאָן, כאָטש איך האָב געוווּסט פון יחזקאלן, ווער דער דאָזיקער האַנס פאָן פריזע איז...

איצט איז ער שטיין געבליבן מיטן בעזעם אין מיטן שילכל אין אַ האַמלעטישער פּאָזע:

— כּי, כּי, האַנס פאָן פריזע, דער קאָמענדאַנט פון לאַגער האַנס פאָן פריזע, דער דײַטשער באַראָן מיט דער צורה פון אַ בופלאָקס... איך האָב די „ערע" געהאַט אים צו מאָלן... ער האָט מיך אַרויסגענומען פון צווישן אַלע ייִדן אין לאַגער און מיך „אויסדערוויילט":

— היי, יודען־זאָן, האָט ער געזאָגט, מאָל מיך, יודען־זאָן...

און איך האָב אים געמאָלן, אין לאַגער זײַן פּאָרטרעט געמאָלן... איך האָב געמאָלן, און ער האָט מיך באַלוינט. „שפּעק" האָט ער מיר געגעבן צו פרעסן און פּילזנער ביר צו זויפן, און איך האָב געמאָלן... מען האָט געפירט די ייִדן צום גאַזאויוון און איך בין געשטאַנען און געמאָלן, „געשאַפן־קונסט" און געפרעסן „שפּעק" און פאַרטרונקען מיט פּילזנער ביר, איך דער „אויסדערוויילטער קינסטלער"... איר פאַרשטייט?... איך האָב זיך אײַנגערעדט, אַז איך מעג, אַלץ מעג איך, ווײַל איך בין אַ קינסטלער, און כּדי צו ראַטעווען מײַן קונסט מוז איך בלײַבן לעבן. צוליב דער „הייליקער קונסט" מוז איך בלײַבן לעבן פאַר יעדן פּרײַז... אַלץ, אַלץ איז מיר דערלויבט...

— מאָל, יודען־זאָן, האָט ער געלאַכט, האַנס פאָן פריזע, מאָל דעם איבערמענטש... כּי, כּי, כּי, צי ווייסטו, יודען־זאָן, ווער ס'איז געווען דער ערשטער איבערמענטש?... כּי, כּי, דער ערשטער איבערמענטש איז געווען קין זאָן אַדמס... יאָ, און די ערשטע גרויסע טאַט פון דאָזיקן איבערמענטש קין איז געווען, בעת ער האָט אַ שמיר געטאָן מיט זײַן קרעפטיקער הערן־האַנט איבערן ייִדישן לאָקן־קאָפּ פון הבלן, און ס'האָט זיך אַ גאָס געטאָן די רויטע יוכע איבער גאָטס פאַרשלאָפענער ערד... כּי, כּי, פאַרשטייסט, יודען־קינסטלער?...

— איך פאַרשטיי, האָב איך הכנעהדיק געענטפערט, איך פאַרשטיי, הער קאָמענדאַנט... און איך האָב ווײַטער געמאָלן און געפרעסן „שפעק" און געזויפט פילזנער ביר, און פאַר די פענצטער האָט מען געפירט קינדער צום גאַזאַוויון... אַלץ איז מיר דערלויבט, האָב איך געטראַכט, אַלץ איז מיר דערלויבט, כּדי צו ראַטעווען זיך און מײַן „הייליקע קונסט"...

ער האָט גענומען אַרומלויפן מיטן בעזעם איבערן שילכל, און די רייד וואָס ער האָט גערעדט האָבן אויסגעזען ווי געווענדט צו זיך אַליין:

— אַלץ צוליב דער „הייליקער קונסט"... און שפּעטער... ווען די אַמע־ריקאַנער האָבן אונדז באַפרײַט און איך בין אַרויס פון לאַגער, האָב איך אין מינכען זיך גענומען מיט ברען צו שאַפן נײַע בילדער... איך האָב פאַר־טראַכט אַ פאַנטאַסטישע קאָמפּאָזיציע: אַן איבערמענטש, אָבער נישט אַזאַ איבערמענטש ווי האַנס פאַן פריזע האָט פאַרשטאַנען, נאָר אַ ייִדישן, אַ מין ישעיהו הנביא צווישן לעמעלעך, וואָס פּאַשען זיך צוזאַמען מיט מילדע לעמפּערטן, אַן איבערמענטש אויף אַ תּנכישער לאַנדשאַפט... כי, כי, און ס'איז אַרויס דאָס ווערק מײַנס, דער איבערמענטש... כי, כי, און ווען איך האָב דאָס ערשטע מאָל אַ קוק געטאָן דורך פּערספּעקטיוו אויף מײַן ווערק, האָב איך אויפגעציטערט:

פון ישעיהו הנביאס אויגן האָט אַרויסגעקוקט... יאָ, האָט אַרויסגעקוקט דער בליק פון אים, פון האַנס פאַן פריזע... דער דײַטש מיטן פּרצוף פון בופלאָקס... איר פאַרשטייט? די „קונסט" האָט מיר אָפּגעטאָן אַ שפּיצל... דאָס וואָס איז געלעגן באַהאַלטן אין מײַן אונטערבאַוווסטזײַן, האָט זיך נוקם געווען אין מיר... די קונסט האָט זיך אירע אייגענע געזעצן: דו קענסט נישט שאַפן, וואָס דו ווילסט, ס'איז אַ גאַנצער בונט מיט פאַרפלאָנטער־נישן... ס'איז ווי אין חלום: צי קען דען דער מענטש חלומען וואָס ער וויל? דער חלום און די קונסט האָבן זייערע אייגענע געזעצן... כי, כי, די קונסט האָט זיך נוקם געווען אין מיר... די פאַרשאָלטענע קונסט...

— און זינט דעמאָלט האָט איר מער נישט געמאָלן? האָב איך דיס־קרעט אים אַ פרעג געטאָן...

— ניין, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט מיטן בעזעם, ניין, זינט דעמאָלט האָב איך מער נישט געמאָלן, און וועל קיין מאָל מער נישט מאָלן... דער

„היליקער קינסטלער״ איז געוואָרן אַ שמש אין אַ שיל... ס'איז גוט אַזוי...
איצט הייב איך אָן געפינען רו...

ער האָט פּלוצעם האַסטיק ווידער גענומען קערן דאָס שילכל, און זײַנע אויגן, וואָס האָבן בעתן רעדן אויסגעזען ווי אַ הימל אין שטורעם, האָבן זיך גענומען אייסלײַטערן און צוריק באַקומען יענץ וווּנדערלעכע בלוי, וואָס נאָר קינדער, און אַ מאָל אויך דער הימל, קענען זיך עס פאַרגינען...

# צוריק צום אַלטן ייִדישן גאָט

זײַן מומע, די גײַסטרײַכע פרוי ב. האָט מיר פריִער אַ סך געהאַט דער־ציילט פון אים, דעם יונגן אַמעריקאַנער וויסנשאַפטלער, וועלכער איז פּלוצעם געוואָרן אַ פרומער ייִד, פרום לויט אַלע דינים פון שולחן־ערוך.

שפּעטער האָט זי מיר מודיע געווען, אַז ער איז געקומען ווי אַ טוריסט קיין ישׂראל און וועט זײַן בײַ איר מיטוואָך זעקס אַ זייגער צו גאַסט אויף אָוונטברויט.

פּינקטלעך זעקס, בעת אויפן אַלטן ירושה־זייגער האָבן אויסגעטאַנצט דרײַ קאַנאַריקעס פון פּאָרצעלאַן און אויסגעפּײַפט די שעה, האָט זיך געעפנט די טיר און ער האָט זיך באַוויזן:

אַ הויכער שלאַנקער יונגער־מאַן מיט אַ לאַנגער פעך־שוואַרצער באָרד און טיף־בלויע פאַרחלומטע אויגן אונטער שווערע געדיכטע ברעמען.

עס האָט תּיכּף אַ ווייע געטאָן פון אים מיט יענער מענטשלעכער נאַטירלעכקייט, מיט יענער פּשטות פון אַ מענטשן, וואָס פילט זיך אומעטום אין דער היים.

אַז עס זענען אַדורך די ערשטע אָפיציעלע באַגריסונגען, האָט די פרוי ב. זיך אַנטשולדיקט און אַוועק גרייטן דעם כּיבוד.

איך האָב זיך אַוועקגעזעצט נעבן אים אויף דער סאָפקע און גלײַך אָנגעהויבן:

— איר וועט נישט ברוגז זײַן אויף מײַן גיך היימיש־ווערן, האָב איך געזאָגט, אַ געפיל בײַ מיר אַז איך קען אײַך שוין יאָרן לאַנג... אמת, אײַער מומע האָט מיר אַ סך דערציילט וועגן אײַך, אָבער אָן דעם דערציילן, דאַכט מיר, וואָלט איך אויך אַרויסגעפילט... נו, ווי אַזוי זאָל איך זאָגן...?

ער האָט מיך פאַרשנדיק אָנגעקוקט און זיך אָנגערופן:

— יאָ, מײַן מומע האָט מיר אויך וועגן אײַך אַ סך דערציילט...

ער האָט אַ שמייכל געטאָן, אַרויסגעצויגן אַ שאַכטל ציגאַרעטן, מיר דערלאַנגט און דערנאָך אַליין פאַררייכערט.

איך האָב אַ קוק געטאָן אויפֿן ירושה־זייגער און זיך אָנגערופֿן:

— איר ווייסט, אַז דער דאָזיקער ירושה־זייגער איז שוין געשטאַנען אַזוי נאָך מיט צענדליקער יאָרן צוריק אין יענעם אוקראַיִנישן שטעטל, וווּ אײַער פֿאָטער און זיידע זענען געבוירן געוואָרן... אײַער מומע האָט אים אָפּגעראַטעוועט און אַריבערגעבראַכט קיין ישׂראל... עס איז אַ וואַזשנע עבֿודה צו היטן ירושה...

ער האָט, ווי עס ווײַזט אויס, פֿאַרשטאַנען אַז מײַן דערמאָנען דעם ירושה־זייגער, איז אַ פֿאַרטל אים אַרויסצורופֿן... ער האָט עס אויסגעניצט און גענומען רעדן ווי ער וואָלט ממשיך געווען אַ פֿון־לאַנג־אָנגעהויבענעם שמועס:

— איך מיין, האָט ער געזאָגט, איך מיין, אַז היטן ירושה איז נישט גענוג... היטן היט מען קבֿרים... אַ לעבעדיקער גאָרטן דאַרף אַ לעבעדיקן גערטנער... ייִדישקייט איז מער ווי ירושה, ייִדישקייט איז לעבעדיקע אינטימקייט צווישן לעבעדיקן ייִד און זײַן לעבעדיקן גאָט...

ער האָט אָפּגעאָטעמט און ממשיך געווען:

— איר ווייסט דאָך, איך בין כּמעט אַ געבוירענער אין אַמעריקע. ווען מײַנע עלטערן זענען אַריבער פֿון רוסלאַנד קיין ניו־יאָרק, בין איך אַלט געווען אַ יאָר דרײַ...

מײַנע עלטערן זענען נישט געווען קיין רעליגיעזע ייִדן און מײַן דערציִונג איז געגאַנגען אין יענער סקאַרבאָוער ריכטונג פֿון אַמעריקאַניזירן זיך... צו פֿופֿצן יאָר בין איך שוין געווען אַ פֿאָלנער אַמעריקאַנער באָי... צו צוויי און צוואַנציק יאָר האָב איך געענדיקט דעם אוניווערסיטעט און תּיכּף גענומען פּראַקטיצירן ווי אַ ביאָלאָג. מײַן וועלט־באַנעם איז געווען פּיקס־און־פֿאַרטיק: אַרבעטן, זיך אַרויפֿאַרבעטן און ווערן אַלרײַט...

וויסנשאַפֿט, פֿילאָסאָפֿיע, ליטעראַטור זענען געווען פֿאַר מיר, ווי פֿאַרן רובֿ אַמעריקאַנער יונגע־לײַט, בלויז מיטלען צו באַדינען זיך. אַלץ אין דער וועלט, האָב איך געמיינט, איז פֿאַראַן נאָר כּדי צו באַדינען אונדז, העלפֿן אונדזער קאַריערע... נישט קיין חילוק ווי אַזוי די דאָזיקע מיטלען הייסן:

ביזנעס מיט זאַכן צי מיט ליטעראַטור, ביזנעס מיט קאַלאַשן אָדער פילאָ־סאָפיע, מיט שניפּסן צי מיט רעליגיע...

וועגן ייִדישקייט האָב איך געטראַכט ווי וועגן אַ פאָרמאַליטעט: דער קאַטאָליק געהערט צו זײַן קירכע און דער ייִד צו זײַן טעמפּל. און גאָט איז אַ מין פאַסאַד, ווי דער ענגלישער קעניג, למשל, וואָס געהערט צום מלוכהשן געציר... אַזוי האָב איך געטראַכט ביז...

די פרוי ב. האָט אַרײַנגעפירט אויף אַ טישעלע כּיבוד און מילד אַ שמייכל געטאָן:

— נו, בצלאל, דאָס אָוונטברויט איז גרייט, גיי דיך וואַשן.

ער האָט זיך אויפגעשטעלט און מיט פּאַמעלעכע טריט אַרויס פון צימער. נאָך אייניקע רגעס האָט ער זיך צוריקגעקערט, ווישנדיק די הענט אין אַ לאַנגן האַנטעך, און זײַנע ליפּן האָבן געשעפּטשעט דעם „שאו־ידיכם” מיט אַ תּענוג ווי זיי וואָלטן פילן דעם טעם פון אַ ווונדערלעכער פרוכט...

אַז ער האָט געשניטן דאָס ברויט און פאַרענדיקט די „המוציא”, האָב איך זיך פאַרלוירן, נישט געוווּסט וואָס צו טאָן: אויך וואַשן זיך צום עסן אָדער נישט? נישט וואַשן זיך איז אפשר באַליידיקנדיק... זיך יאָ וואַשן, הייסט זײַן נישט נאַטירלעך: טאָן עפּעס וואָס איך פיל נישט פאַר בייטיק צו טאָן...

ער האָט, ווײַזט אויס, דערפילט מײַן פאַרלעגנהייט און זיך אָנגערופן:

— איר דאַרפט זיך נישט וואַשן צום ברויט, אויב איר פילט נישט קיין אינערלעך באַדערפעניש צו דעם...

איך האָב אַראָפּגעלאָזט די אויגן און זיך אָנגערופן:

— קיין אינערלעך באַדערפעניש זיך צו וואַשן צום ברויט פיל איך נישט, אָבער אַ נאָגנדיק באַדערפעניש נאָך גאָט פיל איך יאָ...

ער האָט זיך צעשמייכלט:

— איך האָב אויך אַ מאָל געמיינט, אין די ערשטע טעג פון מײַן גאָט זוכן, געמיינט, אַז מען קען גיין צו גאָט מיט אייגענע דרכים... ניין, מײַן פרײַנד, דער מענטש איז באַשאַפן געוואָרן פון פלייש און בלוט, און זײַן וועג צו גאָט קען נישט זײַן אַנדערש ווי דורך „באַנאַלע” חומרדיקע געננג... ס'איז אפשר נישט געגנוג „פּאָעטיש”, נאָר אַזוי איז עס... יאָ, מײַן פרײַנד,

נאָר דורך אַלטע „אויסגעדראָשענע״ געענג פון טלית און תּפילין, דורך די „פּראָזאַיִש־פּראָסטע געענג״ פון תּרי״ג מצוות קען אַ לעבעדיקער ייִד גיין צו זײַן לעבעדיקן גאָט... פילאָסאָפיש־טעאָרעטיש זעט עס אפשר אויס נישט אַזוי אײַ־אײַ... נאָר ס׳איז אַזוי... מען דאַרף זיך אויסטאָן פון דער „חכמה״, פון גדלות צו ווערן זײַן העכער פון אַ פּראָסטן ייִד... מען דאַרף ווערן אַ ייִד אָן קלוגעניש, זיך אײַנוויקלען אין פּראָסטן טלית און תּפילין און דעמאָלט... דעמאָלט הייבט מען אָן באַנעמען, אַז ס׳איז פאַראַן עפּעס קליגערס פון „קלוג״, עפּעס פּאָעטישערס פון „פּאָעזיע״...

ער האָט גערעדט, און זײַנע אויגן האָבן גענומען טריפן מיט שטראַלנ־דיקן האָניק... יאָ, איך האָב דערפילט ממש אַ קערפּערלעכן האָניק־ריח שמעקן פון זײַנע ווערטער... אַלע רייד, אַלע פראַגעס, וואָס איך האָב גע־גרייט זיך היינטיקן אָוונט שטעלן אים, האָב איך נישט געשטעלט, וואָרעם ס׳איז מיר פּלוצעם קלאָר געוואָרן די גאַנצע וועלט פון דאָזיקן אַמעריקאַנער „באַי״, וועלכער האָט אין פינצטערן שמאַלץ־גרוב דערפילט די גרויסע פּוסטקייט פון וואָלקן־קראַצער־דור און זיך אומגעקערט אַהיים צום אַלטן, ייִדישן גאָט...

# אַ טאָג אין מידבר

אין צאַרטן פּורפּור פון קאַיאַר האָט זיך גענומען רונצלען די בראָנד־זענע הויט אויפן שלאָפנדיקן גוף פון מידבר סיני. אין טריפנדיקן ליכט האָבן די זאַמדן גענומען עפענען פאַרשלאָפענע אויגן. אין אוהל, וואָס איז געשטאַנען צופוסנס אַ ריזיקן פעלדז, איז ווי אויסגעהאַקט פון מירמל געזעסן משה, און אויפן פּאַפּירוס־בלאַט וואָס האָט געליכטיקט אויף זײַן שויס איז געלעגן זײַן קליינע, ווײַסע האַנט, ווי אַ מידער פויגל וואָס רוט זיך אויס נאָך אַ לאַנגן פלי...

אַ גאַנצע נאַכט האָט משה די מחשבות זײַנע געפּרוווט אויסליכטיקן דורכן באַשאַפן אַ געשטאַלט. איוב, האָט ער זי אָנגערופן, און דורך שאלות און תשובות פון דאָזיקן איוב, וואָס ער, משה, האָט אַליין באַשאַפן, האָט ער געפּרוווט זיך אַליין פרעגן און ענטפערן, פאַרפּלאָנטערן און אויפּפּלאָנטערן...

איצט האָט זיך משה אויפגעהויבן, אַוועקגעלייגט דעם באַשריבענעם פּאַפּירוס אין אַ קעסטעלע פון פּימסנהאָלץ, און איידער ער האָט באַוויזן עס צו פאַרדעקן, האָט זיך אין אוהל באַוויזן די געשטאַלט פון זײַן ברודער אַהרן. ער האָט געטראָגן מיט זיך מעשענע פּאַנען מיט אַלערליי קרײַטעכצער, זיך פּאַמעלעך, מיט דרך־ארץ, דערנענטערט צו משהן און גלײַך אָנגעהויבן רעדן וועגן ענין: ער איז געקומען מיט אַ סך שאלות וועגן די דינים פון קרבנות, וועגן אופן פון גאָטס־דינסט.

ער איז געשטאַנען מיט אַ פּאָר גרויסע דערשראָקענע אויגן ווי אַ ייִנגל און זיך נאָכגעפרעגט אויף אַלע קלענסטע פּרטים, ווי גלײַך איין פּיצעלע טעות וואָלט קענען איבערקערן דעם סדר־העולם.

משה האָט שטיל און טרויעריק געשמייכלט, און די ווערטער פון די ענטפערס, האָט געדאַכט, קומען טאַקע פון די לעפצן זײַנע, נאָר ער, משה, איז אַליין נישטאָ דערבײַ...

און בעת אַהרן האָט נאָך אַ מאָל איבערגעפּרעגט וועגן אופן פון שפּרענגען דאָס בלוט אויפן מזבח, האָט משה נישט געקענט זיך מער באַ־הערשן און זײַנע שווערע ברעמען האָבן זיך פאַרצויגן מיט טונקלען ווײ:

— ברודער אַהרן, האָט ער אַ שטאָמל געטאָן, ברודער, זײַ מיר מוחל, מיר וועלן איבעררעדן אַ צווייט מאָל, איך פיל זיך הײַנט נישט מיט אַלעמען.

און אַהרן האָט געהאָרכיק פאַרלאָזט דעם אוהל.

משה האָט זיך אַ טרויעריקער אַראָפּגעלאָזט אויפן שוועל פון זײַן געצלט.

דער מידבר איז געלעגן ווי אַ ריזיק־קופּערנער געטש און געשלונגען דאָס זונען־ליכט, וואָס האָט געטריפט פון די בלויע אויסגעשפּרייטקייטן.

אַנטקעגן איבער איז געשטאַנען דער מישכּן, און כּוהנים האָבן געשלעפּט רעוועדיקע רינדער און קעלבער צום אויפגעפּראַלטן אַרײַנגאַנג.

דאָס רעווען פון פי האָט זיך צוזאַמענגעגאָסן מיטן געקלימפּער פון מעשענע פאַנען און טאַצן און זיך אויסגעמישט מיט די געשרייען פון ווײַבספאָלק, וואָס האָט זיך געדרייט אַרום מרימען, משהס שוועסטער.

זקנים האָבן געטראָגן געבראָטענע פייגל, און זייערע בערד האָבן שי־מערירט גלאַנציק־פעט, פאַרשמירטע פון דער שפּײַז.

— דאָס איז דער בן־אָדם, האָט משה געשטאַמלט מיט צער, און זײַנע אויגן האָבן זיך אָנגעגאָסן מיט רחמנות.

ער האָט פּלוצעם דערהערט טריט אין געצלט און אויסגעדרייט דעם קאָפּ. צפּורה האָט זיך אַרײַנגעשלײַכט אַ באָרוועסע, געקומען אַרויסנעמען די געפעסן אין וועלכע זי האָט פריִער געבראַכט דעם אָנבײַסן פאַר משהן. דערזעענדיק אַז די שפּײַז איז נישט אָנגערירט, האָט זי געעפנט אַ פּאָר פרעגנדיקע אויגן:

— משה, האָט זי אונטערטעניק אַ שעפּטשע געטאָן, פאַר וואָס האָט נישט טועם געווען פון דער שפּײַז, משה?

נאָר זי האָט נישט אָפּגעוואַרט זײַן ענטפער, מיט דער געניטקייט פון אַ ווײַב האָט זי תּיכּף דערקענט, אַז איבער משהס שווערע ברעמען הענגען יענע וואָלקנדלעך, וועלכע זי האָט שוין געזען אַ מאָל, וואָלקנדלעך וואָס טוען איר שטענדיק צו וויסן, אַז זי איז איבעריק און ער וויל זײַן אַליין.

און זי האָט זיך אַרויסגעשלייַכט פון געלט.

צווישן אירע צוויי יִנגלעך, גרשון און אליעזר, וואָס האָבן זיך גע־שפּילט אין זאַמד, האָט זי זיך אַוועקגעזעצט, אַוועקגעלייגט דעם קאָפּ אין דער אָפענער דלאָניע און געפּרוווט זיך דערמאָנען, ווען האָט זי שוין גע־זען די דאָזיקע וואָלקנדלעך אויף משהס ברעמען. הינטער אירע פאַר־מאַכטע וויִעס האָבן זיך דורכגעטראָגן בילדער: יאָ, יעדעס מאָל ווען משה האָט באַוויזן נסים פאַרן פאָלק, האָבן זיך באַוויזן יענע וואָלקנדלעך אויף זייַנע ברעמען. יעדעס מאָל ווען ער האָט געלערנט אַהרנען ווי אַזוי עוסק צו זייַן אין מישכּן, ווי אַזוי צו שפּרענגען דאָס בלוט אויפן מזבח, האָבן זיך באַוויזן די דאָזיקע כמאַרעלעך...

און צפּורה האָט אויפגעקרעכצט:

— אוי, אלי, וואָס פאַרשטייט אַ נאַריש ווייַבס־בילד?

דאָס ליכט פון טאָג האָט זיך גענומען שטאַרקן, פאַרפלייצן דעם מידבר.

משה האָט אַרויפגעלייגט זייַן האַנט ווי אַ דעכל פאַר די אויגן און דערזען: קורח, אין שפּיץ פון אַן עדה זקנים, דערנענטערט זיך צו זייַן אוהל.

דער הויכער שטערן משהס האָט זיך פאַרוואָלקנט און מיט אַ ציטער האָט ער געזאָגט אין זייַן האַרצן:

— גאָט מייַנער, זיי קומען ווידער מיך דערווייַטערן פון דיר.

און ער האָט גענומען רופן צו צפּורהן פון יענער זייַט געלט:

— צפּורה, צפּורה, גיי אַנטקעגן, זאָג זיי, איך קען נישט אַצינד, קען נישט אויפנעמען, זאָלן זיי קומען שפּעטער.

ער האָט אַראָפּגעלאָזט די לייַוונטן איבערן געלט און איז אַרייַן אין דער טונקלעניש.

ערשט איצט האָט ער ווידער דערפילט, אַז די בענקעניש נאָך גאָט צעכוואַליעט זיך אין אַלע אינגעווייידן זייַנע, אַ בענקעניש נאָכן וואָרען גאָט פון די אין־סופן, און ער האָט זיך צעוויינט:

— אלי, האָט ער גענומען כליפּען, אלי, זייַ מוחל משהן דייַן קנעכט! זע, האָט ער זיך געבעטן, זע, ווי איך האָב דייַן אין־סופיקע פּראַכט גע־פּענטעט צו די ד׳ אמות פון מישכּן... דייַן פּראַכט פאַרטונקלט מיטן רויך פון בראַנד־אָפּער, זי פאַרשעמט מיט נישטיקייט פון נסים... ער האָט גענו־

מען אַרומלויפן איבערן אוהל מיט אויסגעשפּרייטע הענט און זיך געבעטן:

— האַר און באַשאַפער, זײַ מוחל משהן דײַן קנעכט, וואָרעם צוליב ליבשאַפט צו אָדמס קינדער האָט משה געזינדיקט קעגן דײַן אין־סופיקער פּראַכט...

פּלוצעם האָט ער דערהערט געשרייען אין דרויסן פאַרן צעלט, און צווישן די אַמפּעריײַען האָט זיך געשלענגלט דאָס קוויטשיקע קול פון קורחן.

משה האָט אָפּגעוואַרט אַ ווײַלע, נאָר אַז ער האָט געהערט: דער טומל שטאַרקט זיך, האָט ער אַ צעעפן געטאָן די פליגלען פון אוהל און אַרויס אַנטקעגן דער עדה.

קורח, אין שפּיץ פון זקנים, האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו אים.

און משה האָט זיך אויסגעגלײַכט, געבליבן שטיין ווי אַ פעלדז איי־מיטן ים:

— דערנענטער זיך, קורח, האָט ער אויסגערופן, דערנענטער זיך, משה איז גרייט, גרייט ווי שטענדיק, בעת דאָס פאָלק דאַרף אים האָבן.

# איך וואָלט וועלן, אַז אונדזערע סאַברעס זאָלן עס פאַרשטיין

אין אונדזער שכונה האָט זיך געעפנט אַ נײַ קאַפע־הויז.

געעפנט האָט אים אַ נײַער עולה, וואָס איז ערשט מיט אַ פּאָר חדשים צוריק אויפגעגאַנגען פון רומעניע. אַ ייִד אַ הויכער, אַ ברייטפּלייציקער, מיט אַ געדיכט־צעוואָקסענער באָרד אַרום רויט־באַקיקן פּנים, אַ ייִד מיט לעבעדיקע בטחונדיקע אויגן. איך קען דעם דאָזיקן סאָרט ייִדן, רומענישע אָרענדאַרן. זייער מאַסיווקייט דערמאָנט אין די שווערע דעמבענע פעסער, וואָס פלעגן אָנפילן זייערע ווײַן־קעלערס מיט גילדענע אָדאָבעשטער ווײַנען, און די מילדקייט אין זייערע גרויסע אויגן — די ווייכע וואָליקייט פון זייערע שאָף און רינדער.

איך בין אַרײַן אין נײַעם קאַפע נאָענט צו חצות. דער לאָקאַל איז שוין געווען ליידיק. איך האָב זיך געלאָזט אָנגיסן אַ גלעזל ווײַן, צו וועלכן דער בעל־הבית האָט מיר צודערלאַנגט געפעפערטע באָבעס. אַז ער האָט אַוועקגעשטעלט דאָס גלאָז, האָב איך אויסגעשטרעקט מײַן האַנט:

— שלום־עליכם, האָב איך געזאָגט, פון וואַנען איז אַ ייִד?

— איזן, איז מען, האָט ער גענומען גלעטן די באָרד, איזן, איז מען פון לעבן וויזשניץ, אַ געבערג־ייִד... געהערט אַ מאָל פון אַזאַ מקום?

— האַ־האַ, נאָך ווי געהערט, האָב איך זיך דערפרייט, נישט נאָר געהערט, נאָר טאַקע מיט מײַנע אייגענע פיס געקלעטערט אויף יענע בערג... העט, העט ביז צום נימטשעש...

ער האָט אָן עפן געטאָן אויף מיר זײַנע גרויסע תמימותדיקע אויגן און אויסגעשריגן אַ דערפרייטער:

— נימטשעש, זאָגט איר?... אויפן נימטשעש האָבן אײַערע פיס געקלעטערט?... כי, כי, כי, אויב אַזוי האָבן זיי געדאַרפט אַ מאָל, די פיס

איַיערע, אַריבערקלעטערן מײַן שוועל, דאָס הייסט, מײַן טאַטנס קרעטשמע... כּאַקע אויפן סאַמע גלאָוונעם נימטשעש...

איך האָב נאָך אַ מאָל אַ פיר געטאָן מײַנע אויגן איבערן דאָזיקן ייִד און אויפגעציטערט: גאָט מײַנער, דאָס איז ער דאָך... אָט שטייט ער פאַר מיר... אין איינעם אַ פאַרנאַכט איז עס געווען... די בערג אין זונפאַרגאַנג... צווישן אָוונטגאָלד און בלויע רוישנדיקע קוואַלעכלעך שפּילט אַ פּאַסטעך אויף זײַן פלויער... און אויף דער שוועל פון הײַזקע, וואָס אויפן שפּיץ באַרג, שטייט אַ ייִד... אַ ייִד פונקט ווי צוויי טראָפּן ווײַן ענלעך צום ייִד, וואָס שטייט דאָ איצט אַנטקעגן מיר.

— דער קרעטשמער מתיתל אויפן נימטשעש איז געווען אײַער פאָ־טער?

— יאָ, דער קרעטשמער מתיתל, אויפן נימטשעש, איז געווען מײַן פאָטער, זכותו־יגן־עלינו...

איצט האָט ער זיך אַוועקגעזעצט לעבן מיר, דער בעל־הבית פון קאַפע, אַרײַנגעלייגט דעם באָרדיקן קאָפּ אין די גרויסע האָריקע דלאָניעס און גע־נומען פינטלען מיט די פײַכטע אויגן, און זײַנע באַוואָנצטע ליפּן האָבן נישט אויפגעהערט ציטערן, ווי זיי וואָלטן וועלן אַרויסברענגען אַ וואָרט און נישט קענען.

פון אונדזערע סאַברעס טראַכט איך אַצינד: זיי באַנעמען, אפשר, די סאַברעס אונדזערע, ווער עס איז געווען אַזוינס אַברהם־אָבינו, דער מאַן וואָס האָט אין מיטן אַ גאַנצער וועלט מיט גוים, איינער אַליין אין דער וועלט, דעם כּוח געהאַט צו זײַן — אַנדערש־ווי־אַלע... איינער אַליין מיט זײַן גאָט געלעבט, אַ מענטש אַליין מיט זײַן איינציקן גאָט... נאָר צי ווייסן זיי, די סאַברעס אונדזערע, אַז פאַרמאָגט האָבן מיר נאָך זיידעס, נישט קיין בּיבלישע, און קײַן שום געשיכטע האָט זייערע נעמען נישט פאַרצייכנט; זיידעס, ייִדן פּראָסטע ווי די בערג... צי ווייסן זיי, די סאַברעס אונדזערע, וויפל וווּנדערלעכן כּוח, וויפל גרויסן מענטשלעכן שטאָלץ אַזאַ ייִד, למשל, אַזאַ ייִד ווי מתיתל קרעטשמער האָט געדאַרפט עס פאַרמאָגן! דער דאָזיקער מתיתל קרעטשמער, וואָס האָט אַליין מיט זײַנע בני־בית, אין מיטן ווילדע בערג און נאָך ווילדערע הוצולן, געהיט זײַן ספר־תורה אין אַן אָרון־קודש,

וועלכן ער האָט אַליין אויסגעשניצט, געדאַוונט אין אַ טלית, וועלכן ער האָט פון אייגענער שעפּסן־וואָל אויסגעוועבט, יעדן חודש אלול געבלאָזן פון אַ שופר, וועלכן ער האָט אַליין פון אַן אייגענעם באַראַן־האָרן אויס־געאַרבעט. און כאָטש ס׳איז כמעט קיין מאָל קיין אַנדער לשון ווי גויִיש, פון זײַנע הוצולן־שכנים, צו זײַנע אויערן נישט דערגאַנגען, האָט ער פון דעסטוועגן מיט זײַנע בני־בית גערעדט אַ שמעקנדיקן ייִדיש, פון וועלכן אַרעגדאַרן האָבן געפלאָכטן וויגלידער פון די טײַערסטע ראָזשינקעס מיט מאַנדלען...

איך געדענק אים, דעם דאָזיקן מתיתל אַרענדאַר. ס׳איז געווען אַ פּאָר יאָר פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה — איך בין, ווי יעדעס יאָר, אַרויסגע־פאָרן אין די וויזשענקער בערג אויף זומער־אָפּרו.

אין איינעם אַ טאָג בין איך מיט אייניקע חברים אַרויס אין די וואַל־דיקע בערג אויף אַ שפּאַציר. פאַר נאַכט־צײַט זענען מיר אַרײַן אין די גע־דיכטעניש פון נימטשעש. מיר זענען געווען מיד און דאָרשטיק פון אַ גאַנצן טאָג קלעטערן.

פּלוצעם האָט זיך אָנגערופן אונדזערער אַ חבר:

— חברה, דאָ נישט ווײַט געפינט זיך אַ קרעטשמע, אַ ייִדישע קרעטש־מע.

און מיר האָבן זיך געלאָזט גיין צו איר.

צווישן ווילדע בערג און פאַרפלאָנטערטע וועלדער האָבן מיר פּלוצעם דערזען אַ הילצערנע כאַטע, און פאַר דער כאַטע איז געשטאַנען אַ ייִד מיט אַ ליכטיק גרוי־באָרדיק פּנים און געדאַוונט מנחה אין גאָלד פון זונפאַר־גאַנג. אַז ער איז אויסגעשטאַנען שמונה־עשׂרה, האָט ער אונדז דערלאַנגט שלום און מיר זענען אַרײַן אין דער כאַטע.

— וואָס טוט אַ ייִד איינינקער אַליין צווישן ווילדע בערג און הוצולן, האָב איך אַ פרעג געטאָן.

— אַ ייִד טוט וואָס ס׳איז באַשערט אים צו טאָן, האָט ער מיט אַ ליכטיקן שמייכל געענטפערט, אַ ייִד האַלט אויף ייִדישקייט צווישן ווילדע בערג און גויִים; אַ ייִד הייליקט גאָטס נאָמען אין ווילדעניש... אַ ייִד, האָט ער סודותדיק אַ שמייכל געטאָן, איר מיינט ס׳איז עפּעס אַ קלייניקייט, אַ ייִד! אַפילו אַ פּראָסטער אַרענדאַר האָט זײַן שליחות... אַ וואָזשנע זאַך אַ

ייִד אין דער וועלט, און מען דאַרף האָבן כּוח, אוי, ברודערל, דאַרף מען עס כּוח אין אַזאַ איינזאַמקייט, צווישן אַ וועלט מיט גויִים אויפצוהאַלטן ייִדישקייט... נאָר געלויבט צו גאָט, ער בענטשט אונדז מיט כּוח...

אַזוי האָט גערעדט צו מיר אין יאָר נײַנצן זיבן און דרײַסיק דער קרעטשמער מתיתל אויפן שפּיץ פון נימטשעש־באַרג אין לאַנד בוקאָווינע...

איצט זיץ איך אין נײַנצן אַכט און פופציק אין מדינת־ישׂראל אַנטקעגן זײַן זון יששכר.

אַ ייִד צווישן הונדערטער טויזנטער ייִדן... אַזוי זיצט אַ פּראַנצויז צווישן פראַנצויזן, אַן ענגלענדער — צווישן ענגלענדער.

— אַוודאי, טראַכט איך מיר, אַוודאי, ס'איז אַ גרויסער זכות צו זײַן אַן אויסגעלייזטער ייִד... וואָרהאַפטיק... אָבער זײַן פאָטער מתיתל אַרענדאַר, אין דער איינזאַמער כאַטע צווישן ווילדע בערג און נאָך ווילדערע הוצולן, איז געווען אַן אַ שיעור דראַמאַטישער, איינמאָליקער, ער איז געווען „אַ געשטאַלט", אַ מין אַברהם־אָבינו...

יאָ, אַזוינע וווּנדערלעך־דערהויבענע ייִדן האָבן מיר פאַרמאָגט אין געפּאַלענעם גלות... ס'איז אפשר אַ פּאַראַדאָקס... אָבער ס'איז דאָך אַזוי...

איך וואָלט אַזוי וועלן, אַז אונדזערע סאַבּרעס זאָלן עס פאַרשטיין...

# ר׳ יהושועלע מצבה־קריצער

די קונסט, זאָגט מען, קאָפּירט דאָס לעבן, אָבער אַ מאָל, דאַכט זיך, איז עס גאָר פאַרקערט, איר דערזעט אַ מענטש, אַ לאַנדשאַפט און איר האָט דאָס געפיל, אַז עס איז גאָר אַ קאָפּיע פון אַ קונסט־ווערק, אַזוי פּרעכטיק „נישט־נאַטירלעך״ זעט עס אויס.

אַז איך האָב דאָס ערשטע מאָל דערזען ר׳ יהושועלע מצבה־קריצער, איז דער ערשטער אײַנדרוק געווען, ס׳איז נישט קיין „ווירקלעכער מענטש״, נאָר אַ סקולפּטור פון מיקעל אַנדזשעלאָ. זײַן הויכער געשטרעקטער גוף, אין דער שוואַרצער זײַדענער זשופּיצע, האָט דערמאָנט אין אַ מאַרמאָר־זײַל אין אַ טעמפּל, און די לאַנגע ווײַסע באָרד איז געווען ווי אויסגעהאַקט פון קיזלשטיין.

ער איז געשטאַנען צווישן האַלב־פאַרענדיקטע מצבות, און בעת איך האָב זיך דערנענטערט צו אים, האָט ער זיך אַ וואַקל געטאָן, ווי איך וואָלט אים אויפגעוועקט פון אַ חלום.

איך האָב אים דערלאַנגט שלום און איבערגעגעבן אַ גרוס פון אונדזערן אַ בשותּפותדיקן באַקאַנטן. דעם דאָזיקן גרוס האָב איך אויסגענוצט פאַר אַן אויסרייד, כּדי זיך צו באַקענען מיט דעם וווּנדערלעכן זקן.

מען האָט מיר שוין פריִער געהאַט דערציילט וועגן יהושועלע מצבה־קריצער. פאַר דער מלחמה איז ער געווען אַ דיין אין אַ קליין פּויליש שטעטעלע. בעת די מלחמה־יאָרן האָט ער זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ וואַלד. ער האָט זיך דאָרט אין וואַלד־געדיכטעניש אויסגעגראָבן אַ הייל און געלעבט אין די אינגעווייידן פון דער ערד.

נאָך דער היטלעריסטישער מפּלה איז ער אויפגעגאַנגען קיין ישׂראל און זיך תּיכּף גענומען צום נײַעם האַנטווערק, געוואָרן אַ מצבה־קריצער.

וואָלט אפשר נישט כּדאַי געווען צו באַשרײַבן אַ „באַשרײַבונג״ וועגן

אים. מילא, אַ דיין איז געוואָרן אַ מצבה־קריצער, ווען גייט עס אָן? זאָל ער קריצן געזונטערהייט מצבות. יעדער מעג זיך טאָן וואָס זײַן האַרץ גלוסט... איז אָבער געשען...

נאָך אייניקע חדשים האָט זײַן בעל־הבית, בײַ וועלכן ער האָט געאַרבעט, באַמערקט אַז די מצבות וואָס גייען אַרויס פון ר׳ יהושועלעס הענט, זענען נישט ווי עס קער צו זײַן: אונטער אַלע קריצערײַען, וואָס דאַרפן אויסגעקריצט ווערן אויף אַ מצבה, זענען נאָך פאַראַן אַ פּאָר איבעריקע, קליינע פּיצעלעך קריצעלעך, וואָס מען זעט זיי קוים מיטן אויג. דער בעל־הבית האָט געמיינט אַז דאָס איז מחמת ר׳ יהושועלעס אומגעניטקייט אין דער אַרבעט, איז ער אַרויס קעגן אים מיט טענות, הלמאַי ער, יהושועלע, איז נישט געװנוג מדקדק און האַלט נישט ריין דעם שטיין.

— נאַט, זעט, האָט דער בעל־הבית געטײַטלט אויפן שטיין, נאַט, זעט, ר׳ יהושועלע... און ר׳ יהושועלע האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן, אַ ווײַלע געשוויגן, דערנאָך אַ קרעכץ געטאָן און שטיל אַ שטאַמל געטאָן:

— אַזוי דאַרף עס זײַן... איך גלייב באמונה־שלמה, אַז אַזוי דאַרף עס זײַן...

די דאָזיקע ווערטער האָט דער זקן אַרויסגעזאָגט מיט אַ מיסטישער סודותדיקייט, און געדאַכט האָט זיך דעם בעל־הבית, אַז דער זקן איז אַ קאַפּעלע גערירט, נישט בײַם גאַנצן זינען.

— וואָס דאַרף אַזוי זײַן? האָט ער אַ פרעג געטאָן, איך פאַרשטיי נישט, ר׳ יהושועלע...

דאָ האָט דער זקן זיך אויסגעגלײַכט און אַ זאָג געטאָן שוין הויך אויפן קול:

— ס׳איז נישט קיין איבעריקע קריצעלעך... ס׳זענען אותיות... אותיות פון נעמען...

— וואָסערע נעמען?... איך פאַרשטיי אײַך נישט, ר׳ יהושועלע...

— די נעמען פון ייִדן וואָס האָבן נישט קיין מצבות, פון ייִדן וואָס זענען נישט געקומען צו קבר־ישראל...

דאָ האָט דער בעל־הבית אָפּגעהאַקט די „אויספאָרשונג", וואָרעם ס׳איז אים מיט אַ מאָל קלאָר געוואָרן, אַז דער אַלטער יהושוע איז פון די

יאָרן ליגן אין ערד־אינגעווייד אַראָפּ פון זינען, און דעם זעלביקן טאָג האָט ער אים אָפּגעזאָגט פון דער אַרבעט... מיט אייביקע חדשים שפּעטער האָט זיך דער אַלטער ר׳ יהושע געעפנט אַן אייגענע מצבה־קריצערײַ.

איך האָב אים איבערגעגעבן דעם גרוס פון באַקאַנטן און אויך די מתּנה וואָס יענער האָט אים געשיקט, דעם ספר פון חזון איש „הלכות־שבת".

— יישר־כּוח, האָט ער אַ שמייכל געטאָן און איבערגענומען דעם ספר פון מיר מיט אַ באַוועגונג פון אַ מאַמע, וואָס הייבט אויף איר געציטערט קינד.

איך האָב אַ פיר געטאָן די אויגן איבער די מצבות און אַ זאָג געטאָן:

— איך האָב געהערט, אַז איר זענט זיך נוהג אין יעדער מצבה וואָס מען באַשטעלט בײַ אײַך, אויך אַרײַנצוקריצן אַ נאָמען פון אַ קדוש, וואָס איז נישט געקומען צו קבר־ישׂראל.

— יאָ, האָט ער אַ שטאָמל געטאָן, יאָ, אַזוי בין איך זיך, מיט גאָטס הילף, נוהג...

— און די אבלים זענען מסכּים דערצו?

— יאָ, פאַראַן אַזעלכע וואָס זענען מסכּים. אמת, געציילטע זענען זיי... אָבער פאַראַן, ב״ה, יידן מיט קלוגע הערצער און זיי באַנעמען די קדושה פון ענין... יאָ, דאָס אויסדערוויילטע פאָלק האָט אויך צווישן זיך אויסדער־ווײלטע יחידים... געלויבט זײַן ליבער נאָמען...

— זײַט מוחל, ר׳ יהושועלע, ווי אַזוי זענט איר עס געקומען אויפן דאָזיקן רעיון?

ער האָט טרויעריק אַ שמייכל געטאָן:

— מיר דאַכט, אַז עס וואָלט גיכער געפּאַסט די שאלה: ווי אַזוי זע־נען אַנדערע מצבה־קריצער נישט געקומען אויפן דאָזיקן רעיון?... עס איז דאָך דער הייליקסטער אופן פון הכנסת־אורחים... אויב עמעצער וואָלט אָנ־געקלאַפּט אין דײַן טיר אין אַ שטורעמדיקער ווינטערנאַכט, וואָלסטו דאָס האַרץ געהאַט אים נישט צו עפענען?... און ליגן פון יענער זײַט קבר־ישׂראל איז דען נישט מוראדיקער פון אַ פאַרבלאָנדזשעטן אין אַ זאַווע־רוכע?... צו קבר־ישׂראל קענען מיר זיי נישט ברענגען, אָבער זייערע נע־

מען אַרויפלאָזן אויף אונדזערע מצבות און אַזוי אַרום זיי פאַרבינדן מיט אונדז, דאָס קענען מיר דאָך...

ער האָט אַ טײַטל געטאָן אויף אַ מצבה און געזאָגט:

— איר זעט, די דאָזיקע מצבה האָט באַשטעלט בײַ מיר אַ ייִד אַ פּראָסטער, אַן אָרעם שנײַדערל. פאַר זײַן בן־יחיד, אַ ייִנגעלע פון אַ יאָר פינף, האָט ער זי באַשטעלט... אַ טײַערער ייִד, אַ פּראָסטער נאָר אַ הייליקער ייִד, האָב איך אים אָנגעבאָטן דעם כבוד און אויף דער מצבה פון זײַן בן־יחיד אויסגעקריצט אויך די זעקס נעמען פון ייִנגעלעך פון אונדזער שטעטל, וועלכע מען האָט לעבעדיק באַגראָבן פאַר מײַנע אויגן... אַלע זעקס נעמען האָב איך געדענקט אויף אויסנווייניק... הייליקע, ייִדישע, כשרע נעמען... איצטער האָב איך זיי באַהאָפטן מיטן שנײַדערס בן־יחיד אויף דער דאָזיקער מצבה...

ער האָט אַ גלעט געטאָן דעם שטיין און אויף זײַנע ווײַסע לאַנגע וויִעס האָבן אויפגעלויכטן טרערן אַנטקעגן דער זון, וואָס איז געשטאַנען איבער די בערג פון יהודה.

# אַ למד־וואָוניצע

נעבן אַ הויז פון רויטע ציגל, אין אַ זײַטיק געסל פון דער שטאָט ראשון־לציון, איז פאַראַן אַן אַלטער באָקסער־בוים, און אונטערן דאָזיקן בוים שטייט אַ באַנק פון פּראָסטן שטיין, און אויף דער דאָזיקער באַנק האָב איך זי גע־טראָפן זיצן אין איינעם אַ באַגינען. ווי מען וואָלט זי אויסגעשניטן פון אַ ביבליש מעשׂהלע איז זי געזעסן. און אירע אויגן — מיט דער גאַנצער גוטס־קייט פון דער וועלט האָבן זיי געשמייכלט קעגן דער אויפגייענדיקער זון. און איר פּנים, העלפאַנד־בלאַס און איידל, האָט זיך געראָזיקט אין דער יונגער ליכטיקייט פון טאָג.

איך האָב זיך אָפּגעשטעלט אַ פּאַרגאַפטער און מײַנע ליפּן האָבן אַ שעפּ־טשע געטאָן מיט פאַרכטיקייט:

— אַ גוטן מאָרגן אײַך, באָבעשי!

— אַ גוט יאָר דיר, מײַן זון.

— זײַט מוחל, האָב איך געזאָגט און שטיל געבליבן מחמת איך האָב נישט געפונען דעם פאָדעם מיט וועלכן איך זאָל פאַרבינדן אַ שמועס מיט דער דאָזיקער ווונדערלעכער פרעמדער.

זי האָט זיך אויפגעהויבן פון דער שטיינערנער באַנק און זיך דערנענ־טערט צום פּלויט בײַ וועלכן איך בין געשטאַנען:

— ביסט אַ פרעמדער דאָ, מײַן זון? זוכסט עפּעס און קענסט נישט געפינען?

— יאָ, אַ פרעמדער בין איך דאָ, האָב איך זיך אָנגעכאַפּט אין אירע ווערטער, אַ פרעמדער, אַן עולה חדש...

— קום אַרײַן, האָט זי געזאָגט, קום אַרײַן וועסטו עפּעס איבערבײַסן מיט דער באָבעשי. איך האָב פרישע מילך פון מײַנע אייגענע ציגן און אויך מאָן־בייגעלעך, נאָר וואָס געבאַקן.

— קום אַרײַן, מײַן זון.

נאָך אַ קורצער ווײַלע זענען מיר שוין געזעסן אין שטוב בײַ איר, נעבן געגרייטן טיש.

— ווינט די באָבעשי אַליין דאָ? האָב איך שטיל געפרעגט.

— אַליין און נישט אַליין, מײַן זון... פאַראַן, ב״ה, אַ גאָט אויף דער וועלט, און מײַן הויז, דאָס הויז פון דער אַלטער זעלדע, שטייט נישט, חלילה, מחוץ דער וועלט... און אויב אַזוי איז דאָך גאָט אויך מיט מיר... אין אויך גוטע מענטשן קומען אַרײַן אַ מאָל צו דער אַלטער זעלדע־ברכהן, און איך גיי צו זיי... עס איז אַ מענטש, אַפילו דער עלנטסטער, נישט אַליין אין דער וועלט... געלויבט זײַן ליבן נאָמען...

— אַזוי איז עס, האָב איך מסכּים געווען, אָבער, איך מיין... צי האָט די באָבעשי קינדער און אייניקלעך?

זי האָט אַ שמאָכע געטאָן:

— אויב קינדער און אייניקלעך רופט מען נאָר אַזוינע וואָס שטאַמען פון דײַן אייגענער טראַכט, פאַרמאָג איך נישט, מײַן זון... נאָר מײַן האַרץ טוט זיך, ב״ה, בייגן מיט ליבשאַפט צו יעדערן און איטלעכן, און עס צאַרנט מיר קיינער נישט אויב איך רוף אים „זון״ אָדער „אייניקל״... און קינדער לאָזן מיך, ב״ה, גלעטן זייערע קעפּעלעך, און גוטע מאַמעס טוען מיך לאָזן גענענען צו זייערע טעכטערלעך, און די קינדער לאָזן זיך פון מיר צוואָגן... אויך גוטע קימפּעטאָרינס לאָזן מיך, ב״ה, זייערע פּריש־געבוירענע באָדן און וויקלען, און גאָט איז לײַטזעליק צו מײַנע הענט, און איך טו אָפּ ווי עס קער צו זײַן מײַן עבודה... יאָ, מײַן זון, אויך דערוואַקסענע זענען גוט צו מיר און דערפילן מײַנע בקשות צו דינען זיי: אַ קראַנקע נעמט אָן דאָס טעפּל געקעכטס וואָס איך ברענג איר, און לאָזט אויפרוימען די שטוב פון מיר, און שמייכלט מיט גוטסקייט צו מיר, בעת איך שטעל זיך אויסוואַשן די אָרעמע וועש אירע. מענטשן זענען, ב״ה, גוט און נעמען אָן מײַן דינען זיי. זיי פילן, אַז איך האָב דערפון תּענוג, לאָזן זיי מיך...

— ציט טאָקע די באָבעשי איר חיונה דערפון?...

— ניין, מײַן זון, מײַן חיונה ציִ איך, ב״ה, פון שטײַג מיט היינער... אָט זע, האָט זי מיר אַ ווײַז געטאָן צו די פענצטער וואָס אין הויף אַרײַן, דאָרט שטייט מײַן שטײַג מיט טײַערע חנעוודיקע היינער...

איך בין צו צום פענצטער און דערזען:

טאַקע, אַ שטיַיג מיט הונדערטער הינער, און דערנעבן אין אַ הייפל פּאַשען זיך פיר וויַיסע ציגן.

— די ציגן זענען אויך דער באַבעשיס?

— יאָ, אויך די ציגן, מײַן זון, און אויך דער אויפּס־גאָרטן איז מײַנער. איך פאַרמאָג, ב"ה, פון אַל דאָס גוטס... איך האָב קיין טענות נישט צו זײַן ליבן נאָמען... נישט צו אים און נישט צו דער וועלט זײַנער... איך האָב זי ליב גאָטס וועלט, ווי אַן אייגן קינד האָב איך ליב גאָטס וועלט.

זי האָט עס אַרויסגעזאָגט, און פון אירע רייד האָט אַ קוואַל געטאָן אַ גאַנצער אין־סוף מיט ליבשאַפט.

אַז איך בין געשטאַנען גרייט שוין צו פאַרלאָזן איר הויז, האָט זי צע־עפנט אַ פּאָר בעטנדיקע אויגן אויף מיר און זיך מילד אָנגערופן:

— האָב נישט קיין פאַראיבל, מײַן זון, איך האָב צו דיר אַ בקשה... זאָג נישט אָפּ דער אַלטער זעלדע־ברכהן, דערבאַרעם זיך אויף מיר.

און איידער נאָך איך האָב באַוויזן איר צו ענטפערן, האָט זי מיט פלינקע טריט זיך אַ לאָז געטאָן צום הייפל... נאָך אַ ווײַלע האָט זי צוריקגעקערט זיך מיט צוויי ווײַסע הינער אין די הענט.

— אָט, מײַן זון, טו מיר אַ טובה און נעם אָן מײַן געשאַנק, דערפריי דאָס האַרץ פון דער אַלטער זעלדע־ברכהן, נעם די צוויי הינדלעך און פאַר־ניץ זיי געזונטערהייט... זי האָט עס אַרויסגעזאָגט מיט אַזאַ קינדישער תּמי־מות און אירע אויגן זענען פול געוואָרן מיטן ווונדערלעכן ליכט פון ליבשאַפט.

און וואָס האָב איך געקענט דען טאָן? האָב איך זיך דען געקענט רע־כענען מיט מײַן שטאָלץ נישט אָנצונעמען קיין נדבות? איז דען נישט בילכער געווען דער אַלטער זעלדע־ברכהס ליבשאַפט פון מײַן נעבעכדיקן שטאָלץ?...

# הערשעלע אָסטראָפּאָליערס אַן אייניקל

איר ווילט האָבן דעם כבוד און דעם תּענוג אים צו זען, אים — דאָס סאַמע גלאַוונע אייניקל פון הערשעלע אָסטראָפּאָליער? זייט זשע אייַך מטריח און כאַפּט אייַך אַריבער אין דאָרף ב.; אַנטקעגן פּרדס, לעבן דער טאָלעקע ווו עס פּאַשען זיך די טשערעדעס פון דאָרף, שטייט אַ הילצערנער צריף, און דערינען צווישן אַלערליי שוסטערישע מכשירים זיצט אויף אַ פוס־בענקעלע ער אַליין. אין איין האַנט האַלט ער אַ העמערל, אין דער צווייטער — אַ שוך, און אין מויל — אַ זשמעניע פלעקלעך. און זייַנע פינקלדיקע אויגן פינטלען מיט חכמה הינטער די בלעכענע שפּאַקולן.

איך האָב זיך דערנענטערט צו אים און אַ זאָג געטאָן:

— גוט־מאָרגן, פעטער, אפשר וועט איר אַזוי גוט זייַן און מיר לייגן אַ פּאָר זוילן? ער האָט אַ הייב געטאָן די אויגן אַריבער די שפּאַקולן און אַ לאַך געטאָן:

— מייַן זיידע, זאָל זיך מיזען, האָט שוין געזאָגט אַ מאָל: דער מענטש איז געגליכן, להבדיל, צו אַ בהמה. דער קו — אַז מען גיט איר שטרוי, באַצאָלט זי מיט מילך, און דער מענטש פאַר אַ פּאָר קלינגערס גיט אייַך זייַן שוויס... אַלע גייען מיר אין איין שפּאַן פאַרן בידנעם ביסן... באַצאָל, ברודערל, וועל איך אייַך מאַכן אַ פּאָר זוילן, וואָס אַזוינס האָט זיך נאָך נישט געזוילט, זינט זוילן זוילן זיך...

— הע, הע, האָב איך אַ וווּנק געטאָן, הע, הע, חוץ אַ שוסטער, זע איך, זענט איר אויך אַ ווערטל־זאָגער...

ער האָט אַרויסגענומען אַ פלעקל פון מויל און אַ ברייַע געטאָן:

— בינען בין איך מייַן זיידנס אייניקל, אַ קאָפּיע פון אים, ווי דער רבונו־של־עולם וואָלט אונדז געוועזן אַראָפּגענומען פון איין קאָפּיטע. מייַן זיידע האָט שוין געהאַט געזאָגט אַ מאָל: דער רבונו־של־עולם איז אַ קמצן,

מיט איין שניט שנײַדט ער אויס צוויי זוילן אויף אַ מאָל, טפו, איך מיין, צוויי מענטשן. מיך מיט מײַן זיידן האָט ער אויסגעשניטן מיט איין שניט פון איין שטיקל לעדער... כאָטש מײַן זיידע איז נישט געווען קיין שוסטער...

— וואָס דען איז געווען אײַער זיידע?

— מײַן זיידע, זאָל זיך מיִען, איז געווען דער הויף־לץ בײַם רבין ר׳ ברוכל...

אַז איך האָב אים אָנגעקוקט דערשטוינט, האָט ער זיך אָנגערופן:

— וואָס, איר ווייסט נישט ווער עס איז געווען דעם רבין ר׳ ברוכלס הויף־נאַר?... איר האָט קיין מאָל נישט געהערט פון הערשעלע אָסטראָ־פּאָליער?...

— וואָס הייסט נישט געהערט! אַוודאי געהערט... הער נאָר אַ מעשׂה, הערשעלע אָסטראָפּאָליער איז עס געווען אײַער זיידע?

כי, כי, האָט ער זיך צעלאַכט, כי, כי, וואָס דען אײַער זיידע, אפשר?

— ניין, מײַנער נישט, האָב איך באַשטעטיקט.

— נו, האָט ער ווײַטער געלאַכט, נו, עמעצנס זיידע מוז ער דאָך זײַן... אַז אײַער, זאָגט איר, איז ער נישט געווען, איז ער מײַנער... וואָס אַרט עס אײַך? איר פאַרגינט מיר נישט?

— זאָל אײַך וויל באַקומען, האָב איך אים אָנגעווונטשן.

— זעט נאָר, האָט ער פּלוצעם אַ ווײַז געטאָן, זעט נאָר, אסתּר־המלכּה שפּאַנט...

איך האָב אויפגעהויבן די אויגן און דערזען:

אַ קליין אײַנגעדאַרט ווײַבעלע דערנענטערט זיך צום צריף און אירע הענט פּאָכען ווי שווערדן.

— ער דברט שוין, זאָגט זי, אַז דאָס מויל פאַרמאַכט זיך אים נישט, שטאָט צו אַרבעטן, דרשנט ער, מײַן הערשעלע אָסטראָפּאָליער...

— דאָס איז מײַן ייִדענע, זאָל געזונט זײַן, האָט ער אַ ווײַז געטאָן אויפן אײַנגעדאַרטן באַשעפעניש, זעט נאָר, אַ קאָפּיע פון אסתּר־המלכּה...

— בײַס דיר אָפּ די צונג, שוסטערוק, איז זי שטיין געבליבן בײַם צריף, ווערטלעך זאָגט ער, און אין שטוב איז נישטאָ אויף שבת.

— האָסט דאָך שוין אויף שבת, האָט ער אַ לאַך געטאָן, אַז לײַכטן

לייַכטסטו ווי די שענסטע שבת־ליכט, שמעקן שמעקסטו ווי דער שמעקנדיק־סטער צימעס... נאָר וואָס? קיין לויט פלייש איז אויף דיר נישט פאַראַן... ווען מיר מאַכן שבת אָן פלייש, בלויז מיט ביינער...

— ווערן זאָל פון דיר אַ באַרג מיט ביינער, האָט זי געגומען שעלטן, אײַנזינקען זאָל „סערעדנע" אַזיע, ווו איך האָב זיך באַקענט מיט דיר...

ער האָט אַ לאַך געטאָן צו מיר:

— אמת, אין מיטל־אַזיע האָב איך געטראָפן די דאָזיקע מציאה... פרעגט איר דאָך, מסתּמא, פאַר וואָס איך האָב זי גענומען? פשוט, ברודער, ווערליק די מציאות וואָס מען קריגט אויף די רוסישע יאַרידן, איז זי אויך געווען אַ סחורה... נאָר דאָ אין ישׂראל, טויג זי אַפילו נישט אויף שמעלץ פאַר אַ תּימנער...

— און דו ווער ביסט? קוק אים נאָר אָן, דעם גראַף מײַנעם!

— איך, האָט ער גענומען ציִען יעדעס וואָרט, איך בין, ב״ה, אַ מאַנס־פאַרשוין און וואָלט איך געוואָלט, קען איך מיר נעמען צען תּימנער ווײַבער און אַלע צען אַרויסשיקן שטיבער צו רוימען, און אַליין וואָלט איך מיר געזעסן אויף אַן איבערבעט און געררייכערט אַ נאַרגילע און געזאָגט גלייַכ־ווערטלעך ווי מײַן זיידע, זאָל זיך מיִען, הערשעלע אָסטראָפּאָליער.

זי האָט זיך אַ ווענד געטאָן צו מיר:

— איר גלייבט אים טאַקע, אַז ער איז הערשעלע אָסטראָפּאָליערס אַן אייניקל? אָסור! ער איז אַ שוסטערוק בן שוסטערוק, ביזקל אַהרן־הכּהן...

— אַ כּהן זענט איר? האָב איך אַ פרעג געטאָן.

— יאָ, האָט ער געענטפערט, אַ כּהן, אָבער נישט קיין בעל־כּעס... וואָ־רעם וואָלט איך געווען אַ כּעסן, וואָלט איך געגעבן מײַן יידענע צו שלינגען פּלעקלעך און עסן לעדער און מיט דער שטעפּ־מאַשין איר פאַרשטעפּט די לעפּצן...

— ביילטשע, האָט ער זי פּלוצעם אַ שטורכע געטאָן, זײַ מיר מוחל, איך ווערטל זיך אַ ביסל... מיינסט איך האָב דיך פײַנט, חלילה, אָסור! נאָר אויפן האַרצן איז אָנגעזאָליעט, ביטער־גאַל, ווייל מען אַ ביסל פאַרזיסן מיט אַ גלייַכווערטל... זײַ מיר מוחל, ביילטשע...

און ער האָט אויסגעשטרעקט זײַן האַנט און איר אַ גלעט געטאָן די פּאַטשיילע.

— נאָ, האָט ער געזאָגט, נאָ, אָט האָסטו דיר אויף שבת...

און ער האָט איר דערלאַנגט אַ פּאָר לירעס...

— נו, זײַ מיר און האָב מיר, האָט זי אַ ברום געטאָן אַן איבערגעבעטענע און האָט אַוועקגעהאָפּסלט...

אַז זי איז פֿאַרשוווּנדן, האָט ער זיך אָנגערופֿן:

— איר מיינט, מײַן האַרץ רײַסט מיר נישט אויף איר? טאַקע מיט סכּנות. זי איז טאַקע ווײַט פֿון אַ פּראַכט, אָבער פּאָרט אַ גאָטס־באַשעפֿעניש... נאָר וואָס? אַזאַ קרענק שוין בײַ מיר, איך מוז זיך ווערטלען... דאָס האַרץ טריפֿט מיט בלוט, און איך מוז זיך ווערטלען... אין גאַנצן אַרײַנגעראָטן אין מײַן זיידן, הערשעלע אָסטראָפּאָליער...

# בעל־עגלות

דעם אַלטן יאַנקו בוסטיאַנו וועט איר דערקענען פון דער ווײַטנס, אַז ער איז אַ „געבוירענער בעל־עגלה". אַפילו ווען ער זיצט נישט אויף זײַן וואָגן און האַלט נישט די לייצעס אין די האַריקע הענט, נאָר אין מיטן שבת בעת ער גייט מיטן טלית אין שול אַרײַן, איז אויף זײַן גאַנצן געשטעל אויסגעגאָסן דער „קוטשער". ער געהערט צו יענעם מין מאָלדאַווישע ייִדן, וואָס האָט פון די קינדער־יאָרן שוין געגעכטיקט מיט די פערד אין שטאַל, און אויף זײַן רויטן פאַרוואַקסענעם פּנים איז פאַראַן עפּעס פון דער תּמימותדיקער שטילקייט, וואָס איז אויסגעגאָסן אויף פערד, וועלכע זענען אַנטדרימלט געוואָרן איבער אַ קאָרעטע האָבער.

אין דאָרף ג. האָט ער נאָך פאַר נײַן יאָרן, תּיכּף נאָך זײַן עולה זײַן קיין ישׂראל, זיך אײַנגעהאַנדלט אַ פערד מיט אַ וואָגן, און אין ערשטן פרי־מאָרגן איז ער אַרויסגעפאָרן אין דאָרף מיט אַזאַ רו און אײַנגעפונדעוועט־קייט, גלײַך עס וואָלט זיך גאָרנישט געווען געביטן: אין זײַן היימשטעטל אין מאָלדאָווע איז ער אַזוי געפאָרן צווישן קאַשטאַנען־ביימער און טאָ־פּאָליצעס, און דאָ אין ישׂראל פאָרט ער אַזוי צווישן מאַראַנצן־און טייטל־ביימער...

פאַר נײַן יאָר זענען זײַנע צוויי זין נאָך נישט געווען קיין בר־מצוה־ייִנגלעך. אַ צווילינג רויטהאָריקע יאַטן מיט שמאָלע באַוואַקסענע שטערנס ווי די ביקלעך. שוין אין די ערשטע חדשים האָבן זיי צו זייער מאָלדאַווישן ייִדיש גענומען צומישן „לשון־קודש־ווערטער", ווי זיי וואָלטן אַרויס־גערעדט פון אַ חומשל.

— הער נאָר, האָט דער אַלטער יאַנקו אַ מאַך געטאָן צו זײַן ייִדענע, הער נאָר ווי די יונגען אונדזערע קנאַקן עס תּרגום־לשון, עסן פײַגן מיט טייטלען און קנאַקן לשון־קודש אויף ביידע באַקן... כאַ־כאַ, האָט זיך דער

אַלטער צעקוואָלן, זיי וועלן טרײַבן דעם וואָגן און רעדן צו זייערע לאָשי־קעס אויף חומש־לשון... הער נאָר אַ מעשׂה... אַ פרישער סאָרט בעל־עגלה.

— בײַס דיר אָפּ די צונג, האָט די אַלטע יאַנקעלעכע זיך פאַרקרימט, בײַס דיר אָפּ די צונג, זיי וועלן נישט זײַן קיין בעל־עגלות, די קינדער מײַנע.

— זיי וועלן יאָ זײַן, האָט ער אַ ברום געטאָן, וואָסי, עס שטייט דיר נישט אָן דער יִיחוס ?...

איצט, נאָך נײַן יאָר, טרײַבט נאָך אַלץ דער אַלטער יאַנקו בוסטיאַנו זײַנע סוסים איבערן דאָרף, און די יונגען זײַנע זענען אי יאָ בעל־עגלות אי נישט: שאָפערן זענען זיי. זיי האָבן אָן אייגענעם לאַסט־אויטאָ און פירן סחורות קיין תּל־אָביב.

— ס׳איז נישט דאָס, זאָגט דער אַלטער, ס׳איז נישט דאָס, אַ מאַשין איז דיר נישט קיין לעבעדיקער לאָשיק, אַ מאַשין איז אַ באַשעפעניש אָן אַ נשמה. עט, עט, מיטן פערד דײַנעם אין שטאַל קענסטו אַ שמועס טאָן ווי סע קער צו זײַן. קוקסט אים אין די גוטע פערדישע אויגן, גלעטסט אים דעם קלוגן האַלדז, רעדסט דיר אויס דאָס האַרץ פאַר אים, און ער פאַרשטייט דיך... נאָר אַ מאַשין, זי פאָרט טאַקע גיכער, אָבער ס׳איז גאָרנישט שבגאָר־נישט, אַ באַשעפעניש אָן אַ האַרץ.

די יונגען לאַכן:

— ס׳איז הײַנט אַן אַנדערע וועלט, טאַטע, זאָגן זיי. אַ וועלט איז הײַנט, וואָס אײַלט זיך, נישט פאַראַן קיין צײַט צו פאָרן מיט דײַנע לאָשיקעס, מאַ־שינען דאַרפן מיר, מיר זענען אַ ציוויליזירט פאָלק אין אַן אייגן ציוויליזירט לאַנד.

— „ציוויליזירט״, לאַכט דער אַלטער, וואָס הייסט אַזוינס „ציווילי־זירט״ ? אַז איך פאַרשטיי נישט אײַער לשון־קודש...

אין די צײַטן פון דער סיני־אַקציע זענען זײַנע יאַטן אַוועק מיט דער מאַשין אויפן פראָנט.

— הערסט, האָט דער אַלטער אין יענער נאַכט גערעדט צו זײַן לאָשיק אין שטאַל, הערסט, ברודער, דעם אַלטן יאַנקוס זין זענען אַוועק אין דער מלחמה... וואָס מיינסטו, האָט ער געגלעט דעם האַלדז פון פערד, וואָס

מיינסטו, ס'איז עפּעס סתּם דיר אַ מלחמה? דער וואָלעך, מיינסטו, איז גע־גאַנגען שלאָגן זיך מיטן טערק? ניין, ס'איז אַן אייגענע לײַבלעכע מלחמה, מײַנע זין זענען ייִדישע זעלנער און די מלחמה איז אַ ייִדישע מלחמה, אַ מלחמה ווי אין חומש שטייט געשריבן, אַ מלחמה ווי אין די צײַטן פון יהושוע בן נון... הע הע, צי פאַרשטייסטו, פערד מײַנס?

ווען די זין זענען אין איינעם אַ פאַרנאַכט אַרײַנגעפאָרן אין דאָרף אַרײַן, זיך צוריקגעקערט פון שלאַכט, איז דער אַלטער יאַנקו גראָד געשטאַנען מיט זײַן פערד און וועגעלע און אָפּגעלייגט אַ סטויג היי. אַז ער האָט זיי דער־זען, די זין זײַנע, האָבן זיך זײַנע אויגן אָנגעגאָסן מיט טרערן און ער האָט אַ זאָג געטאָן:

— זע נאָר, מײַנע יהושוע בן נונס האָבן זיך צוריקגעקערט פון שלאַכט...

ער האָט געהאַלטן אַראָפּגעלאָזט דעם שווערן באַוואַקסענעם קאָפּ, ווי ער וואָלט נישט וואָגן צו קוקן זײַנע זין גלײַך אין די אויגן אַרײַן. און אַזוי מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן האָט ער שטיל געברומט צו זיך:

— הער נאָר אַ מעשׂה, דאָס גאַנצע שטעטל, גאַנץ מאָלדאָווע וואָלט נישט געגלייבט, ווען זיי וואָלטן געהאָרכט די מעשׂה, אַז דעם אַלטן יאַנקו בוסטיאַנוס יאַטן זענען געוואָרן...

ער האָט נישט דערזאָגט „וואָס געוואָרן", וואָרעם עס האָבן אים פאַר־פעלט די ווערטער, נאָר געפּילט האָט ער, אַז ער, יאַנקו בוסטיאַנו דער בעל־עגלה, ער מיט זײַנע זין זענען געוואָרן לײַבלעכע ברידער מיט יענע חומש־ייִדן, וועגן וועלכע ער האָט קינדווײַז אין חדר געלערנט, מיט יענע חומש־ייִדן, וועגן וועלכע דער אַלטער רבי זײַנער, רבי ר' יאָסעלע, האָט אַזוי פיל אָנדערציילט די ייִנגלעך צווישן טאָג און נאַכט אין אַלטן בית־מדרש...

הערט נאָר אַ מעשׂה!

# אין משוגעים־הויז

אין קאָרידאָר, לעבן אַ פענצטער, וואָס קוקט אַרויס צום גאָרטן, איז געזעסן אַ מאַן, אַ מיטליאָריקער, איינגעבויגן איבער אַ גאַנצן הויפן מיט ספּרוזשינקעלעך, רעדעלעך שרייפעלעך. ער איז געזעסן מיט אַ גלעזל ווי אַ זייגערמאַכער, און געמייסטרעוועט מיט די שאַלעמויניסן.

— מר גרונער, האָט דער דאָקטער אַ רוף געטאָן, מר גרונער, אַ פאַר־שטייער פון דער פרעסע פרעגט זיך צו אייַך...

דער פאַרשוין האָט אַ הייב געטאָן דעם קאָפּ צו אונדז און אַ ברום געטאָן:

— איך וויל נישט מען זאָל מיר שטערן אין מיין אַרבעט...

— מר גרונער, האָב איך געזאָגט, פאַרשטייט, מר גרונער, די וועלט האָט אַ רעכט צו וויסן, וואָס זיינע גאונים גרייטן פאַר איִם...

ער האָט מיך פאַרשנדיק אָנגעקוקט און זיך צעלאַכט:

— די וועלט האַלט מיך דען פאַר אַ גאון ?... די וועלט גלייבט דאָך נישט אין מיר, די וועלט האָט דאָך מיך פאַרשפאַרט אין משוגעים־הויז... די וועלט, איך האָב זי צען איילן אין דער ערד, די וועלט.

— איר האָט אַ טעות, מר גרונער, די וועלט ווייסט וועגן אייַך, און די וועלט דערוואַרט אַ סך, גאָר אַ סך פון אייַך...

— אַזוי ?... האָט ער צעעפנט די אויגן, אויב אַזוי בין איך באַרויִקט, פולשטענדיק באַרויִקט, הער זשורנאַליסט... זיצט, ביטע, נעמט אייער אינ־טערוויו פון מיר.

איך האָב זיך אָוועקגעזעצט לעבן אים, אַרויסגענומען פּאַפּיר און פע־דער. ערשט איצט האָב איך דערזען זיין פּנים:

אַ טיפּיש געזיכט פון אַן אינטעלעקטואַל, די אויגן הינטער די ברילן האָבן אַרויסגעבליצט מיט חכמה און ענערגיע, און די ליפּן זענען געווען

שאַרפע, פאַרביסענע, מיט יענער עקשנות פון אַ זוכער, וואָס ווערט נישט מיד ביז ער דערגרייכט נישט זײַן ציל.

— פון וואַנען שטאַמט איר, מר גרונער ?

— פון פוילן, פון וואַרשע. מײַן פאָטער איז געווען אַ זייגער־מאַכער, אַ זייגער־מאַכער און... אַ יאָלד... כי, כי, כי, געלאַזט זיך אַרײַנגאַרן פון דער מאַמען, זאָל זיך מיִען, געהאַרעוועט פאַר איר און פאַר די קינדער, פאַרריכט זייגערלעך און געמאַכט פרנסה... און צוליב דער פרנסה האָט ער פאַרגעסן דעם עיקר...

אַז ער האָט אַ לאַנגע ווײַלע געשוויגן, האָב איך איבערגעריסן דאָס שווײַגעניש :

— וואָס איז עס געווען דער עיקר, אין וועלכן אײַער פאָטער האָט פאַרגעסן ?

— איר זענט אַ טיפּש, הער זשורנאַליסט... איר ווייסט נישט וואָס דער עיקר איז ?... דער עיקר איז דער פּופּיק פון דער וועלט, דער סאַמע גלאַוו־נער פּערפּעטוום מאָבילע...

— אײַער פאָטער, זאָל זיך מיִען, האָט שוין אויך געאַרבעט אויפן פּער־פּעטוום מאָבילע ?

— טיפּש וואָס איר זענט, האָט ער אַ דונער געטאָן, טיפּש אײנער וואָס מיינט איר, איך האָב אָנגעהויבן פון זיך אַליין ?... נישטאָ קיין אָנהייב אין אין־סוף, ס׳איז אַן אין־סופיקע קייט פון רעדעלעך, איינס אין צווייטן, איינס אין צווייטן, רעדעלעך, רעדעלעך, רעדלדיקע רעדער, דאָס איז גאָטס מאַשינעריע, אייביק דרייט זיך עס... און דער מענטש, וואָס פּרוּווט אַלץ נאָכ־מאַלפּעווען דעם רבונו־של־עולם, וויל אויך די דאָזיקע קונץ אים נאָכמאַכן, דעם פּערפּעטוום מאָבילע... איר פאַרשטייט, הער פאַרטיפּשטער זשורנאַ־ליסט ? איר פאַרשטייט, וואָס עס באַטײַט אַזוינס פּערפּעטוום מאָבילע ?... דאָס באַטײַט, אַז אויב איך וועל אַ קוועטש טאָן אויף אַ קנעפּל, וועט זיך נעמען דרייען : באַנען וועלן זיך אייביק באַוועגן אָן קוילן, עראָפּלאַנען אָן בענזין און דאָס מענטשלעכע האַרץ וועט אייביק אַרבעטן אָן בלוט... עס וועט זײַן דאָס אייביקע לעבן פון מענטשן... איר פאַרשטייט, פאַניע נאַרי־שער זשורנאַליסט ! ! !..

— איך פאַרשטיי, מר גרונער, אָבער איך וואָלט וועלן וויסן, ווי ווײַט זענט איר פון אײַער גיגאַנטישער דערפינדונג ?

— נישט ווײַט, הער זשורנאַליסט... מען קען זאָגן, אַז איך האָב עס שוין דערפונדן, ביין, נישט מען קען זאָגן, נאָר עס איז שוין אַ פאַקט... יעדע רגע קען איך אַ דריק טאָן אויפן באַשטימטן קנאָפּ און יעמוד, עס הייבט זיך אָן דאָס אייביקע לעבן...

— פאַר וואָס זשע, אויב איך מעג פרעגן, טוט איר נישט, מר גרונער, יענעם געבענטשטן קוועטש אויפן קנעפּל, יענעם געבענטשטן קוועטש, וואָס וועט אונדז שענקען דאָס אייביקע לעבן ?...

— טיפּש, האָט ער אַ געשריי געטאָן און ראַפּטעם גענומען אַרומ־לויפן איבערן קאָרידאָר, טיפּש, וואָס פאַרשטייט איר נישט ? דאָ ליגט דאָך דער גאַנצער ענין : זײַן אָדער נישט זײַן... דאָס הייסט, איין צענטראַלע גע־וויסנפראַגע האַלט מיך אָפּ פון דער לעצטער קאָנסעקווענץ... און די פראַגע איז : צי מעג איך צונעמען בײַם מענטשן זײַן לעצטע האָפענונג, זײַן לעצטן אויסוועג...

פאַרשטייט, הײַנט צו טאָג האָט דער מענטש אַ טרייסט, אָן אויסוועג : זײַן מאַיעסטעט, דער טויט וועט אים באַפרײַען, באַפרײַען פון הבל־הבלים, פון אומזין, פון אייביקער פוסטקייט... מאַלט אײַך אויס די קללה פון איי־ביק לעבן : אַ שנײַדער וועט מיליאָנען יאָרן זיצן און נייען קנעפּלעך, אַ שוסטער קלאַפּן פלעקלעך, אַ פישער כאַפּן מיליאַרדן יאָר פיש אין ים, אַ שוחט ביליאָנען יאָרן שעכטן הינער און אַ דאָקטער טויזנט דורות מאַכן קליסטירן און געבן ריצנאייל... איר מאַלט אײַך אויס, פאַניע זשורנאַליסט, ווי אַזוי עס וועט דעמאָלט אויסגיין פון בענקשאַפט דער מענטש, פון בענק־שאַפט נאָך אַ קרישקע טויט, און דער טויט וועט נישט קומען, וואָרעם עס וועט דאָך זײַן אַ טויט אויפן טויט... מאַלט אײַך אויס די קללות, מיט וועלכע מענטשן וועלן מיך פאַרשעלטן, מיך, דעם דערפינדער פון אייביק־לעבן... איר פאַרשטייט, פאַניע זשורנאַליסט, די פאַראַנטוואָרטונג וועלכע איך וואָלט גענומען אויף זיך מיט מײַן דערפינדונג ! ! !

— אויב אַזוי, אויב אַזוי, מר גרונער, צו וואָס זשע אַרבעט איר אויף אײַער פּערפּעטוום מאָבילע ?

ער האָט זיך צעלאַכט :

— כי, כי, כי, דאָס איז עס דאָך... דערפאַר זיץ איך דאָך דאָ... דערפאַר בין איך אַ משוגענער פאַר עקסעלאַנס... אַ משוגענער מיט אַ טראָלד און אַ קוטעס... איר פאַרשטייט, פאַניע שרייַבערל, איך קען נישט אָפּשטעלן דאָס שרייַפּעלע וואָס דרייט זיך אין מייַן קאָפּ, טאָג און נאַכט דרייט עס זיך...

— פאַניע דאָקטער, האָט ער זיך אַ ווענד געטאָן צו מייַן פרייַנד, פאַניע דאָקטער, אייַער בראָם העלפט מיר שוין אויך נישט... אפשר מאַכן נאָך אַ מאָל עלעקטרישן שאָק?... כי, כי, כי, די רעדלדיקע רעדער הערן נישט אויף צו רעדלען זיך, און איך... איך בין דאָך נישט מער ווי אַ בידנער זייגער־מאַכער... כי, כי, כי, איך זאָג אייַך אויס דעם גאַנצן סוד, טייַערער שרייַבערוק, איך בין אַ פּראָסטער זייגער־מאַכער... אַ פּוילישער ייִד, אַ זייגער־מאַכער... זייַט מוחל, גייט אייַך געזונטערהייט, איך האָב מייַן אינטערוויו פאַרענדיקט... איך האָב נישט קיין צייַט... איך דאַרף זיך ווידער נעמען צו מייַן אַרבעט, צו מייַן פּערפּעטוום מאָבילע...

# דער נביא פון תימן

יעדן אינדערפרי רײַט ער אַרויס אויף זײַן קליין ווײַס אייזעלע. פון פאַרויס גייט די טשערעדע ציגן און ער רײַט הינטער איר. די אויגן זײַנע זענען גרויסע, קינדיש־תמימותדיקע און פול מיט גוטסקייט. אַז אַ ציג גייט אַראָפּ פון וועג, רופט זײַן ווייך קול זי צוריק, אין זײַן רוף איז פאַראַן עפּעס פאַטערלעכס און די חיה געהאָרכט. אַז ער שטעלט זיך אָפּ אויפן פּאַשע־פעלד, קריכט ער אַראָפּ פון אייזעלע און מיט אַ קול, ווי מען רעדט צו זײַנס גלײַכן, נעמט ער זיך אויסטענהן מיט די ציגן:

— ציגעלעך, טײַערינקע, זאָגט ער, אָט זעט, ליבינקע, איך האָב אײַך געבראַכט, מיט גאָטס הילף, צום פּאַשע־פעלד, אויך אַ קוואַלעכל איז דאָ פאַראַן, עסט און טרינקט און פרייט זיך מיטן באַשאַפערס גענאָד.

אַזוי רעדט ער און זעצט זיך אַוועק אין שאָטן פון פײַגנבוים, נעמט אַרויס אַ פײַפל געשניצט פון פראָסטן האָלץ און נעמט שפּילן פאַר דער טשערעדע.

איין מאָל האָב איך זיך דערנענטערט צו אים:

— שלום, ברודערל, האָב איך געזאָגט, שלום צו דיר.

ער האָט אויפגעהויבן די קינדיש־גוטע אויגן:

— שלום, האָט ער געענטפערט, שלום צו דיר און צו אַלע קינדער פון ישׂראל.

— שיין איז גאָטס וועלט, האָב איך אַ שמייכל געטאָן, און שיין איז ווי דו זיצסט עס דאָ צווישן דײַנע ציגן... אַ שיינע עבודה — צו זײַן אַ פּאַסטעך אין ישׂראל.

— געלויבט איז צו גאָט און זײַן חסד, האָט ער זיך צעקוואָלן, איך פּאַשע מײַנע ציגן. און מײַן האַרץ איז פול מיט פרייד צום אייבערשטנס גענאָד.

— ניסים, האָב איך געזאָגט. ניסים, זײַ מוחל, איך וויל דיך עפּעס פרעגן.

— פרעג, מײַן זון.

— ניסים, אַ פּאַסטעך ביסטו, פאַר וואָס זשע רופן דיך די מענטשן אין דאָרף: „דער נביא״?

ער האָט אַראָפּגעלאָזט צניעותדיק די אויגן און געזאָגט:

— מענטשן האָבן ליב שפּאַס צו טרײַבן מיטן אַלטן ניסים, ווערטלען זיך... מילא...

ער האָט אויסגעשטרעקט זײַן אַלטע, מאָגערע האַנט און גענומען גלעטן אַ ציגעלע...

— זיי שפּאַסן נישט, די מענטשן פון דאָרף, האָב איך געזאָגט, וווּנדערלעכע געשיכטעס דערציילן זיי פון דיר...

— הם, האָט ער אַ שטאַמל געטאָן, הם... געווען אַ געשיכטע אַ מאָל, איך האָב געזאָגט עפּעס און ס׳איז מקוים געוואָרן... עס טרעפט אַ מאָל, עס קען בײַ יעדן טרעפן... האָט מען מיך זינט דעמאָלט גענומען רופן: „דער נביא״, און אַזוי איז מיר שוין פאַרבליבן דער נאָמען עד היום הזה...

— וואָס איז געווען די מעשׂה וואָס איז מקוים געוואָרן?

— געווען איז עס מיט איבער אַ צענדליק יאָרן צוריק... נאָך אין תּימן... איך האָב זיך אַרויסגעכאַפּט אַ מאָל מיט אַ זאָג... געזען אַ חלום איין מאָל בײַ נאַכט... דוד־המלך אויף אַ ווײַס אייזעלע... ער איז געריטן, דוד־המלך, פּלוצעם זיך אָנגעטאָן די גילדענע קרוין און אַ שמייכל געטאָן צו מיר:

— ניסים, האָט ער געזאָגט, ניסים, זע, קיין ירושלים רײַט איך, וואָרעם מלכות־ישׂראל שטייט ווידער אויף, גאָט־ברוך־הוא שטעלט צוריק אויף מלכות־ישׂראל... ביזקל אַ יאָר וועט אויפשטיין ישׂראל אין איר פּראַכט...

ער האָט ווידער גענומען גלעטן דאָס ציגעלע, דער אַלטער ניסים, און אַ זאָג געטאָן:

— און ס׳איז געווען, ווי דוד־המלך האָט אין חלום מיר געזאָגט... ס׳איז אויפגעשטאַנען, ביזקל צום יאָר איז אויפגעשטאַנען ישׂראל אין איר פּראַכט...

— ניסים, האָב איך געזאָגט, ניסים, נאָך וווּנדערלעכע מעשׂיות דער־ציילן זיי פון דיר, די מענטשן פון דאָרף...

— הם, האָט ער ווידער אַ שטאַמל געטאָן, געווען איז עס אַזוי: אויף דער שיף, אין גרויסן ים, אין איינער אַ נאַכט, האָב איך ווידער אַ חלום געזען און צומאָרגנס האָט איך דעם חלום דערציילט צו די ברידער מײַנע...

— וואָס איז עס געווען פאַר אַ חלום, ניסים ?

— זיבן מלכים האָבן זיך מיר באַוויזן אין חלום, זיבן מלכים מיט שלאַנגען־קעפּ און בלוט־רויטע קרוינען. אויף פײַערדיקע קעמלען זענען זיי געריטן, די מלכים, און געפירט הינטער זיך מעכטיקע חיילות... קעגן דער הייליקער שטאָט ירושלים זענען די מלכים געגאַנגען, כּדי זי צו פאַר־טיליקן... און פּלוצעם איז אויף אַ קליין ווײַס אייזעלע, אַנטקעגן זיי דוד דער פאַסטעך אַרויסגעריטן און זײַן שווערד האָט אַלע זיבן מלכים אונטער־טיניקט... צומאָרגנס האָב איך דעם דאָזיקן חלום דערציילט צו די ברידער מײַנע... שפּעטער מיט אַ חודש, מיר זענען שוין געווען אין הייליקן לאַנד, איז דער חלום מקוים געוואָרן... די זיבן אַראַבישע מלכים זענען אויפגע־שטאַנען קעגן אונדז, און גאָט־ברוך־הוא האָט זיי אַלע איבערגעענטפערט אין די הענט פון ישׂראל, און ישׂראל האָט זיי אַלע אונטערטיניקט...

איך האָב אַרויפגעלייגט מײַן האַנט מילד אויפן אַלטן ניסימס אַקסלען :

— ניסים, האָב איך געזאָגט, ניסים, וואָרהאַפטיק, דעם כּוח פון נבואה פאַרמאָגסטו, ביסט אַ וווּנדערלעכער מאַן, ניסים...

ער האָט פאַרשעמט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ :

— איך ווייס נישט... איך ווייס נישט וואָס איך בין... נאָר ווייסן, ווייס איך, אַז גאָט פון ישׂראל איז מעכטיק און גרויס און ס׳איז נישט פאַראַן קיין גבול צו זײַן גענאָד...

ס׳האָט זיך פּלוצעם דערהערט אַ יאָמערדיקער מע־מע : אַ קליין ווײַס ציגעלע האָט זיך פאַרפּלאָנטערט צווישן די צווײַגן פון באָקסער־בוים.

האָט ער זיך אויפגעשטעלט, דער אַלטער ניסים, זיך דערנענטערט צום קליינעם באַשעפעניש און אַרויסגעפּלאָנטערט עס פון צווישן צווײַגן־נעץ. דערנאָך האָט ער זיך ווידער אַוועקגעזעצט אין שאָטן פון פײַגנבוים, אַרויס־גענומען דאָס פײַפל פון פּראָסטן האָלץ און גענומען פײַפן אַ לויב צום בורא־עולם...

# ווער איז ער?

איך האָב ליב בתּי־מדרשים צווישן טאָג און נאַכט. אַזאַ היימישקייט, אַזאַ דורות־אַלטע היימישע טונקלקייט רוט אין זיי. אַ טונקלקייט אָנגעזאַפּט מיטן ריח פון שמות, ריח פון אַלטע טאַבאַק־פּושקעלעך צווישן געלע, ביי־נערדיקע פינגער פון זקנים. איך כאַפּ זיך פון צייַט צו צייַט אַרייַן, פאַר נאַכט־צייַט, אין אַזאַ שילכל, זעץ זיך אַוועק אויף אַ באַנק צווישן אַלטע ייִדן, וואָס הויערן איבער גמרות און תּהילימלעך, און ס'איז מיר גוט מיט זיי און מיט זייער נאָגנדיקן ניגון.

פאַראַן אין דרום תּל־אָביב אַזאַ שילכל. דאָס דאָזיקע שילכל האָט געקענט אַזוי שטיין אין פּעדייַעץ אָדער קאָלאָמיי, אין קאַזימיערזש אָדער סאַדעגערע, און די זעלביקע ייִדן, ייִדן פון תּמיד און אומעטום, ייִדן איבער־צייַט און איבער־אָרט זיצן איבער די גרויסע אָפענע ספרים... ווען זענען זיי בישט געזעסן אַזוי ?...

זעץ איך זיך אַוועק לעבן זיי און זאַפּ אייַן אין זיך דעם ווייַן פון באַ־שטענדיקייט... דעם לעצטן מיטוואָך בין איך אַרייַן אין פאַליש פון דאָזיקן בית־מדרשל, און איידער נאָך איך האָב באַוויזן אַריבערצוטרעטן די שוועל פון מקום־קדוש, האָט זיך מייַן אויג פאַרהאַלטן אויף אַן אויסטערלישער געשטאַלט: אין אַ ווינקל, אייַנגעקאָרטשעט, איז געזעסן אַ מאַן אין אַ טונקעלן כאַלאַט, די אויגן צעעפנט אַנטקעגן דער שקיעה. אויגן גרויסע, און דער גאַנצער צער פון דער וועלט האָט געכליפּעט אין זיי.

איך האָב זיך שטיל דערנענטערט און זיך אַוועקגעזעצט לעבן אים.

ערשט איצט האָב איך באַמערקט, אַז זייַן שוואַרצער כאַלאַט איז אַלט און צעריסן, און פון די לעכערדיקע אַרבל קוקן אַרויס ביינערדיקע, פאַר־בלוטיקטע הענט, הענט פול מיט וווּנדן. די גאַנצע הויט האָט זיך גע־שיילט אויף זיי.

— וואָס זיצט איר אין פּאָליש? האָב איך שטיל אַ פֿרעג געטאָן, פֿאַר וואָס גייט איר נישט אַרײַן אין קלויז צווישן ייִדן?

— מײַן אָרט איז דאָ, האָט ער סודותדיק געענטפֿערט, איך דאַרף דאָ זיצן... דאָ דאַרף איך זיצן.

— איר וואַרט אויף עמעצן?

— איך וואַרט אויף קיינעם נישט... אַנדערע וואַרטן... אַנדערע וואַרטן אויף מיר...

— פֿאַר וואָס זשע גייט איר נישט צו די דאָזיקע, וואָס וואַרטן אויף אײַך? האָב איך געפּרוווט אים אַרײַנצײַען אין אַ שמועס.

— אַז זיי וועלן מיך רופֿן, וועל איך קומען...

איצט איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז דער דאָזיקער ייִד איז נישט אין גאַנצן בײַם זינען, האָב איך זיך אָנגערופֿן:

— איר רעדט אַזוינע סודותדיקע רייד... ווער זענט איר, ר׳ ייִד?...

— איר דערקענט מיך נישט?

— ניין, איך דערקען אײַך נישט.

— דערפֿאַר זיץ איך דאָך דאָ, האָט ער אַ קרעכץ געטאָן, קיינער דער־קענט מיך נישט, און אַליין טאָר איך זיך נישט געבן צו דערקענען... אַ גזר אַזאַ, איך דאַרף זיצן אַזוי לאַנג ביז זיי וועלן מיך דערקענען און רופֿן... נאָר קיינער דערקענט נישט און קיינער רופֿט נישט... אַ גזר אַזאַ...

פֿון שילכל איז אַרויסגעקומען דער שמש און דערזעענדיק מיך האָט ער אַ שמייכל געטאָן:

— איר שמועסט זיך דורך מיט משיחן?...

איך האָב אים גאָרנישט געענטפֿערט, נאָר אַז ער האָט אַוועקגעשפּרײַזט, דער שמש, האָב איך זיך אָנגערופֿן צום אויסטערלישן ייִד:

— איך האָב תּיכּף דערקענט ווער איר זענט... נאָר... נאָר איך האָב געוואָלט עס פֿרײַער הערן פֿון אײַערע אייגענע לעפֿצן, אַז איר זענט משיח...

ער האָט זיך משונה צעשמייכלט:

— און ווען איך וואָלט אײַך געזאָגט ווער איך בין... כּי, כּי, וואָלט איר דען געגלייבט? ווער גלייבט דען אין דור פֿון אומגלייביקע?

— איך... איך גלייב, האָב איך אים אַ גלעט געטאָן איבער די טראַנטעס.

מײַן גלעט האָט, װײַזט אױס, אַרױסגערופן זײַן צוטרױ צו מיר, האָט ער שטיל אַ זאָג געטאָן:

— מאָלט אײַך אױס דעם חוזק: משיח, װאָס דאַרף קומען דערלײזן די װעלט, איז אַלײן אַ שװאַך, צעבראָכן ייִדל... אַ ייִדעלע אָן אָפּגעראָטע־װעטס פון אױשװיץ... מײַנע אַכט הײליקע קינדער האָבן די דײַטשן פאַר־ברענט און איך... גאָרנישט האָב איך געקענט טאָן... און איצט... איצט דאַרף א י ך, איך די לעמישקע, איך דאָס צעטראָטענע בלאַט, זיך אױפהײבן און גײן דערלײזן די װעלט... איז עס נישט קײן חוזק ?... זאָגט נאָר, פאַר װאָס מאַכט גאָט חוזק פונעם בן־אָדם ?...

ער איז אַ װײַלע שטיל געװאָרן, דערנאָך כליפּענדיק אַ ברום געטאָן:

— צװישן אַלע יסורים אין אױשװיץ איז געװען דאָס גרױליקסטע, די גרױליקסטע פּײַן צװישן אַלע פּײַנען, דאָס נישט קענען משיג זײַן גאָט... איר פאַרשטײט ? מיך האָט נישט געאַרט װאָס מען ברענט מײַן פלײש און בלוט, נאָר... נאָר דאָס נישט קענען משיג זײַן גאָט...

ער איז װידער אַנטשװיגן געװאָרן, און געדאַכט האָט זיך: נישט קײן מענטש פון בלוט און פלײש זיצט לעבן מיר, נאָר אַ באַרג מיט שטײנער...

פלוצעם האָב איך דערהערט די שטײנער רעדן:

— כי, כי, האָט ער זיך צעלאַכט, כי, כי, איר מײנט אױף אַן אמת, אַז איך בין משיח ?... כי, כי, עוזר־יאָנקל בין איך, עוזר־־יאָנקל דעם פעדײיע־צער דײנס בן־יחיד בין איך... עוזר־יאָנקל שטאָט־משוגענער...

װאָס איז, איך טאָר אפשר נישט רײַסן דאָס העמד פון זיך ? איך טאָר נישט פליקן די הויט פון מײַן לײַב ?... איך שװער אײַך, איוב איז געװען אַ מלופּן־קינד קעגן מיר... איך שװער עס אײַך בײַ טלית און תּפילין...

# אַ נײַע רעליגיע

איר פֿאָטער איז געווען אַ באַוווּסטער רבי, אַ בעל־מקובל. אין טיפֿער זיקנה האָט ער איבערגעלאָזט דעם הויף און אַוועק אָפּריכטן גלות.

— איך האָב זיך נישט דערהויבן געווען צו ביטול־היש, האָט ער גע־זאָגט, אויף די וועגן אין נע־ונד וועל איך אויסלערנען אפֿשר מײַן גוף צו זײַן הפקר בײַ זיך, און מײַן נשמה בטל צו ווערן אַנטקעגן אין־סופֿיקער פּראַכט.

אַזוי האָט ער געזאָגט, דער צדיק, און אַוועק איבער דער וועלט אָפּ־ריכטן גלות.

געווען איז עס מיט אַ סך צענדליקער יאָרן צוריק אין אַ קליין גאַ־ליציאַנער שטעטעלע, צופֿוסנס די קאַרפּאַטן־בערג. און איצט... איצט, אין די בערג פֿון גליל האָב איך געטראָפֿן זײַן טאָכטער.

געקומען בין איך אויף אָפּרו אין אַ פּענסיאָנאַט און געטראָפֿן צופֿעליק מײַן פֿרײַנד ג., ער האָט זיך דערפֿרייט מיט מיר און נאָך די ערשטע באַ־גריסונגען אַ זאָג געטאָן:

— איך האָב אַ סורפּריז פֿאַר דיר... אין פּענסיאָנאַט געפֿינט זיך דעם סטריַער מקובלס אַ טאָכטער, אַן אָריגינאַל וואָס ווערט געבוירן איין מאָל אין הונדערט יאָר. איך וועל דיך באַקענען מיט איר.

— מהיכא־תיתי, האָב איך געזאָגט, איך האָב ליב אָריגינאַלן, און אויב דער דאָזיקער אוניקום איז נאָך דערצו דעם סטריַער מקובלס אַ טאָכטער, בין איך אַוודאי מוכן־ומזומן. יאָ, וועגן איר פֿאָטער, דעם צדיק, האָב איך אַ סך געהערט, אָבער נישט אָנגעהויבן וויסן, אַז ער האָט אַ טאָכטער.

— נישט גלאַט אַ טאָכטער, האָט מײַן פֿרײַנד אַ שמייכל געטאָן, זי איז די שאַפֿערין פֿון אַ נײַער רעליגיע, וועלכע זי רופֿט אָן מיטן נאָמען:

„די תורה וועגן גאָטס אומבאַהאָלפנקייט"... אַ גאַנצע פילאָסאָפיע, וועלכע איז ניטש קליגער און נישט נאַרישער פון אַלע פילאָסאָפיעס...

אין קליינעם סאָסנע־וועלדל, פאַר נאַכט, האָבן מיר זי באַגעגנט.

אַז מײַן פרײַנד האָט אונדז באַקענט, האָב איך אַ זאָג געטאָן:

— איך האָב אַ סך געהערט וועגן אײַער פאָטער, זכרונו־לברכה, געווען אַ גרויסער ייִד.

זי האָט מיך אָנגעקוקט און פאַרצויגן דעם הויכן, למדניש־געטאָקטן שטערן:

— גרויס, וואָס איז גרויס? נאָר דאָס באַוווסטזײַן פון טראַגישער קליינקייט איז דער סימן פון מענטשלעכער גרויסקייט.

— יאָ, האָב איך געזאָגט, דאָס קענען בטל ווערן אַנטקעגן דער אין־סופיקער אַלמאַכט...

זי האָט אַ שמייכל געטאָן:

— איר מיינט, אַז דער אין־סוף איז אַלמעכטיק? ניין, מײַן פרײַנד, אויך גאָט אַליין איז אָנמעכטיק, טראַגיש־אָנמעכטיק...

זי האָט אָפּגעריסן אַ פּאָר נאָדלען פון אַ סאָסנעבוים און ממשיך געווען:

— דאָס מענטשלעכע דענקען האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ גרונט־טעות. דער מענטש האָט זיך געשאַפן אַן אַקסיאָמע, אַז גאָט איז אַלמעכטיק, און פון דאָזיקן פילאָסאָפישן טעות האָט זיך גענומען דער גאַנצער קנויל פון ווידערשפּרוכן... וויפל די מעטאַפיזיק האָט זיך געוואָלט אַרויסדרייען, אַלץ מער האָט זי זיך אַרײַנגעדרייט אין פאַרכּישופטן קרײַז און קיין מאָל נישט געקענט דערגרייכן צו אמתער דערקענטעניש... מען דאַרף שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז גאָט איז אָנמעכטיק און אַז עס וועלן נישט פאַר־ענטפערט ווערן אַלע אייביקע קשיות... פאַר וואָס אַזוי פיל ליידן אין דער נאַטור? פאַר וואָס דערבאַרעמט זיך נישט גאָט אויף זײַנע באַשעפענישן? דעם מענטשנס ליידן פאַרענטפערט די מעטאַפיזיק מיט שׂכר־ועונש... אָבער צוליב וואָס לײַדט אַ זשאַבקעלע, אַ שמעטערלינג, אַ זשוקעלע? אויך מיט זיי שפּילט גאָט די שפּיל פון שׂכר־ועונש?...

— ניין, מײַן פרײַנד, גאָט שפּילט נישט מיט דער וועלט. ער שפּילט

מיט זײַן אייגענער אומבאַהאָלפנקייט, אָדער בעסער געזאָגט: ער שפּילט נישט, ער לעבט אויס זײַן גורל, זײַן אייביק־געטלעך־טראַגישן גורל...

— אַנטשולדיקט, אַנטשולדיקט... אויף וואָס בויט איר אײַער טעאָריע?

— פּשוט, מײַן פרײַנד, פּשוט, אויפן פאַקט פון קאָסמישער באַווע־גונג... באַוועגונג איז אַ פּועל־יוצא פון דראַמאַטישן געראַנגל... וואָלט זיך גאָט נישט געראַנגלט, וואָלט קיין באַוועגונג נישט געווען, נאָר אייביקער שבת... פרעגט זיך: מיט וואָס ראַנגלט זיך גאָט? צו וואָס האָט ער די וועלט באַשאַפן? שלמות, אין געטלעכן זין, וואָלט נישט געדאַרפט באַשאַפן... שאַפן איז אין וועזן פּרווו... ווער פּרווּוט? אומבאַהאָלפנקייט פּרווּוט, פּרווּוט ווערן שלמות... געטלעכע שלמות פּרווּוט נישט... פּרווו און געט־לעכע שלמות איז סתירה...

— אַנטשולדיקט, דערלויבט אַ פראַגע, ווי אַזוי שטעלט איר זיך פאַר דעם מענטשנס באַציִונג צו אַזאַ מין גאָט? איז פאַראַן אויך אַ פּלאַץ פאַר רעליגיעזן אויסלעבן זיך?

איבער דעם קליינעם סאָסנע־וועלדל איז אַרויסגעשווומען אַ האַלבע לבֿנה, און אין זילבער־ליכט איז געשטאַנען דעם מקובלס טאָכטער ווי אַ פּריסטערין אין אַ סודותדיקן טעמפּל:

— אוודאי, מײַן פרײַנד, אוודאי איז פאַראַן פּלאַץ פאַר רעליגיעזן אויסלעבן זיך, אַפילו טעמפּלען וואָלט איך אויסגעבויט פאַר גאָט און תּפילות באַשאַפן פאַר אים... נאָר די תּפילות דאַרפן זײַן אַנדערע ווי ביז איצט... נישט חניפהדיק־פאַלשע, נאָר טראַגיש־אמתע... גאָט איז נישט קיין אַלמעכטיקער מלך, נאָר טראַגישע שיינקייט איז ער... און חוץ ליבע צו אים דאַרפן מיר אויך אויסזינגען אונדזער הייליקן רחמנות צו זײַן אומ־באַהאָלפנקייט... ווײַנען דאַרפן מיר צוזאַמען מיט גאָט, ווײַנען אויף אונדזער בשותּפותדיקער אָנמעכטיקייט...

זי האָט זיך אָנגעלענט אין בוים און אירע גרויסע אויגן האָבן זיך צעפּערלט מיט טרערן:

— איר הערט? האָט זי פּלוצעם אַ שטאַמל געטאָן, איר הערט ווי די יצירה וויינט?... מיליאַרדן זשוקעלעך אין גראָז גייען אויס פון צער אין דער דאָזיקער רגע... פיש אין די ימים ווערן פאַרצוקט, און חיות אין די וועלדער צעריסן. און איבערן גרויסן קאָסמישן געקלאָג בייגט זיך גאָט און

וויינט מיט דעם גרויסן געוויין... מער ווי וויינען קען ער נישט, ער איז אומבאַהאָלפן ווי זײַן וועלט, וועלכע ער האָט באַשאַפן...

זי האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און געשוויגן.

איך האָב נישט געוואָלט צעשטערן מיט מײַנע פראַגעס די מיסטישע שטילקייט און אויך געשוויגן.

נאָר דער גלאָק פון פענסיאָנאַט האָט זיך פּלוצעם צעקלונגען, גערופן צו אָוונטברויט.

שטיל און שווײַגנדיק האָבן מיר זיך אַרויסגעלאָזט פון נאַכטישן וועלדל.

# פנחסל

ס'איז געווען אַרום צען אַזייגער אין אָוונט. אין דרויסן האָט נישט אויפגעהערט דער מבול. די שפּיצן פון דיביימער, אין פענצטער, האָבן זיך יעדע ווײַלע אָנגעצונדן אין ליכט פון די בליצן. איך בין געזעסן בײַם נאַפט־אייוועלע מיט דער קאָץ אין שויס.

פּלוצעם האָט עמעצער אָנגעקלאַפּט אין טיר און זי געעפנט.

אַ דורכגעווייקטער פון רעגן איז ער געשטאַנען, אַ קליינער, אַ צי־טערדיקער מיט גרויסע צעשראָקענע אויגן.

— אַנטשולדיקט, האָט ער געזאָגט, האָט נישט קיין פּאַראיבל... איך דאַרף... איך דאַרף מיט אײַך עפּעס רעדן.

ערשט איצט האָב איך אים דערקענט.

„פּנחסל דאָס קאַרליקל"... יאָ, אַזוי רופט מען אים אין דאָרף, „פּנחסל דאָס קאַרליקל". פאַר אַ יאָר זעקס איז ער געקומען פון פּוילן און זיך באַזעצט אין געוועזענעם אַראַבישן דאָרף ל., אין אַ צריף פון האַלץ האָט ער זיך אַרײַנגעשטעלט דאָס אײַזערנע סוכנות־בעטל, מער האָט ער נישט געדאַרפט, דער אַלטער איינזאַמער בחור.

אַרבעט האָט ער באַקומען אין באָד אַלס בעדער. ער האָט נישט געהאַט קיין קינד, קיין רינד. אַ שווײַגנדיקער פלעגט ער אַרומשפּרײַזן, און פלעגט אים עמעצער אָפּשטעלן און אַ פרעג טאָן: „האַ, וואָס זשע טוט מען עפּעס, פּנחסל?" פלעגט ער אַראָפּלאָזן דאָס קליינע קעפּעלע און אַ ברײַע טאָן:

— וואָס זאָל איך טאָן?... מען לעבט, מען הייצט די באָד און מען קײַט דאָס שטיקל ברויט און מען פאַרזופּט מיט וואַסער...

— וואָס זשע וועט זײַן דער סוף, פּנחסל?

— דער סוף, האָט ער אַ שמאָכע געטאָן, דער סוף איז, אַז דאָס האָלץ אין באָד ברענט אויס, די פּאַרע צעגייט זיך און דער בעדער גייט אַהיים...

— וואָס זשע טוט דער בעדער אין דער היים?

— ער וואַרט אויף מאָרגן, ער זאָל ווידער אײַנהייצן די באָד...

צו מיר פלעגט פנחסל אַ מאָל אַרײַנקומען לייַען אַ בוך אָדער אַ זשור־נאַל. איך פלעג אויסקלײַבן פאַר אים לײַכטן פאַרווײַלנדיקן לייען־שטאָף.

איין מאָל האָט ער שטיל אַ זאָג געטאָן:

— איך וואָלט אײַך בעטן מיר לײַען אַ בוך מיט שירים...

איך האָב זיך פאַרווונדערט:

— שירים ?... איר האָט ליב שירים, פנחסל ?

— יאָ, האָט ער געזאָגט, שירים זענען קלוג... קלוג ווי קינדער...

— פרײַנד פנחס, האָב איך געזאָגט, פרײַנד מײַנער, איר זענט דאָך אַ טשיקאַווער מענטש...

ער האָט גאָרנישט נישט געענטפערט, גענומען דאָס לידער־בוך און אַרויס פון שטוב.

און איצט ? איצט אין שפעט־נאַכט, אין מבול, צו וואָס איז ער גע־קומען צו מיר ?

— אַדוני, האָט ער שטיל געזאָגט, איך בין געקומען באַראָטן זיך מיט אײַך... איך נייטיק זיך אין אײַער עצה...

ער האָט אָפּגעטרעסעט דעם רעגן פון זיך און זיך אַוועקגעזעצט לעבן נאָפט־אייוועלע. ער האָט אויסגעשפרייט די קליינע קינדישע הענטלעך צום פײַער און געלאָזט רוען זײַנע אויגן איבער זיי.

— אַדוני, האָט ער אַ שטאַמל געטאָן, אַדוני, איך בין האַרץ־קראַנק... יאָ, איך ווייס, איך פיל, מײַנע טעג זענען געציילטע.

זײַנע ליפּן האָבן גענומען ציטערן, ווי עס וואָלט אים פאַרפעלן לופט, ער האָט אָפּגעווישט דעם שווייס פון שטערן און ממשיך געווען:

— מיינט נישט, אַז מיך שרעקט דער טויט... פאַרקערט, מען קען אַפילו זאָגן, אַז איך האָב לאַנג, לאַנג געוואַרט אויף אים... ער וועט זײַן אַן אָנגע־לייגטער גאַסט בײַ מיר... נאָר וואָס ?... יאָ, עס דאַכט מיר, אַז דער סוף דאַרף האָבן אַן אַנדער פּנים... איך וויל נישט לאָזן פאַלן דעם פאָרהאַנג אי־בער אַזאַ נאַרישן פינאַל, איך וואָלט וועלן ענדערן דעם סוף פון לעצטן אַקט, מאַכן אים אַ ביסל זינפולער...

ער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ:

— און צוליב דעם טאַקע בין איך עס געקומען צו אײַך בײַ נאַכט, איך וויל אַן עצה פון אײַך.

איך האָב אים אָנגעקוקט דערשטוינט:

— איך פאַרשטיי אײַך נישט, פרײַנד פּנחס...

— פּשוט, האָט ער אַ שמייכל געטאָן, פּשוט, יאָרן געלעבט, אָדער בע־סער געזאָגט, געקײַקלט געוואָרן ווי אַ שניי־הויפן באַרג־אַראָפּ... און בײַם סוף, גראָד בײַם סוף, האָט פאַרוואָלט זיך טאָן עפּעס, טאָן עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל באַזיניקן מײַן לעבן...

ער האָט זיך פּלוצעם אַ שטעל אויף געטאָן:

— זעט, זעט, אויגן האָב איך און זיי זעען, אויערן און זיי הערן... איך מיין, אפשר קען מען באַניצן מײַנע אויגן, אַרויסנעמען זיי און אַרײַנ־שטעלן אין אַ בלינד ייִנגעלע... ס'איז מיר אַ שאָד... צו עפּעס טויגן זיי דאָך די אויגן פון קליינעם פּנחסל... אפשר קען מען זיי באַניצן...

ער האָט געגומען אַרומהאָפּסלען איבערן חדר:

— ס'איז מיר אַ רחמנות אויף מײַן גוף... איר ווייסט, אַפילו דער גוף פון אַ פאַרזעעניש איז דאָך אויך אַ קונסטווערק, און מיר נישט דיר נישט ווערט ער צו נישט... אַ שאָד... איר פאַרשטייט, מען נעמט דאָך אַ מאָל אַ רעדעלע פון אַ צעבראָכענעם זייגער און מען שטעלט עס אַרײַן אין אַ צווייטן און ס'ווערט אַ פאָלנער זייגער...

ער האָט זיך צעשמייכלט:

— שטעלט אײַך פאָר דעם תּענוג, איך זאָל וויסן פאַרן טויט, אַז מיט מײַן אויג וועט ערגעץ אַ ייִנגעלע ווײַטער קוקן... איך וועל ליגן אין דער ערד, און אַ בלאָנד שיין ייִנגעלע וועט אַרומטאַנצן אין גאָרטן און קוקן אויף די טויבן, קוקן מיט מײַן אויג... לאַכט נישט, אַדוני... גיט אַן עצה...

איך בין געשטאַנען אין פּײַנלעכער פאַרלעגנהייט, נישט געוווּסט וואָס צו ענטפערן. אַז ער האָט צעעפנט זײַנע גרויסע בעטנדיקע אויגן אויף מיר, האָב איך זיך אָנגערופן:

— איר זענט אַ היפּאָכאָנדער... איר זעט גאָרנישט אויס צו זײַן קראַנק, איר וועט נאָך לאַנגע יאָרן לעבן... נאָר... נאָר, אויב איר ווילט מיט עפּעס באַזינען אײַער לעבן, וועל איך אַ טראַכט טאָן... אָבער עס גייט דאָך נישט אויף איין פּוס, און חוץ דעם איז הײַנט אַן אויסטערלישע נאַכט, אַז דער

קאָפּ אַרבעט נישט ווי סע קער צו זײַן... מיר װעלן זיך איבערשלאָפן, װעלן מיר אַ טראַכט טאָן...

אין דרויסן האָט אויפגעהערט צו רעגענען. איך האָב אים אַרויסבאַ־גלייט:

— גוט. האָב איך געזאָגט, מאָרגן קומט אַרײַן, מאָרגן װעלן מיר אַ טראַכט טאָן... אַ גוטע נאַכט!

אין דער פרי, ווען איך בין אַרײַן אין קיאָסק קויפן אַ צײַטונג, האָט די פאַרקויפערין, דערלאַנגענדיק מיר דאָס בלאַט, אַ קרעכץ געטאָן:

— איר האָט שוין געהערט? פּנחסל דער בעדער איז געשטאָרבן הײַנט בײַ נאַכט פון אַ האַרץ־שלאַק.

# מלכה־רייזעלעס תפילה

דורות רבנים שטייען הינטער מלכה־רייזעלען, זיידעס גוטע־יידן. זי געדענקט נאָך דעם רבישן הויף אין גאַליציע, ווו זי איז געבוירן און אויס־געוואַקסן. געדענקט נאָך דעם זיידן ז״ל, דעם צדיק־הדור. און כאָטש עס זענען שוין אַדורך זיבט דעמאָלט אַן ערך פון זעקס צענדליק יאָר, דאַכט זיך איר, אַז אַ מאָל דערמאָנט זי זיך אַפּילו דעם בלאָלעכן שני, אויף וועלכן איר זיידע איז געשטאַנען און מחדש געווען די לבנה.

און וואָס איז פון איר גרויסער רבישער משפחה פאַרבליבן? זי, די זיבעציק־יאָריקע זקנה, און די יינגסטע טאָכטער טעמערל.

טעמערל איז אַ לערערקע אין אַ גימנאַזיע, און דער מאַן אירער אַן אַדוואָקאַט אין תּל־אָביב.

אַ סך מאָל, בעת די טאָכטער מיטן איידעם גייען אַוועק צו דער אַרבעט, האָפּסלט מלכה־רייזעלע אַרויס אויפן גאַניק, וואָס געפינט זיך אויפן צוועלפטן שטאָק פון אַ תּל־אָביבער וואָלקן־קראַצער, עפנט אירע אויגן צו די ווײַטקייטן און נעמט שעפּטשען:

— אוי, טאַטע אין הימל, פאַרשעם נישט דעם אַלטן הייליקן בוים, לאָז נישט פאַרדאַרן די צווײַגן נאַקעטע אָן פּירות. לאָז איבער אַ זכר פון דער אַמאָליקער פּראַכט.

אַכצן יאָר לאַנג נאָך דער חתונה איז די טראַכט פון איר טאָכטער טעמערל פאַרשלאָסן געווען און געדאַכט האָט זיך, מיט איר ענדיקט זיך שוין דער אַלטער הייליקער שטאַם פון דורות גוטע־יידן.

צום נײַנצנטן יאָר נאָך דער חתונה האָט זיך גאָט דערבאַרעמט, און טעמערל (שוין אַ פערציק־יאָריקע) האָט געבוירן אַ טעכטערל.

מלכה־רייזעלע איז מײַנע אַ ווײַטע קרובה און זי האָט געדענקט אין

מיר און צו וויסן געטאָן די בשׂורה. איך האָב געקויפט אַ מתּנה און אַוועק מיט מײַן פרוי אָפּגעבן מזל־טוב.

געעפנט די טיר האָט אונדז טאַקע זי אַליין, מלכּה־רייזעלע.

זי איז געשטאַנען קליין, אײַנגעשרומפּן אין זיך, און די אויגן, ווי בײַ אַ דערשראָקענעם פויגל, האָבן געגאַפט אין חלל:

— מען דאַרף רחמים, האָט זי אַ שעפּטשע געטאָן, מען דאַרף גרויס רחמים.

אין שטוב איז קיינער נישט געווען. אַן אומהיימלעכע שטילקייט האָט געדעכעט אין האַלב־טונקעלן רוים, געדעכעט ווי אַ קראַנקע חיה...

— די קימפּעטאָרין איז נאָך נישט אַהיים געקומען? האָב איך קוים געוואַגט אַ פרעג צו טאָן.

— טעמערל איז לעבן קינד אין שפּיטאָל.

— אין שפּיטאָל?

— יאָ, האָט די אַלטע גענומען ציטערן אויפן גאַנצן לײַב, דעם אַכט־טאָגיקן באַשעפעניש האָט מען שוין געמאַכט אַן אָפּעראַציע... אוי, רחמים, גרויס רחמים דאַרף מען.

איך בין געשטאַנען מיט מײַן פרוי אין מיטן שטוב, אין דער האַנט די מתּנה, און נישט געוווּסט וואָס צו טאָן.

מיט אַ מאָל האָט מלכּה־רייזעלע אַ הייב געטאָן די הענט אין דער הייך אַרויף, זיך אויסגעגלײַכט, העכער געוואָרן, און מיט אַ כּמעט מאַנצבילש קול גענומען טענהן:

— האַרץ, האַר פון דער וועלט, האַרץ, איך, מלכּה־רייזעלע בת רבקה־שׂרה, קום צו דיר אַזוי צו רעדן: איך שענק דיר אַוועק אַלע מײַנע יאָרן, וואָס זענען מיר נאָך אָנגעצייכנט צו לעבן, איך שענק זיי אַוועק פאַר אַן אויסלייזונג... זאָלן מײַנע יאָרן טאָן אויסלייזן מײַן אייניקל רבקה־שׂרה בת טעמערל און זאָל זי גענעזן ווערן און לעבן, לעבן און וואַקסן און צעבליִען ווי אַ בוים, וואָס זאָל ווײַטער טראָגן די פּירות און מאַכן פּרוכפּערן דעם שטאַם פון די הייליקע זיידעס און באָבעס ביזקל אַחרית־הימים...

מלכּה־רייזעלע האָט זיך אַ דריי אויס געטאָן צו אונדז. אירע אויגן האָבן איצט געלויכטן פול מיט בטחון. זי האָט געעפנט אַ טירל פון בופעט, אַרויסגענומען לעקעך מיט בראָנפן און אַ זאָג געטאָן:

— קומט טרינקען לחיים, מײַן אייניקל רבקה־שׂרה וועט, א״י, מאריך־ימים־זײַן...

שפּעטער מיט אַ וואָך בין איך געקומען געוויר ווערן וועגן געזונט פון מלכּה־רייזעלעס אייניקל. איך האָב זיך דערנענטערט צום הויז מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ, הלוואַי עס זאָל אַלץ זײַן כּשורה.

מיט אַ מאָל האָב איך אויפגעציטערט:

בײַם טויער פון הויז איז געווען אַ צונויפגעלויף פון מענטשן. איך האָב זיך אַ ווענד געטאָן צו אַ פרוי און שטיל אַ פרעג געטאָן:

— וואָס איז געשען?

— אַ לוויה, האָט יענע אַ קרעכץ געטאָן.

— בײַ וועמען?

— בײַם אַדוואָקאַט גינגאָלד.

איך האָב נאָך אַ מאָל אויפגעציטערט, וואָרעם דער אַדוואָקאַט גינגאָלד איז געווען טעמערלס מאַן, מלכּה־רייזעלעס איידעם.

זאָל איך אַרויפגיין? האָב איך אַ טראַכט געטאָן, צי קען איך מיט עפּעס באַהילפיק זײַן?

איך האָב געפּרוּווט שטעלן אַ טראָט, נאָר די פיס האָבן מיך נישט געפאָלגט. פאַר די אויגן האָב איך געזען דאָס קליינע אַרונדל און דערינען דאָס פּיצעלע מיידעלע...

— מען גייט שוין, האָט עמעץ אַ שעפּטשע געטאָן, מען טראָגט שוין דעם מת...

פיר ייִדן האָבן געטראָגן די מיטה און דערינען, צוגעדעקט מיט שוואַרצן, איז געלעגן דער גוף פון אַ דערוואַקסענעם מענטשן.

— ווער איז געשטאָרבן? האָב איך נאָך אַ מאָל אַ פרעג געטאָן די פרוי לעבן מיר.

— איך האָב דאָך אײַך שוין געזאָגט, האָט יענע ברוגזלעך אַ ברום געטאָן, דעם אַדוואָקאַט גינגאָלדס שוויגער...

איך בין אַרײַן אין ליפט און אַרויפגעפאָרן צום צוועלפטן שטאָק.

די טיר האָט מיר געעפנט אַ פרוי אין אַ ווײַסן שוועסטער־כאַלאַט.

— אַנטשולדיקט, האָב איך געזאָגט, איך בין אַ קרוב פון דער משפחה גינגאָלד און וויל וויסן וואָס עס מאַכט דאָס קינד...

— סע שלאָפט, האָט די פרוי אָ ווײַז געטאָן צו אַ פאַרמאַכטער טיר און נאָך אַ ווײַלע צוגעגעבן, אויב איר ווילט, קענט איר אַ קוק טאָן.

זי האָט געעפנט די טיר צום קינדער־צימער.

אין בעטעלע איז געלעגן דאָס פּיצעלע באַשעפעניש און געאָטעמט שטיל ווי אַ פויגל, און אויף די פאַרמאַכטע אייגעלעך האָט געפלאַטערט דאָס מילדע ליכט פון טאָג.

— ווען איז געשטאָרבן די באָבע פון נײַ־געבוירענעם? האָב איך אַ פרעג געטאָן.

— נעכטן, פונקט אין זעלבן טאָג בעת מ׳האָט דאָס אייניקל צוריקגע־בראַכט געזונט פון שפּיטאָל...

— יאָ, האָב איך געזאָגט צו זיך, די תּפילה פון דער אַלטער מלכּה־רייזעלע איז אָנגענומען געוואָרן.

איך האָב נאָך אַ מאָל אַ קוק געטאָן צום בעטעלע, וווּ דאָס קינד איז געלעגן. איצט האָט דאָס פּיצעלע גענומען זייגן מיט די ליפּעלעך, געזויגן די ליכטיקייט פון טאָג וואָס האָט געטריפט פון די אָפענע הימלען.

# ריחות

זיי זענען געזעסן אַ קליינע גרופּע פֿרײַנד אין גערטנדל וואָס פֿאַרן קאַפֿע־הויז. און ווײַל עס איז שוין געווען שפּעט נאָך האַלבער נאַכט, די געטראַנקען אויסגעטרונקען און אַלע שמועסן וועגן קונסט און פּאָליטיק אויסגעשמועסט, האָט דער סקולפּטאָר אפרתי אַ קלוגן גענעץ געטאָן און אַ פֿיר־טוענדיק מיט די מידע אויגן איבער דער אַלענבי־גאַס, אַ זאָג געטאָן:

— עט, ברידערלעך, איז זי סטיללאָז תּל־אָביב...

און ווײַל דער מאַטעמאַטיק־לערער שטערן האָט אים נישט געוואָלט בלײַבן שולדיק קיין ענטפֿער, האָט ער פֿאַרצויגן דעם רויך פֿון פּאַפּיראָס און אים אַרויסגעפּאָדערט:

— און ווי אַזוי וואָלט עס דאַרפֿן זײַן תּל־אָביב כּדי יאָ צו געפֿינען חן אין דײַנע נאָך־סטיל־דאָרשטיקע־אויגן? און ער האָט זיך צעלאַכט: אַ מין בײַנאַכט אויפֿן אַלטן מאַרק? אָדער אפשר אַן אַלטער פּאַליש מיט קאַסטנס פֿאַרשימלטע שמות? און אפשר גאָר אַ געזעמל קרומע הילצערנע דעכער, אויף וועלכע עס זיצן למדד־וואָוויקעס און ציילן די שטערן?...

ברידערלעך, בײַ דער ווענוס שווער איך, אַז ער בענקט, דער סקולפּ־טאָר אונדזערער, נאָך די טוניעיאַדעווקער בלאָטעס און נאָכן ריח פֿון קאָס־רילעווקער טשאָלנט־טעפּ...

אַלע אויגן האָבן זיך אַ הייב געטאָן צו אפרתין, געוואַרט אַז ער זאָל, ווי זײַן טבע, אַ פֿאַרוואָרף טאָן מאַיעסטעטיש די קינסטלער־שעוועליור און מיט זײַן עלעגאַנטן עספּרי, ווי מיט אַ גילדן שווערדל, זיך אַ וואָרף טאָן אויפֿן קעגנער.

נאָר אפרתי האָט אַ פֿאַרטראַכטער געשוויגן. ערשט נאָך אַ ווײַלע האָט ער שטיל אויסגעהויבן די אויגן און אַ זאָג געטאָן:

— אויב איר ווילט, וועל איך עפּעס דערציילן.

— אָבער צום ענין, האָט דער מאַטעמאַטיק־לערער געשטעלט אַ תּנאַי.

— צום ענין, אַוודאי צום ענין.

אפרתי האָט פאַררייכערט זײַן ליולקע און אָנגעהויבן:

— אונדזער משפחה פלעגט יאָר־אײַן יאָר־אויס אַרויספאָרן פון דער גרויסער שטאָט, ווו מיר האָבן געוווינט, אין אַ קליינעם רומעניש[ן] דאָרף וואָס איז געלעגן אין די באַוואַלדיקטע בערג פון די קאַרפּאַטן.

יאָר־אײַן יאָר־אויס האָבן מיר געוווינט אין דער זעלביקער כאַטע מיטן רויטן טשערעפּאַכענעם דאַך, אויף וועלכן אַ בושל האָט זיך אויסגעבויט זײַן נעסט. די הײַזקע איז געלעגן אָפּגעזונדערט, ווי אַרויסגעוואַקסן פון די ריזיקע בערג, אײַנגעוויקלט אין נאָדל־וועלדער אין ווענענס מאַכיקע טונק־לענישן עס האָבן געפּליוסקעט אַלערליי קוואַלעכלעך.

אונדזער בעל־הביתטע, די אַלטע איליאַנע, האָט אויפן זומער זיך אַרי־בערגעטראָגן מיט איר זעכצן־יאָריק אייניקל פלאָריקאַ אין שײַער, און אונדז פאַרדונגען איר וווינצימער. די הײַזקע האָט פאַרמאָגט נאָך אַ חדר, אָבער דאָס דאָזיקע חדרל האָט די אַלטינקע, ווײַזט אויס, באַהאַלטן פאַר אַנדערע צוועקן. עס איז שטענדיק געשטאַנען אָפּגעשלאָסן און מען האָט עס נישט באַניצט.

וויפל מאָל עס איז מיר אויסגעקומען זען דאָס חדרל, בעת די אַלטינקע איז אַרײַן אַהין צו פאַרריכטן דאָס לעמפּל איבערן הייליקן בילד, האָט עס אַ ווייע געטאָן מיט טונקעלער סודותדיקייט פון אַ טעמפּל בײַ נאַכט.

צווישן אַלטמאָדיש וואַלעכישע קיליעמעס זענען געשטאַנען טעפּ און גראַפינען מיט אַלטע אָדאָבעשטער ווײַנען. באַזונדערס האָט זיך געפילט דער ריח וואָס האָט זיך געשפרייט פון גרויסע געשליפענע געפעסן אָנגעגאָסענע מיט אַ שרײַענדיקער רויטקייט, אַ ריח פון אַלטן געזײַערטן באָרשט, וואָס האָט אָנגעפילט דאָס צימער ווי מיט אַן איבלדיקן ווײַרעך.

איין מאָל, פאַר נאַכט, בעת איך בין געזעסן אויף דער לאָנקע לעבן קוואַל, איז פלאָריקאַ אָנגעקומען מיט די רינדער זיי אָנצוטרינקען. איר בלאָנדער צאָפּ האָט געפלאַטערט אין דעמערדיקן בלוי, און געדאַכט האָט מיר: דער ווינט טראָגט אים ווי לייצעס אין זײַנע הענט... עס האָט מיך אַ ציי געטאָן צו איר און באַניצנדיק זיך מיט אַן אויסרייד, כּדי מיט איר היימיש צו ווערן, האָב איך אַ פרעג געטאָן:

— פלאָריקאַ, פאַר וועמען באַהאַלט עס דײַן באָבע דאָס חדרל מיט די קיליעמעס און גראַפּינען?

— ס׳איז דעם פעטער גיאָרגיעס, האָט זי געענטפערט, דער פעטער גיאָרגיע האָט געוווינט אין דאָזיקן צימערל איידער ער איז געוואָרן אַ באָ־יאַר... הע, הע, דער פעטער גיאָרגיע...

איך האָב זיך גענומען שפּילן מיט אירע, ווי פון גאָלד געהאַמערטע, צעפּ. זי האָט געשמייכלט און זיך געטוליעט צו מיר.

— דו ווייסט, האָט זי געזאָגט, דער פעטער גיאָרגיע איז נאָך אַ גרע־סערער פּריץ ווי דו, יונגער הער.

מיר איז ווייניק וואָס אָנגעגאַנגען די גרויסקייט וואָס איר פעטער פאַר־מאָגט, נאָר איך האָב אַ זאָג געטאָן:

— הע־הע, אויב דײַן פעטער גיאָרגיע איז טאַקע אַ גרויסער באָיאַר, פאַרדינט דאָך זײַן פּליעמעניצע, די שיינע פלאָריקאַ, אַז מען זאָל זי אויס־קושן פון קאָפּ ביז די פיס, האַ־האַ, פלאָריקאַ שאָנקייט דו.

די אַלטע איליאַנע האָט פּלוצעם גענומען רופן: פלאָריקאַ! פלאָריקאַ!
און מיר האָבן זיך מיט די רינדער אַ לאָז געטאָן פון געבערג.

די אַלטע איליאַנע האָט אונדז אַ צעלויכטענע אַנטקעגן געהאָפּסלט. זי איז געווען אָנגעטאָן אין די יום־טובדיקע, אַלערליי־קאָליריקע קליידער אירע. פונעם דאָרף־קלויסטער איז זי צוריק געקומען און אין איין אָטעם האָט זי אַרויסגעדעכעט די בשורה:

— פלאָריקאַ, דער פעטער, דער פעטער גיאָרגיע קומט פון בוקאַרעשט.
און אַ פיר־טוענדיק מיט די אויגן איבער מיר האָט זי זיגעריש אַ לאַך געטאָן:

— צי ווייסט דער יונגער הער, אַז די אַלטינקע איליאַנע פאַרמאָגט אַ זון אין דער קרוינשטאָט? אַ גרויסער מאַן איז ער, אַ שׂר צווישן שׂרים. הע־הע, פון מלכּס לײַב־מענטשן... אוי, יעזוסל האַר!

פּלוצעם האָט זי זיך אַ כאַפּ געטאָן: אוי גאָטעניו, פאָטער, דאָס חדרל, דאָס חדרל גיאָרגיעס! און זי האָט אַוועקגעהאָפּסלט.

— קום, פלאָריקאַ, האָב איך דאָס שיקסל אַ נעם געטאָן פאַד דער טאַ־ליע, קום, מלכּה מײַנע. זי האָט זיך אַ ריס געטאָן:

— ניין, ניין, זאָל דער הער מיך לאָזן איצט. איך דאַרף דער באָבען העלפֿן אויפֿרוימען דעם פּעטער גיאָרגיעס צימערל.

און זי איז געשווינד פֿאַרשווּנדן אין טונקלעניש פֿון גאָרטן.

גאַנץ פֿרי, בעת מיר האָבן צעעפֿנט די פֿענצטער, האָבן זיך אין אויפֿס־גאָרטן פֿאַר דער כאַטע שוין אַרומגעדרייט די דאָרפֿסעלטסטע אין די בונטע יום־טובדיקע טראַכטן זייערע. זיי האָבן געפּיפּקעט דעמבענע ליולקעס צווישן די לאַנגע אויסגעבערשטע וואָנצעס זייערע. פֿאַרן טויערל איז, פֿון נאָדל־צווייַגן, אויפֿגעשטעלט געווען אַ מין טריומף־בויגן.

מען האָט אָפּגעוואַרט דעם גרויסן שׂרה.

די אַלטינקע איליאַנע, אויסגעצירט אין אַלערלייִקע שאַלן, טיכער און פֿאַטשערקעס האָט מיט אַ פּאָרכטיקייט פֿון אַ פּריסטערין, בעת אַ גאָטס־דינסט, אַרומגעשפּרייַזט און יעדעס מאָל אַ הייב געטאָן די אויגן צו דער ווייַט, ביי יעדן שאַרך אויפֿגעציטערט:

— יעזוס מאַריאַ, ער פֿאָרט!

פֿלאָריקאַ, אַ מין לעבעדיקער רעגן־בויגן, האָט איר נאָכגעפֿלאָטערט קוים אָנרירנדיק די ערד מיט אירע יום־טובדיקע סאַנדאַלן פֿון רויטן וואָל.

פּלוצעם האָבן זיך אַלע אויגן אַ הייב געטאָן צום וואַלד.

אין אורשטילעניש פֿון געבערג האָט זיך, צום ערשטן מאָל אפֿשר זינט וועלט־באַשאַף, דערהערט דאָס סאָפּען פֿון אַן אויטאָ.

אַז די מאַשין האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָט קיינער פֿון די וואַרטנדיקע זיך קיין ריר נישט געטאָן. נאָר אַז דער שׂרה, אַ מאַן פֿון ריזיקן וווּקס מיט שפּיץ־באָרד און וואָנצעס, אָנגעקליידט אין אַ מונדיר פֿון אַ פּאָלקאָווניק, איז אַרויס פֿון אויטאָ, האָט די אַלטיטשקע איליאַנע אַ קוויטש געטאָן ווי אַ געווינערין:

— אוי, גיאָרגיע, מייַן מלך!

און זי האָט זיך געלאָזט מיט אויסגעשטרעקטע הענט צום זון.

די דאָרפֿסעלטסטע האָבן אַראָפּגעצויגן די קוטשמעס פֿון קאָפּ און זיך פֿאַרנייגט ביזקל די רויטע פֿייַערדיקע גאַרטלען זייערע.

און פֿלאָריקאַ האָט זיך באַהאַלטן הינטערן נוסנבוים און ווי אַ דער־שראָקענער וועוורק אַרויסגעקוקט פֿון צווישן די צווייַגן.

דער שׂרה האָט אַרויסגעלאָזט דאָס קליינע מאַמעלע פון זײַנע מעכ־טיקע אָרעמס און געבליבן שטיין מיט גרויסע טרויעריקע אויגן, וועלכע זענען דאַרשטיקע אַרומגעלאָפן פון זאַך צו זאַך.

— עט, האָט ער פלוצעם אַ זאָג געטאָן, הייסט עס, די בערג די אַלטע זענען אַלץ נאָך בערג, דער וואַלד איז וואַלד און דאָס גוטע כאַטקעלע אונד־זערס — אַלץ נאָך דאָס זעלבע מלא־טעמעדיקע... איַ איַ, מאַמעלע, אַפילו דער אַלטער נוסבוים שטייט נאָך נעבן דער קערניצע, און די עמערס בײַם ברונעם זענען אַלץ נאָך באַוואַקסן מיט גוטן קלוגן מאָך... איַ מאַמעלע, מאַמע...

ער האָט גענומען די אַלטיטשקע אונטערן אָרעם און זיי זענען אַרײַן אין כאַטע. די דאַרפסעלטסטע האָבן זיך נאָך אַ מאָל אונטערטעניק פאַרנייגט און אַרויס פון טויערל.

איך בין געבליבן שטיין פאַר דער אָפענער טיר און געזען:

מיט די זעלביקע טרויעריקע אויגן, וואָס ער האָט געלאָזט גיין איבער די בערג, שטייט ער איצט, דער באַיאַר גיאָרגיע, און באַטראַכט זײַן חדרל. ער שמייכלט, און די מאַכטיקע פליגלען פון זײַן נאָז באַוועגן זיך, פּרוּוון אײַנזייגן אַלע ריחות פון אַלטער היימישקייט.

— זע נאָר, האָט ער אַ לאַך געטאָן און אַרויפגעלייגט זײַן גרויסע האַריקע האַנט אויפן וויגעלע פון פּראָסטן דעמבענעם האָלץ, וואָס איז געשטאַנען אין ווינקל באַגאָסן מיט זון, זע נאָר, מאַמעלע, אָט שטייט נאָך דאָס אַלטע וויגעלע. ווי לאַנג ערשט, אַז איך בין געלעגן דערינען און דו האָסט פאַרוויגט מיך. איַ מאַמעלע, די וועלט בײַט זיך נישט, אויף איין אָרט שטייט זי און וואַרט אויף אונדז. די אַלטע זאַכן וואַרטן אייביק יונג און פריש.

ער איז געשטאַנען אַ צעלויכטענער און געלאָזט איבער זיך קוועלן דאָס זינגענדיקע טאָגליכט, וואָס האָט זיך געכוואַליעט דורך די אָפענע פענצטער; פון די צווײַגן פון אַלטן נוסבוים, פון יעדן בלאַט האָט זיך עס געגאָסן.

מיט צעשפּרייטע פיס, ווי אַ שיפער אויפן דעק פון אַ שיף, איז ער געשטאַנען, דער באַיאַר גיאָרגיע, און זײַנע אויגן האָבן זיך געזשמורעט, געטרונקען די ליכטיקע ווײַטקייטן. פלוצעם האָט ער זיך אַ טרייסל געטאָן,

פאַרצויגן די ברעמען, ווי עס וואָלט אים עפּעס מיט אַ מאָל קשה געוואָרן. ער האָט נערוועז געגומען פינגלען מיט די אויגן ווי ער וואָלט זיך וועלן אין עפּעס דערמאָנען, אין עפּעס ביז גאָר וויכטיקס. אַ רגע איז ער געשטאַנען ווי אַ געיעג־הונט וואָס ניוכעט, פּרוּווט דערשנאַפּן. מיט אַ מאָל האָט ער אויפגעלויכטן:

— מאַמעלע, מאַמעלע, האָט ער אַ קוועל געטאָן, מאַמעלע, וווהין זענען אהינגעקומען די גראַפינען מיטן געזיַיערטן בּאָרשט?

די אַלטיטשקע איז געבליבן ווי פאַרגליווערט, אירע אויגן האָבן זיך פאַרצויגן מיט שרעק:

— צי שפּעט מייַן גרויסער זון פון זייַן אַלטער מאַמען? צי האָב איך געקענט לאָזן די גראַפינען מיטן אַלט־געזייַערטן באָרשט אין מייַן זונס חדרל? צי איז עס דען אַ פּאַסיקער ריח פאַר אַ מאַן, וואָס קומט פון מלכס קרוינשטאָט?

ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן בערגל קיליעמעס, וואָס אונטערן הייליקן בילד, גענומען די אַלטיטשקע אין זייַן שויס אַרייַן און זי גע־נומען גלעטן איבערן קאָפּ:

— מאַמעלע, האָט ער געפירט מיט די באַרינגלטע פינגער איבער דער אַלטיטשקערס פּאַטשיילע, אייַ, אייַ, צי ווייסט נישט מייַן גוט מאַמעלע, אַז דער טערפּקע ריח פון היימיש־געזייַערטן באָרשט איז חשובער בייַ דעם זון דייַנעם, חשובער פון אַלע ריחות אין מלכס קרוינשטאָט? צי ווייסט נישט מייַן גוט מאַמעלע, אַז דער זון אירער האָט אין מיטן בוקאַרעשט געבענקט נאָכן ריח פון היימישן אַלט־געזייַערטן באָרשט? אייַ, מאַמעלע, מאַמע.

די אַלטיטשקע האָט זיך צעשמייכלט:

— עט, עט, גאָטעניו, ווער פאַרשטייט זיי, די גרויסע האַרן!

זי האָט זיך אויפגעשטעלט און גענומען רופן:

— פלאָריקאַ! פלאָריקאַ! האַ־האַ, פלאָריקאַ, ברענג די גראַפינען מיטן געזייַערטן באָרשט. אין שטאָל נעבן זשלאָב פון נייַ־געבוירענעם קעל־בעלע שטייען זיי, די גראַפינען. ברענג זיי אַהער, דער פעטער גיאָרגיע וויל זיי בייַ זיך אין צימערל.

אַז פלאָריקאַ איז דורכגעגאַנגען נעבן מיר מיט די גראַפינען אַלט־געזייַערטן באָרשט, האָט מיר פאַרזעצט אין אָטעם דער משונה־טערפּקער

ריח פון דער שרײַענדיקער רויטקייט, נאָר איך האָב פון דעסטוועגן מיט תּענוג אים געלאָזט אַרײַנדרינגען אין מײַנע נאָז־פליגלען, וואָרעם מיטן ריח פון באָרשט האָב איך אויך דערפילט דעם פאַרפום פון באַיאַר גיאָרגיִעס איידלקייט, אַן איידלקייט אין וועלכער איך האָב זיך אין די שפּעטערדיקע יאָרן אַ סך מאָל דערמאָנט, און אַ סך געלערנט.

דער סקולפּטאָר אפרתי האָט אָנגעצונדן די ליולקע, וואָס האָט זיך אין משך פון דערציילן פאַרלאָשן, און אַ זאָג געטאָן:

— אָט דאָס, ברידערלעך, איז כּמעט די גאַנצע געשיכטע, וואָרעם די דעטאַלן פון מײַן ראָמאַנסירן מיט דער שיינער פלאָריקאַ באַהאַלט איך פאַר זיך.

— און וואָס קער זיך עס אָן מיט דער תּל־אָביבער סטיללאָזיקייט?

האָט דער מאַטעמאַטיק־לערער שטערן אַ הייב געטאָן איראָניש די אויגן.

— מיט דער תּל־אָביבער סטיללאָזיקייט אפשר נישט, אָבער מיט געוויסע פאַרשוינען, וועמענס איידעלע נעז פאַרציִען זיך בײַם ריח פון אַלטע פאַרשימלטע שמות און בײַ די טערפּקייטן פון טוניעיאַדעוועקער קוגלען, וועלכע אונדזערע באָבעס פלעגן עסן אַ מאָל אַן גאָפּלען.

אַלע האָבן געשוויגן.

נאָר דער מאַטעמאַטיק־לערער שטערן האָט געמאַכט אַ באַוועגונג ווי עפּעס צו זאָגן און ווײַזט אויס זיך איבערגערעכנט. ער האָט זיך פאַרטראַכט, אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און געשוויגן.

# מיקעל אַנדזשעלאָ דער צווייטער

אין מיטן, צווישן פּרדסים, שטייט אַ ריזיקער סקלאַד צונויפגעשטעלט פון אַלטע בלעכן. אַ מאָל האָט דאָ דער רויטער לייבע געהאַלטן זײַנע טשע־רעדעס אָקסן און ציגן. די לעצטע חדשים, זינט דער אַלטער לייבע איז געשטאָרבן און זײַנע יורשים האָבן אויספּאַרקויפט אַלע בהמות, האָט דער סקלאַד גענומען פוסטעווען.

ווײַזט אויס, אַז אַפילו אַ סקלאַד, להבדיל, ווי אַ מענטש, האָט זײַן גורל. אין איינעם אַ טאָג האָט מען דערזען, דער סקלאַד „לעבט" ווידער. און אַז די דורכגייערס האָבן זיך אָפּגעשטעלט און אַרײַנגעקוקט אין זײַנע אינגע־ווײדן, האָבן זיי דערזען: עס ליגן צעלייגט אין דער טונקלעניש גאַנצע בערגלעך ליים, גיפּס און אויך אייניקע גרויסע בלאָקן מירמלשטיין. און צווישן אָט די אַלע טויטע גולמס איז געשטאַנען אַ לעבעדיקער מענטש, אַ מאַן פון אַ ריזיקן וווקס מיט גרויסע צעשויבערטע האָר. ער איז געשטאַנען, דער מאַן, מיט פאַרקאַטשעטע אַרבל און מיט אַ מין מכשיר באַאַרבעט דאָס ליים.

— פעטער־לעב, האָט אַ נײַגעריקער דורכגייער אַרײַנגעשטופּט דעם קאָפּ אין סקלאַד אַרײַן, פעטער־לעב, וואָס מײַסטרעוועט איר דאָרט?

דער מאַן מיטן דלאָט האָט, נישט אויסדרייענדיק דעם קאָפּ, אַ בורטשע געטאָן:

— איך מײַסטרעווע, די וועלט מײַסטרעווע איך...

האָט דער דורכגייער טיפער אַרײַנגערוקט דעם קאָפּ און דערזען: דער ריזיקער מאַן מיטן דלאָט האַקט אויס אין שטיין גאַנצע פּנימער, גולמס מיט הענט און פיס. האָט ער אַ פרעג געטאָן:

— איר זענט אַ מצבה־קריצער? ווי אַזוי רופט מען אײַך, פעטער?

האָט דער מאַן אַ לאַך געטאָן:

— מיקעל אַנדזשעלאָ רופט מען מיך, מיקעל אַנדזשעלאָ דער צווייטער...

— הם, נישט קיין יִדישער נאָמען, האָט דער דורכגייער אַ צי געטאָן מיט די פּלייצעס, פון וואַנען שטאַמט איר, פּאַניע מיקעל אַנדזשעלאָ?

— פון כעלעם שטאַם איך, האָט דער מאַן מיטן דלאָט ווידער אַ מאָל אַ לאַך געטאָן, מײַן זיידע איז געווען שמש אין דער גרויסער כעלעמער שיל, דער גרעסטער חכם אין קרוין־פּוילן... און איצט, גענוג, ר׳ ייִד, גייט אײַך געזונטערהייט, איך דאַרף אַרבעטן, די וועלט האָט נישט קיין צײַט, זי וויל באַשאַפן ווערן...

פאַר נאַכט צו האָב איך זיך אַרײַנגעכאַפּט אַ שמועס טאָן מיט מיקעל אַנדזשעלאָ. געטראָפן האָב איך אים זיצן אויפן שטאַם פון אַ בוים און פּיפּקען זײַן ליולקע.

איך בין גלײַך צוגעטראָטן צום ענין:

— אַנטשולדיקט, האָב איך געזאָגט, וואָס איך קום אײַך באַלאַסטיקן, אָבער איך בין אַ לײַדנשאַפטלעכער קונסט־ליבהאָבער, און אַזוי ווי איך האָב געהערט פון אײַער אַטעליע, וואָלט איך אַ בעלן געווען...

ער האָט אַ פּיר געטאָן די אויגן מיט אומצוטרוי, מיך אָפּגעמאָסטן פון קאָפּ ביז די פיס:

— מײַנע ווערק, האָט ער געזאָגט, מײַנע ווערק וועלן אײַך נישט אינ־טערעסירן, זיי זענען אָריגינעל אי לויט דער פאָרעם אי לויטן אינהאַלט; און אײַערע אויגן, ווי די אויגן פון גאַנצן דור, זענען קאַליע געוואָרן און זיי וועלן נישט מסוגל זײַן צו באַנעמען מײַן וועלט...

— פאַר וועמען זשע שאַפט איר? האָב איך אַ פרעג געטאָן, פאַר וועמען, אויב קיינער פון דור איז נישט מסוגל צו פאַרשטיין אײַערע ווערק?

ער האָט זיך צעלאַכט מיט אַ ווילדן געלעכטער:

— און גאָט? פאַר וועמען האָט גאָט זײַן וועלט באַשאַפן?... איר מיינט, אַז גאָט איז אַזוי נאַיִוו געווען צו מיינען — עמעץ וועט זײַן וועלט פאַר־שטיין? גאָט איז איינזאַם און איך בין איינזאַם... אָבער צי קענט איר פאַר־שטיין דעם תענוג פון גאָטס איינזאַמקייט אין הימל, און פון מײַן איינזאַמ־קייט אויף דער ערד?...

— איר זענט אַליין, איר האָט נישט קיין משפּחה?

— מייַן משפּחה איז אויפגעגאַנגען מיטן רויך פון אוישוויץ און איך בין געבליבן אויף דער ערד, כּדי זיי ווידער לעבעדיק צו מאַכן... איך קען נאָך אַ מאָל מייַן ווייַב און קינדער, קענט זיי נאָך אַ מאָל פון ליים, ווי גאָט האָט אַ מאָל געטאָן מיט אָדמען. יאָ, מייַן פרייַנד, ביַי נאַכט אין לבנה־שייַן ווערן לעבעדיק אַלע ליימען און שטיינער אין מייַן אַטעליע, מייַן ווייַב שטעלט זיך ווידער בענטשן ליכט לכּבוד שבת, מייַנע קינדערלעך טוען אָן די רויטע שׂימחת־תּורה עפּל אויף די פאָנען, און איך גיי פאַר זיי מיט הקפות...

פּלוצעם האָט ער זיך אין מיטן רעדן אויפגעשטעלט פון בוים־שטאַם:

— קומט, האָט ער אַ זאָג געטאָן, קומט אָנקוקן מייַן וועלט.

ער האָט אַ צעעפן געטאָן די טיר צום „אַטעליע", און איך האָב דערזען אַלערליי געשטאַלטן אויסגעהאַקטע פון ליים און שטיין: קינדערלעך מיט נישט־פאַרענדיקטע אבֿרים, אַ ייִנגעלע מיט אָן אָנהייב פון אַ מויל־ווינקל, אַ מיידעלע מיט אָן אָנהייב פון אַן אויגן־שפּעלטעלע, דאָרט אַ קאָנטור פון אַ צאָפּ, אויף אַ צווייטער געשטאַלט דער אָנהייב פון צוויי אויערלעך...

אַ שוידער איז מיר אַדורך דורכן לייַב.

ער האָט, וויַיזט אויס, באַמערקט מייַן אויפּציטער און שטיל אַ לאַך געטאָן:

— יאָ, אייַך גרוילט פון מייַן וועלט־באַשאַף... נאָר וואָס קען איך טאָן? דאָס איז דאָך די אמתע וועלט: גאָרנישט איז גאַנץ, אַלץ איז אָנהייב, אויגן זענען נאָך קיין אויגן נישט, אויערן קיין אויערן, פּיס קיין פּיס... דאָס איז די וואָרע טראַגיש־משוגענע וועלט. און אויב זי געפעלט אייַך נישט, איז גייט אייַך געזונטערהייט, איך וויל בלייַבן אַליין, גייט אייַך געזונטער־הייט, און אַ סוף און אַן עק זאָל עס נעמען...

איך האָב זיך גענומען דערווייַטערן פון אים. אין דרויסן האָט די פינצ־טערניש זיך צעוואַקסן ווי שוואַרצע וואָל אויף אַלטע שעפּסן. איך האָב געשפּרייַזט דורך דער פינצטערניש און זייַן אויסטערליש קול איז מיר נאָכגעלאָפן:

— הע־הע זיך דערשראָקן, אַדוני, זיך דערשראָקן פאַר דער גיגאַנטי־שער שאַפונג פון מיקעל אַנדזשעלאָ! פון מיקעל אַנדזשעלאָ דעם צווייטן!

# דער נס

מיר שטאַמען ביידע פון דער זעלביקער שטאָט. איך געדענק זיי גוט די ראָשקאָוואַן־משפּחה. זייַן פֿאָטער, דער אַלטער אלי, אַ הויכער, ברייטער ייִד, אַ באַוואַקסענער מיט אַ גאַנצן וואַלד רויטקייט: די באָרד, די פּיאות, די ברעמען, אַלץ האָט געפֿייַערט מיט צעגליטן קופּער. און אַלע אַכט ייִנגלעך זייַנע האָבן געירשנט דעם פֿאָטערס געשטעל מיט דער העליִשער רויטקייט זייַנער. ער איז געווען אַ בעל־עגלה, דער אַלטער אלי, און די בנים זייַנע זענען (אַזוי פֿלעגט מען זיך ווערטלען) אַלע געבוירן געוואָרן אויף דער פֿור אין מיטן וועג צווישן איין מאָלדאַוויש דאָרף און אַ צווייטן.

דער עלטסטער זון זייַנער, מעכל, איז געווען אין מייַן עלטער. דער דאָזיקער מעכל איז מיט אַ קאָפּ העכער געווען פֿון אַלע ברידער זייַנע. דאָס גאַנצע שטעטל האָט געציטערט פֿאַר זייַן גבורה.

נאָך גאָר יונג איז ער אַוועק קיין בוקאַרעשט, געוואָרן דאָרט דער ראש פֿון אַ גנבים־באַנדע און חתונה־געהאַט מיט אַ ציגייַנער־מויד, וועלכע ער האָט אַרויסגעגנבעט פֿון אַ פֿאָרנדיקער ציגייַנער־באַנדע, אין מיטן וועג...

יאָרן זענען אַוועק און איך האָב פֿון דאָזיקן מעכל מער גאָרנישט געהערט ביז...

געטראָפֿן האָב איך אים אין געוועזענעם אַראַבישן דאָרף ל., וווּהין איך בין געקומען אויף אַ באַזוך צו מייַנעם אַ קרוב. געווען איז עס מיט אַ יאָר נייַן צוריק, און דער גורל האָט געוואָלט, אַז פּונקט אין טאָג ווען איך האָב, נאָך פֿופֿצן יאָר, אים נאָך אַ מאָל דערזען, זאָל דאָס דאָזיקע זען זיך זייַן אַן אויסטערליש פֿייַנלעכס... פּונקט אין זעלבן טאָג האָט מען אים געפּאַקט בייַ אַ גנבה. ער האָט אַרויסגעגנבעט אַ גאַנצע שטייַג מיט אינדיקעס.

איך בין געזעסן אויפן גאַניק בײַ מײַן קרוב בעת די פּאָליציי האָט אים דורכגעפירט אין „קייטעלעך"... און ס'איז נישט נייטיק געווען מען זאָל מיר אַ זאָג טאָן: „דערקענסט אים?... דערקענסט מעכעלע אַליס?"... ניין, ס'איז נישט נייטיק געווען, איך האָב אים תיכּף דערקענט.

און ווער וואָלט עס נישט דערקענט אַ בוים פונעם משפּחה־וואַלד פון די ראַשקאָוואַנעס? ביימער העכערע פון אַלע ביימער אין דער וועלט און דערצו ביימער אײַנגעהילטע אין פײַערדיקן געבלעטער...

עס זענען אַוועק אַכט יאָר זינט דעמאָלט. איך בין ווידער צו גאַסט אין דאָרף ל., דאָס מאָל בין איך געקומען אַהער מיטן איינציקן „ציל" זיך זען מיט מעכלען... איך האָב געהערט וועגן „נס" וואָס האָט געטראָפן מיט אים, און עס האָט מיך אַ צי געטאָן צו מײַן בן־עיר.

איך האָב אים אָפּגעוואַרט אויפן שאָסיי וואָס פירט אין דאָרף אַרײַן. געוווסט אַז פאַר נאַכט־צײַט קערט זיך מעכל מיט זײַן פערד און וועגעלע צוריק פון שטאָט, בין איך געשטאַנען צווישן די קאַשטאַנען־ביימער און געוואַרט אויף אים. אַז דאָס וועגעלע האָט זיך באַוויזן, האָב איך אַ זאָג געטאָן: שלום־עליכם, מעכעלע... דערקענסט מיך נישט?...

ער האָט געצויגן מיט די ווילד־צעוואַקסענע פּלייצעס און געפינטלט מיט די רויט־באַברעמטע אויגן:

— ניין, איך דערקען אײַך נישט, אַדוני...

— רוף מיך נישט „אַדוני", האָב איך געזאָגט, רוף מיך בײַם נאָמען... דערקענסט נישט דײַן בן־עיר?

און איך האָב אָנגערופן מײַן נאָמען...

ער האָט צעעפנט די אויגן, אַ שפּרייט אויס געטאָן די ריזיקע, ווי מיט צעגליטן מעש, באַוואַקסענע אָרעמס און אַ דונער געטאָן:

— אַ בראָך צו מיר... דאָס ביסטו?... זע נאָר ווי מען טרעפט זיך... אוי, אַ בראָך...

אין אַ האַלבער שעה אַרום זענען מיר שוין געזעסן אין קליינעם קאַפע פון דאָרף. מעכל האָט זיך אָפּגעווישט די פלאַמיקע וואָנצעס פון ביר־שוים און אָנגעהויבן:

— יאָ, הייסט עס, ווו האַלטן מיר ?... יאָ, ווייסט דאָך, איך האָב ליב געהאַט „לײַכטע פּאַרדינסטן"... בין געוואָרן אין בוקאַרעשט דער ראש פון א „בכּבודיקער" חברה... חתונה־געהאַט מיט אַ ציגײַנערטע און... וואָס לאַנג ציִען ?... אַלע ייִדן האָבן אײַנגעפּאַקט די פּעקלעך, האָט מעכעלע אויך דאָס אייגענע געטאָן און ויברח קיין ארץ־ישׂראל... געמיינט, מען טיילט דאָ אומזיסט באָקסערן מיט טייטלען... מילא, אין ערגעץ טיילט מען נישט אומזיסט... אומעטום מוז מען האַרעווען אויפן שטיקל ברויט, האָב איך אויך גענומען „האַרעווען", זיך גענומען צו מײַן אַלטער „מלאכה". וואָס זאָל איך לאַנג ציִען ? איך האָב „געאַרבעט" און „זיי" האָבן מיך אַרײַנגע־זעצט אין דער „חד־גדיא"... אַזוי זענען געגאַנגען יאָרן... ביז עס איז געווען פאַר אַ יאָר. איך בין געהאַט אָפּגעזעסן מײַן שטראָף פון זעקס יאָר... איך בין אַרויס פון תּפיסה, זיך אויפגעזעצט אויפן אויטאָבוס אַהיים צו פאָרן... איך שטיי אַזוי אין דער מאַשין, אַרום מיר אַ געפּאַקעניש פון מענטשן... און פּלוצעם דערזע איך, אַ מיידל שטייט לעבן מיר, אויסגע־דרייט שטייט זי, מיט דער פּלייצע צו מיר, און אין דער האַנט האַלט זי אַ טעשל. נו, האָב איך געטאָן וואָס איך האָב געטאָן... און בײַ דער ערשטער סטאַנציע בין איך אַראָפּ מיטן טעשל... גענומען אַ צווייטן אויטאָבוס און זיך געלאָזט אַהיים.

אַז מײַן ייִדענע, די ציגײַנערטע, האָט מיר געעפנט די טיר, האָב איך איר אַ שטופּ געטאָן דאָס טעשל:

— נעם, שאַלקע, נעם, האָב איך געזאָגט, אָט האָסטו דיר מײַן בײַ פאַרדינסטל... ווייסט דאָך, אַז איך האָב נישט ליב אַהיים צו קומען מיט ליידיקע הענט... זעקס יאָר האָבן מיר זיך נישט געזען... נאַ, זע, איך קום נישט מיט ליידיקן...

אַזוי האָב איך געזאָגט צו מײַן ייִדענע, דער ציגײַנערטע, איר דער־לאַנגט דאָס בינטל און אַליין בין איך אַוועק זיך אַרומוואַשן...

איך האָב נאָר וואָס באַוויזן זיך אָנצוטאָן צוריק, האָב איך פּלוצעם דערהערט אַ געוויין, אַ ווײַבערש געוויין אין שטוב.

איך בין אַרויס און דערזען: אַ מיידל שטייט און ציטערט אויפן גאַנצן לײַב. פון געוויין ציטערט זי.

— מאַמעלע, מאַמעלע, כליפּעט זי, דאָס מיידל, מאַמעלע, דעם גאַנצן

געהאַלט האָב איך געהאַט אין טאַש, דאָס גאַנצע געהאַלט האָט מען מיר אַרויסגעגנבעט אין אויטאָבוס...

איך האָב אויפגעציטערט און דערקענט: ס׳איז זי... ס׳איז דאָס מיידל פון אויטאָבוס... דאָס מיידל, ס׳איז מײַן טאָכטער... זעקס יאָר האָב איך זי נישט געזען... אוי, ברודערל, ווי זי האָט זיך עס געביטן, דאָס קינד מײַנס...

איך בין צוגעגאַנגען צו איר און זיך אָנגערופן: ס׳האָט דיך קיינער נישט באַגנבעט, טאָכטערשי... האָסט דאָס טעשל פאַרלוירן, גוטע מענטשן האָבן עס געפונען און דיר אָפּגעבראַכט אַהיים...

איך האָב אויסגעשטרעקט די האַנט צום שענקל, אַרויסגענומען דאָס טעשל און עס איר דערלאַנגט...

מעכל האָט ווידער אַ זופּ געטאָן פון ביר, זיך אָפּגעווישט די פלאַמיקע וואָנצעס און צוגעגעבן:

— זינט דעמאָלס האָב איך אַוועקגעלייגט מײַן „פאַך”, מײַן „פרנסה”... זיך אײַנגעהאַנדלט אַ פערד און וועגעלע און אַוועק אויף מײַנע עלטערנס וועגן... ווייסט דאָך, מײַן טאַטע און דער זיידע זענען געווען ערלעכע בעל־עגלות... וועל איך אויך גיין אין זייערע דרכים... יאָ, ס׳איז שווער צו זײַן אַן ערלעכער מענטש, אָבער וואָס איז דען לײַכט? מיינסט, אַז אַ גנב לעבט האָניק?...

# די גרויסע שׂימחה ביי גמליאל בשרי

איבערן גאַנצן דאָרף טראָגט זיך דער רוף פון הילכער: „ברידער און שוועסטער פון אַלע עדות, גמליאל בשרי פאַרבעט אייך צו זיין גרויסער שׂימחה, קומט זיך פרייען מיט דער פרייד פון זיין פרייד!"

פון אַלע שמאָלע געסלעך אין דאָרף כוואַליען די איינוווינער צום רחבותדיקן הויז אין מיטן צווישן אויפּס־גערטנער. פאַרן הויז אין גרויסן גאָרטן ציטערן קייטן מיט אַלערליי קאָלירטע לאָמפּן און באַשטראַלן די ווייס־געדעקטע טישן מיט אַל דאָס גוטס. אַנטקעגן מיר, מיט אויסגע־שפּרייטע אָרעמס, שפּאַנט דער קליינוווקסיקער גמליאל בשרי.

— ברוך־הבא, זאָגט ער, אַ דאַנק דיר, שכן, וואָס דו קומסט דיך פרייען מיט מיין פרייד...

— מזל־טוב, דריק איך אים די האַנט, נאָר שׂימחות זאָלן זיין בייַם פאָלק ישׂראל...

איך דריק אים די האַנט און מיינע אויגן לויפן איבערן גאָרטן, דעם בעל־שׂימחה זוך איך, גמליאלס זון „חיים דער מאַטוראַנטניק"...

— דו זוכסט מיין דאָקטער? שמייכלט דער אַלטער מיט אַ פול מויל ווייסע ציין, אַ רגעלע, אָט קומט ער מיין פּראָפעסאָר...

— גמליאל, זאָג איך, גמליאל, איאָ, דיין זון, דיין חיים איז דער ערשטער אין דיין גאַנצער משפּחה, דער ערשטער וואָס האָט געענדיקט אַ גימנאַזיע?

— יאָ דער ערשטער, חביבי, דער ערשטער אין דער גאַנצער משפּחה פון די בשריס... מיינע זיידעס און עלטער־זיידעס ביזקל הונדערטסטן דור האָבן נישט זוכה געווען דערצו... יאָ, ברודערל, איצטער האָב איך פאַר־שריבן מיין זון אין אוניווערסיטעט צו לערנען אויף דאָקטער. יאָ, זיין איי־גענעם דאָקטער וועט האָבן גמליאל דער תּימנער, אַליין וועט ער מיר פאַר־

שרײַבן רפואות, אַליין מיר מאַכן זריקות, אַליין מיר שנײַדן אָפּעראַציעס... אַן אייגענעם דאָקטער וועט האָבן גמליאל דער תּימנער...

בעת איך רעד מיטן גליקלעכן פאָטער, דערהערט זיך פּלוצעם דאָס אויפשפּילן פון אַן אָרקעסטער. מיט טאַצן און בלעכן טאַנצן זינגענדיקע תּימנער טעכטער און צווישן זיי, אין דער מיט — אַ קליין אײַנגעדאַרט זקנהלע... דאָס איז די עלטער־באָבע פון „דאָקטער", אַ זקנה נאָענט צו דער מאה. אַ סך מאָל האָב איך זי שוין געזען, די דאָזיקע זקנה. פאַרן הויז, אַנטקעגן דער זון, די פיס אונטער זיך, פלעגט זי זיצן אַ דרימלענדיקע, אַ מין בערגעלע ליים, וואָס האָט פון צײַט צו צײַט אַ פינטל געטאָן מיט אַן אויג, אַ סימן אַז דאָס ליים לעבט נאָך... גאָט מײַנער, און איצט?... איצט, ווו האָט זי גענומען כּוח צו טאַנצן?

— זע נאָר, זאָג איך, זע נאָר, דאָס באָבעלע, קיין בייז אויג, טאַנצט דאָך...

— יאָ, זאָגט גמליאל, די שׂימחה האָט איר צוריקגעקערט דאָס חיות, די גרויסע שׂימחה אין הויז...

— צי ווייסט דען דאָס באָבעלע דעם באַטײַט פון דער שׂימחה?

גמליאל באַווײַזט נישט צו ענטפערן אויף מײַן פראַגע. איך דערהער פּלוצעם דאָס שפּיציקע קולכל פון באָבעלע:

— ב"ה, פּיפּסלט זי, ב"ה, מײַן אייניקל, מײַן חיים איז אַ שׂר געוואָרן... אַ ראש־ממשלה... אַ שוטר!

דער עולם ברעכט אויס אין אַ געלעכטער.

צוויי בחורים טוען אַ הייב דאָס באָבעלע און נעמען שרײַען: הידד! הידד!

דאָס זקנהלע ציטערט אין דער הייך און איר קולעכל פּיפּסלט:

— מײַן אייניקל, מײַן חיים איז אַ שׂר, אַ ראש ממשלה... ער איז — אַ שוטר!!!

פּלוצעם דערהערט זיך אַן אויסגעשריי פון עולם:

— לאָזט דורך, לאָזט דורך, דער דאָקטער גייט!

צווישן אַ גאַנצער חברה בחורים שפּאַנט „חיים דער מאַטוראַנט", אַ הויכער שיינער בחור מיט גרויסע קלוגע אויגן.

אַ תּימנער מיידל לעבן מיר טוט אַ שעפּטשע צו אַ צווייטער:

— ער איז שיין, דער דאָקטער...

און די צווייטע ענטפערט איר:

— נישט דיך וועט ער נעמען, דער דאָקטער... און נישט מיך... וועסט זען, אַן אַשכּנזישע וועט ער נעמען פאַר אַ ווײַב...

אַלע מיידלעך צעלאַכן זיך.

פון צווישן עולם שפּרינגט ווידער אַרויס דאָס קליינע אײַנגעשרומפּענע באָבעלע, מיט אַ בלעך צווישן די ביינערדיקע פינגער... זי נעמט פּויקן און זינגען טאַנצנדיק אַנטקעגן בעל־שימחה:

— ב"ה, ב"ה, ביסט אַ שׂר געוואָרן, חיימל, אַ ראש־ממשלה ביסטו געוואָרן, מײַן איניקל, צו אַ שוטר האָט דיך גאָט דערהויבן... אַ דאַנק צום האַר אין הימל!!!

און איר אויסגעשריי ווערט דערטרונקען אין געפּויק פון טאַצן און בלעכן... דאָס געזאַנג און געפּויק שטאַרקן זיך און דאָס ראָד פון די טאַנצנ־דיקע שפּרייט זיך אַרום די ריזיקע טישן. איצט טאַנצט דאָס גאַנצע דאָרף, אַלע עדות פון פאָלק ישׂראל טאַנצן צוליבן גרויסן יום־טוב פון גמליאל בשרי, וואָס האָט זוכה געווען צו אַ זון, וואָס „וואַקסט אַ דאָקטער"...

## דער העּר דאָקטאָר — דער קוטשער

בעת איך בין אָפּגעשטיגן אין קליינעם נהריהער וואָקזאַל און מײַנע אויגן זענען אַ לויף געטאָן זוכן אַן אויטאָ, האָט מײַן האַרץ אויפגעציטערט: אין שאָטן פון די גרויסע צעבלעטערטעביימער, פּונקט ווי אַ מאָל אין מײַן קליינעם שטעטעלע אין דער אַלטער היים, איז געשטאַנען אַ „פאַיע־טאָן”, און אויף דער קאָזלע איז געזעסן דער קוטשער מיט אַ בלויען מאַנטל, אַרומגעגאַרטלט מיט אַ רויטן גאַרטל.

איך האָב אַ גלעט געטאָן די וואַרעמע סאַמעטענע אויערן פון פערד און שטיל אַ זאָג געטאָן צום קוטשער:

— זענט איר פרײַ?

— פרײַ, האָט ער געענטפערט, וווהין דאַרפט איר, אַדוני?

— איך... איך וויל זיך אַ קאַפּל „דורכקאַטײַען” מיט אַ פאַיעטאָן, שוין העכער צוואַנציק יאָר, אַז איך בין נישט געפאָרן מיט קיין פערד און וואָגן, זינט איך בין אַוועק פון מײַן שטעטעלע...

— איר זענט אַ פּוילישער?

— ניין, אַ רומענישער... און איר אַדוני?

— איך בין פון האַמבורג, האָט דער קוטשער געענטפערט.

— אַ האַמבורגער? האָט איר אויך אין האַמבורג געאַרבעט בײַם זעלבן פאַך?

— ניין, אַדוני... אין האַמבורג בין איך געווען אַ יוריסט.

ערשט איצט האָב איך אַ קוק געטאָן אויפן געזיכט פון קוטשער: ס'איז געווען אַ מאַן אין די זעכציקער מיט אַ ספּעציפיש אויסזען פון אַן אינטעלעקטואַל. אַרום זײַנע מויל־ווינקלען, אונטער דער גרויסער וואָנצע, האָט זיך געשניטן אַ האַלבער שמייכל פון קלוגער טרויעריקער סטאָאישקייט.

— אינטערעסאַנט צו וויסן, האָב איך געזאָגט, וואָסערע מאָטיוון האָבן אײַך געבראַכט צו בײַטן אַזוי דראַסטיש אײַער באַרוף?

— פשוט, אַדוני, נישט געווען קיין אַנדער ברירה. קומענדיק קיין ארץ־ישׂראל בין איך שוין געווען אַ מאַן איבער די פופציק, די לאַנדשפּראַך נישט געקענט, און חוץ דעם איז אין יענע יאָרן געווען אַן איבערפּראָדוקציע פון „דײַטשע אינטעלעקטועלע״, האָב איך פאַרביטן דאָס געריכט־הויז אויף אַ „פאַיעטאָן״, און מײַן אַדוואָקאַטן־טעקע אויף אַ בײַטש. און חוץ דעם, מײַן הער, צי מיינט איר, אַז ס׳איז אַ גרויסער חילוק צי מיר פאָרן דורכן קורצן לעבן אין אַן אַדוואָקאַטן־טאָגע אָדער אין אַ קוטשער־ראָק? דעם ציל דערגרייכט מען סײַ ווי סײַ, מיר קומען אָן צום בית־עולם.

— איר זענט אַ סקעפּטיקער, הער דאָקטאָר...

— ניין, אַ קוטשער, מײַן הער, אַ קוטשער, וואָס קען גוט דעם וועג.

מיט אַ מאָל האָט זיך דער לוסטיקער לאָשיק מיטן פאַיעטאָן אָפּגעשטעלט.

דער קוטשער האָט אַ לאַך געטאָן:

— דאָס איז מײַן הויז און דאָס פערד האָט קלוגע נאָז־פליגל, עס האָט דערפילט דעם ריח פון שטרוי אין שטאַל.

— איר וווינט דאָ מיט אַ משפחה?

— מיט מײַן פרוי, אַדוני, מײַן איינציקער זון וווינט אין תּל־אָביב, ער איז אַ שאָפער אין „אגד״.

ער האָט אַ הייב געטאָן די בײַטש, געוואָלט אַ טרײַב טאָן דאָס פערד, נאָר אין דער זעלבער רגע האָט זיך באַוויזן בײַם טויער פון הויז אַ הויכע שלאַנקע דאַמע מיט אַ שטאָלצן קאָפּ ווײַסע לײַכטנדיקע האָר.

— גריס־גאָט, רעגינאַ, האָט ער אַ לאַך געטאָן צו איר פון דער קאָזלע.

— קומסט אַהיים אויף מיטאָג, גאָטפריד?

— ניין, איך בין פאַרנומען, איך פאָר שפּאַצירן מיטן הער. דער הער איז אַ ראָמאַנטיקער און האָט ליב פערד און וואָגן.

איך האָב זיך אַ נייג געטאָן פאַר דער דאַמע און זי באַגריסט, און זוכנדיק אַ געלעגנהייט צו פאַרבינדן אַ שמועס, אַ זאָג געטאָן:

— ערשט הײַנט געקומען קיין נהריה, איך האָב אַפילו נאָך קיין צימער נישט געפונען. אפשר ווייסט איר פון אַ לײַטישער קוואַרטיר?

די פרוי האָט זיך דערפרייט:

— אויך ביי אונדז איז פאַראַן אַ צימער, וואָס מיר פאַרדינגען סעזאָן־צייט פאַר געסט. ביטע, קומט אַריין, קוקט עס אָן.

אין קאָרידאָר האָב איך אַ פרעג געטאָן:

— די דאַמע איז אויך אַ האַמבורגער?

— ניין, האָט דער דאָקטאָר־קוטשער געענטפערט, מיין פרוי איז אַ ווינערין, אַ געוועזענע שילערין פון פּראָפעסאָר זיגמונד פרויד, געהערט פון זיין מויל הונדערטער לעקציעס וועגן פּסיכאָאַנאַליז.

זי האָט טרויעריק אַראָפּגעלאָזט די אויגן און אַ זאָג געטאָן:

— דער הער זוכט אַ צימער און דו רעדסט וועגן פּסיכאָאַנאַליז...

זי האָט אַ הייב געטאָן שטאָלץ דעם ווייסן קאָפּ און צוגעגעבן:

— איך האָב נישט ליב זיך צו „רימען" מיט מיין פאַרגאַנגענהייט, אויף מענטשן ווירקט עס לעכערלעך, ווען אַ קוטשער דערציילט וועגן זיין דאָקטאָר־טיטל און זיין פרוי וועגן איר פּראָפעסאָר זיגמונד פרויד... און חוץ דעם אייל איך זיך, איך דאַרף גיין אין שטאַל אַריין מעלקן די ציגן.

זי האָט עס געזאָגט מיט אַ ציניש שמייכל און מיט אַ באַליידיקטן שטאָלץ פון אַ געוועזענער קעניגין.

מיר זענען אַריין אין צימער, וועלכעס איז געווען אויסמעבלירט באַשיידן און גאָרנישט איז דאָ אויפגעפאַלן, מחוץ די ביכער־שאַפעס, פון וועלכע ס'האָבן אַרויסגעלויכטן די גאָלדענע שער־בלעטער פון די קלאַסיקער און אין שפּיץ פון אַלע — די ווערק פון זיגמונד פרויד.

— אָט דאָס איז עס, דאָס צימער, האָט די גרייזע דאַמע אַ זאָג געטאָן, און אויב עס געפעלט אייך, קענט איר עס קריגן, דאָס צימער צוזאַמען מיט באַדינונג.

איך בין שטיין געבליבן אין פאַרלעגנהייט, וואָרעם איך האָב דערפילט די פיינלעכקייט צו פאָרן מיט אַ פאַיעטאָן, וועמעס קוטשער איז אַ געוועזענער דאָקטאָר און די פיינלעכקייט צו וווינען אין אַ צימער, וועלכעס וועט יעדן טאָג אויסגעקערט ווערן פון זיגמונד פרוידס אַ שילערין.

איך ווייס נישט צי עס איז געווען אַ צופאַל, אָדער די דאַמע האָט פאַרשטאַנען מיין מחשבה, זי האָט פּלוצעם אַ שמייכל געטאָן און זיך אָנגערופן:

— איר וועט זיך נישט דאַרפֿן זשענירן, מײַן הער, איך וועל אײַך יעדן טאָג אויפֿראַמען דאָס צימער און נישט דערמאָנען זיגמונד פֿרויד, איך וועל אײַך יעדן טאָג דערלאַנגען מילך פֿון מײַן ציג און נישט דערמאָנען די פּסיכאָאַנאַליז.

און דער דאָקטאָר־קוטשער האָט צוגעגעבן:

— מיר קוקן אויף דער פֿאַרגאַנגענהייט, מײַן הער, ווי אויף אַ פּאָר־וויאַנעטן שמעטערלינג אין אַן אַלטן פֿאַמיליע־אַלבום. דאָס לעבן גייט ווײַטער, מײַן הער, און באַשאַפֿט נײַע שמעטערלינגען, וואָס פֿלִיען יונג און מונטער איבער דער אייביק־יונגער וועלט. זשענירט אײַך נישט, מײַן הער, פֿאַר די אַלטע לײַט, וואַשט אײַך אַרום, רוט אײַך אויס און געניסט פֿון קוראָרט...

# ער איז ברוגז אויף דער וועלט

בעת איך בין אָפּגעפאָרן אייניקע קילאָמעטער דרומדיק פון באר־שבע, האָב איך פּלוצעם אין מיטן זאַמד־ים דערזען אַ געצעלט. איך בין געווען זיכער, אַז דאָס דאָזיקע געצעלט־הויז איז באַוווינט פון אַ בעדויִנער מיט זײַן משפּחה.

ווען איך האָב אָפּגעשטעלט מײַן אויטאָ, האָב איך באַמערקט:

פאַרן געצעלט זיצט אַ מאַן, די פיס אונטער זיך, ער זשמורעט די אויגן און רייכערט פון אַ נאַרגילע.

אַז איך האָב אים באַגריסט אין אַראַביש, האָט ער אַ ברום געטאָן אויף ייִדיש:

— איר האָט געטראָפן אַ פאַלשן אַדרעס, אַדוני, איך בין נישט קיין אַראַבער נאָר אַ ייִד, אַ ייִד פון הינטער קראָקע...

איך האָב געעפנט אַ פּאָר פאַרחידושטע אויגן:

— וואָס זשע טוט אַ קראָקעווער ייִד אַליין אין מידבר?

— הם, האָט ער אַ ברום געטאָן, הם... אַ קראָקעווער ייִד טוט וואָס ער דאַרף צו טאָן... דער עיקר, ער איז פּטור געוואָרן פון דער פּאַסקודסטווער וועלט און איר וויסטן, נאַרישן געפּילדער.

— איר וווינט דאָ מיט אַ משפּחה? האָב איך אַ פרעג געטאָן דיסקרעט.

— כּי, כּי, האָט ער זיך צעלאַכט, ווער וועט דען וועלן וווינען מיט מיר אין אַ מידבר? נאַט זעט, האָט ער אַ טײַטל געטאָן, נאַט זעט, דאָס איז מײַן משפּחה!

ערשט איצט האָב איך דערזען: אַרום און אַרום שטייען שוואַרצע ציגן און צופּן די מידבר־קרײַטעכצער, וואָס שפּראָצן פון זאַמד אַרויס.

— ס'זענען אײַערע ציגן? האָב איך אַ פרעג געטאָן.

— יאָ, מײַנע ציגן. אויב איר זענט אַ בריה און קענט מעלקן, נעמט אַ

קריגל און מעלקט אײַך אָן אַ ביסל פרישע ציגן־מילך... װעלן מיר טרינ־קען לחיים.

— מאָדנע, האָב איך געזאָגט, מאָדנע װי אַ קראָקעװער ייִד זיצט אין מידבר, מעלקט שװאַרצע בעדויִנישע ציגן און שעלט די װעלט... שעלט די װעלט און װיל טרינקען לחיים... פאַר װעמען װילט איר טרינקען לחיים, פעטער ?

— פאַרן פאַראַיאַריקן שניי, האָט ער אַ לאַך געטאָן, און פאַרן שניי־מענטש, װאָס איך האָב ייִנגלװײַז געמאַכט לעבן רבינס חדר, און פאַרן הבל־הבלים...

אַז איך האָב אים נאָך אַ מאָל פאַרחידושט אָנגעקוקט, האָט ער אַ זאָג געטאָן :

— מײנט נישט, אַז איך בין חסר־דעה... ניין ! אמת, אין לאַגער פון אױשװיץ איז מיר קאַליע געװאָרן אַ קלעפּקע און שפּעטער, װען די אַמע־ריקאַנער האָבן אונדז באַפרײַט, בין איך אָפּגעװען העכער אַ יאָר אין אַ משוגעים־הױז... אָבער נאָך דעם, װען איך בין געקומען קיין ישׂראל, האָט מען מיר געװאָלט געבן אַרבעט אין מײַן פאַך (איך בין אַ מיטלשול־לע־רער), נאָר איך האָב שױן געהאַט באַשלאָסן פון פריִער, אַז מיט מענטשן װעל איך מער קיין משׂא־ומתּן נישט האָבן... און איך בין אַװעק אין מידבר, פאַשע דאָ מײַנע ציגן, האָב אײגענע מילך, אײגענעם קעז... עס איך און טרינק און גענעץ... איר װײסט, אַלע יאָרן אין לאַגער האָב איך געחלומט, אַז אױב איך װעל אַ מאָל באַפרײַט װערן, װעל איך דאָס גאַנצע לעבן נישט טאָן עפּעס אַנדערש װי עסן און גענעצן... יאָ, ציגן טוען אױך אַזױ, די ציגן זענען קליגער און בעסער פון מענטש, זײ עסן, מעלה־גרהן און גענעצן...

— כי, כי, האָט ער פּלוצעם גענומען לאַכן, כי, כי, ער מײנט : ער איז די קרוין פון דער װעלט, דער בן־אָדם האָט אײַנגערעדט זיך, אַז ער איז די קרוין פון באַשאַף... װאָס רודערט ער, דער בשׂר־ודם ? צו די שטערן װיל ער פליִען און די נאָז קען ער זיך נאָך אַלץ נישט אָפּװישן... איך שװער אײַך, ביז די שטערן װעט דער בן־אָדם מיטנעמען זײַנע פאַרבלוטיקטע שטיװל... און װאָס װעט ער טאָן אױפן יופּיטער צי אױפן װענוס ?... מיט זײַנע קלוגע צײן װעט ער אױפפרעסן די באַװױנער פון קאָסמאָס... און

וואָלט ער ביז די הימלען דערגרייכט, דער בן־אָדם, וואָלט ער גענומען פּרעסן די מלאכים... ברר, ווי מיך עקלט דער מענטש...

ער האָט פּלוצעם אויסגעשטרעקט זײַן האַנט, אָנגעכאַפּט אַ ציג און זי גענומען מעלקן. אַז ער האָט אָנגעפּילט אַ קריגל מילך, האָט ער עס אַ הייב געטאָן און אויסגערופן:

— לחיים, לחיים פאַרן גענעץ פון דער וועלט, לחיים פאַר גאָטס אייביקן גענעץ... יאָ, לאַכט נישט, ערשט דאָ אין מידבר, בײַ נאַכט, האָב איך דערהערט ווי גאָט גענעצט... שוין יאָרן מיליאָנען גענעצט ער, דער באַשאַפער, פון גרויסער נודנאָטע... סאַראָ וויסטער לאַנגווײַל... ברר...

ער איז אַ ווײַל שטיל געוואָרן און דערנאָך אַ זאָג געטאָן:

— שוין מער ווי צוויי יאָר, אַז איך האָב מיט קיין מענטשן נישט גערעדט... איר זענט דער ערשטער, דערפאַר האָב איך זיך אַזוי צערעדט... גאָר בטבע האָב איך פײַנט צו רעדן. דער גענעץ איז קליגער און אמתער פון אַלע רייד, פון אַלע פילאָסאָפן...

יאָ, איך ווייס עס... איך אַליין האָב אַ מאָל אָנגעשריבן אַ גאַנץ בוך, „דער זין פון לעבן". קריטיקער האָבן עס געלויבט, געשריבן רעצענזיעס אין די צײַטונגען וועגן מיר, מיידלעך האָבן מיר געבראַכט בלומען, און איך האָב דערפילט דעם טעם פון רום... נאָר פליעוואַט... איר ווייסט וואָס איך האָב געטאָן מיט מײַן ווערק „דער זין פון לעבן"? איך האָב עס פאַרברענט מיטן מיסט אין קיך, און אויפן פײַער אויפגעקאָכט וואַסער און זיך גענומען באָדן מײַנע הינעראויגן...

ער איז ווידער שטיל געוואָרן און נאָך אַ ווײַלע אַ זאָג געטאָן:

— נו, גענוג, איר קענט שוין גיין... איר האָט זיך אָנגעהערט מײַנע מעשׂיות, אויסגעטרונקען מײַן מילך... איצט קענט איר שוין גיין געזונטערהייט...

אַז איך בין שוין געזעסן אין אויטאָ, האָט ער מיר נאָכגעשריִען:

— אַז עס ווערט אײַך אַ מאָל נימאס די וועלט מיט איר פּוסטן גערודער, קומט אַהער אַראָפּ, אין מידבר אַרײַן, קומט בײַ נאַכט אַהער, און האָרכט זיך אײַן ווי ער גענעצט... יאָ, אין מידבר הערט מען גאָט גענעצן...

# דער קאָמיקער פון „פּאָמול ווערדע"...

אַ מאָל, מיט צענדליקער יאָרן צוריק, האָט יאַנקעלעוויטש געשפּילט דעם קאָמיקער אין יידישן טעאַטער „פּאָמול ווערדע" אין יאַס, הײַנט אין תּל־אָביב שפּילט ער דעם לץ אין לעבן...

— מען דאַרף נישט, זאָגט ער, מען דאַרף נישט נעמען דאָס לעבן צו פיל ערנסט, נישט ערנסטער פון אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג. דער פאָרהאַנג פאַלט סײַ דאָ סײַ דאָרט און די אָפּערעטע ענדיקט זיך... נאָר אין לעבן איז נאָך לײַכטער: אין טעאַטער נאָכן פאַרענדיקן איין פּיעסע איז פאַראַן אַ מעגלעכקייט, אַז מען וועט דיר געבן שפּילן אַ ראָלע אין אַ צווייטער פּיעסע, אָבער אין לעבן, מעגסטו זיכער זײַן, אַז דער פאָרהאַנג פאַלט, איז ער געפאַלן אויף אייביק, קיין אַנדערע ראָלע וועט מען דיר שוין קיין מאָל נישט געבן, סײַדן אויף יענער וועלט...

מיט אַ יאָר צוריק, בעת ער, יאַנקעלעוויטש, איז געקומען קיין ישראל, האָט דאָס מזל אים צוגעשפּילט:

שטייענדיק אין דער לשכּת־עבֿודה, אין דער ריי כּדי זיך צו רעגיסטרירן צווישן די אַרבעט־זוכער, האָט ער פּלוצעם דערזען:

וואָלף לופּו דער סופליאָר שפּאַנט... מיט אַ טעקע אין דער האַנט שפּאַנט ער...

— וואָלף לופּו, האָט יאַנקעלעוויטש אַ רוף געטאָן, וואָלף לופּו! דו ביסט עס וואָלף דער סופליאָר?

דער פּקיד מיט דער טעקע אין דער האַנט האָט אויף אים אַ בליק געטאָן דורך די שפּאַקולן און אַ לאַך געטאָן:

— אוודאי איך... וואָס דען אַן אַנדערער בין איך?...

— וואָס זשע טוסטו דאָ? האָט יאַנקעלעוויטש גענומען ווי דעקלאַמירן,

וואָס טוסטו דאָ? זען, זע איך נישט קיין בינע, און נישט קיין סופליאָר־קאַסטן, ווי זשע קומט אַהער וואָלף לופו דער סופליאָר?

— איך אַרבעט דאָ, האָט וואָלף לופו געענטפערט, איך בין אַ פּקיד אין דער סוכנות...

— אַהאַ, האָב איך דאָך אַ גאַנצן פּוס אין טשאָלנט, האָט דער קאָמיקער זיך צעקוואָלן... אַהאַ, ווי זאָגט שעקספּיר אין זײַן אָפּערעטע „דער רביצינס טשאָלנט"... יאָ, שעקספּיר זאָגט דאָרטן אַזוי צו זאָגן: ווער ס'פּאַרט אין קאָטש און ווער ס'שפּאַנט צו פּוס, אויף יעדן קומט די צײַט אַ מאָל אַראָפּ־צוגיין פון דער סצענע... נאָר ביז וואָס און ווען דאַרף דער בן־אָדם פּיקן, וואָרעם דער מאָגן שרײַט „האָם! האָם!"

— גוט געזאָגט, האָט דער פּקיד מיט דער טעקע אַ לאַך געטאָן, גוט געזאָגט, ברודערל... יאָ, איך וועל אַ טראַכט טאָן און עפּעס אַ זוך טאָן פאַר דיר אַ פּאַסיקע אַרבעט...

געפונען האָט דער פּקיד, דער געוועזענער סופליאָר, פאַר זײַן חבר דעם געוועזענעם קאָמיקער אַ לײַכטע אַרבעט: אַ וועכטער בײַ דער טיר פון דער סוכנות. און שוין אין ערשטן טאָג האָט דער געוועזענער קאָמיקער זיך אײַנגעליבט אין זײַן נײַער עבודה.

— זי איז ווי צוגעמאָסטן פאַר מיר, האָט ער געזאָגט, איך שטיי מיר ווי אויף דער בינע אַ מאָל, שטיי מיר און רעד צום פּובליקום...

— וואָס איז, מאַדאַם, טוט ער אַ לאַך צו אַ ייִדענע, אַ נײַע עולה, וואָס איז דאָס אײַלעניש? דער ירדן ברענט?

די ייִדענע קוקט אים אָן און טוט אַ קרעכץ:

— וואָס איך אײַל מיך, פרעגט איר?... אַז קיין דאַך איבערן קאָפּ האָב איך נאָך נישט און נישט קיין וואַסער אויף קאַשע...

— און אײַער מאַן, דער גראַף, קען אײַך נישט באַזאָרגן מיט אַל דאָס גוטס?

— וואָסער מאַן, וואָסער גראַף? קרעכצט די ייִדענע, איך בין אַ וויסטע אַלמנה, אַז אָך און אַז וויי איז צו מיר...

— אַן אַלמנה, צעעפּנט דער קאָמיקער די אויגן, אַן אַלמנה!... הערט נאָר, גאָט זיצט אויבן און פּאַרט אונטן... איך, מאַדאַם, בין אויך אַן אַלמן, עלנט ווי אַ פּיפּערנאָטער... ווי וואָלט געווען אַ שטייגער... איך מיין, איר זענט אַ ייִדענע מיט אַלע חנען... קיין גאַנצע פּופּציק נאָך נישט אַלט... הא?...

די ייִדענע פאַרריכט זיך די האָר אויפן קאָפּ, פאַרציט די ליפּעלעך און טוט אַ זינגענדיק זאָגעלע: וואָסערע פּופּציק? אויף מיינע שונאים קעפּ... נאָך נישט קיין גאַנצע צוויי און פערציק...

— אַזוי גאָר? דערפרייט זיך דער קאָמיקער, איי, איי, בלוט און מילך נאָך... איר זענט דאַכט זיך אַ יאַסער?

— יאָ, אַ יאַסער, געהאַט אַ יאַטקע אין יאַס. זינט מיינער איז גע־שטאָרבן בין איך ווי אויפן וואַסער... אַז אַך און אַז וויי איז צו מיר...

— אין יאַס, זאָגט דער קאָמיקער, אין יאַס האָב איך צוריק מיט פערציק יאָר געשפּילט אין „פּאָמול ווערדע" טעאַטער... געווען האַצמאַך. הונדערט צוואַנציק מאָל געשפּילט האַצמאַך אין שעקספּירס אָפּערעטע „דער פּרינץ האַמלעט פון כעלעם"... יאָ, און היינט בין איך אַן אַלמן... און... בעט אייער האַנט, מאַדאַם... אָ, שענקט אייער הארץ מיר, באַראָנעסע!

די ייִדענע קוקט אים אָן, דערקענט, אַז ער מאַכט חוזק, טוט זיך אַ פאַרקרים:

— איר זענט אַ פאַרשלעפּטע קרענק, זאָגט זי, אויף מיינע שונאים קעפּ, אַקטיאָרטשיק!

— יאָ, זאָגט ער, יאָ, אַז עס איז באַשערט צו שפּילן דעם קאָמיקער, שפּילט מען, אַ מאָל אין טעאַטער און אַ מאָל אין לעבן... זאָגט נאָר, מאַ־דאַם, ווען פאַלט שוין דער פאָרהאַנג?... עס איז נאָך אַ סך צום פינאַל?...

אַזוי „שפּילט" ער טאָג איין, טאָג אויס ביים טויער פון דער סוכנות, שפּאַסט מיט מענטשן, מאַכט זיי לאַכן און לאַכט אַליין... נאָר פאַר נאַכט, ווען ער קערט זיך אַהיים אין זיין אַלט־בחוריש חדרל, שטעלט ער זיך אַוועק ביים שפּיגל און נעמט רעדן צו זיך אַליין:

— אַהאַ, געשפּילט און אויסגעשפּילט, יאַנקעלעוויטש!... אַ בחורל ביסטו שוין, קיין בייז אויג נישט, אַ בחורל ביי די זיבעציק... און וואָס און ווער און ווען... צו וואָס אַ שטייגער באַשאַפט דער רבונו־של־עולם אַזאַ מענטשעלע ווי מיך? אַ גאַנץ לעבן געווען אַן איבעריקער סטאַטיסט... אַן

מיר וואָלט אויף דער בינע גאָרנישט נישט געפעלט... צו וואָס זשע האָט דער רעזשיסאָר מיך געדאַרפט? צו וואָס, רבונו־של־עולם?...

און דער געוועזענער קאָמיקער צעוויינט זיך אַנטקעגן שפּיגל:

— טאַטע־גאָט, כליפּעט ער, טאַטע־גאָט, אַן עק, אַ סוף, לאָז דעם פאָר־האַנג אַראָפּ, וואָרעם איך בין מיד שוין צו שפּילן...

# אַ חתונה

— קום, האָט מײַן פֿרײַנד געזאָגט, קום אָנקוקן אַ חתונה, וואָס איז נישט קיין סתם־חתונה, נאָר אַ סימבאָל פֿון ייִדישן גורל.

אַז איך האָב צעעפֿנט אַ פּאָר פֿרעגנדיקע אויגן, האָט ער אַ לאַך געטאָן, מײַן פֿרײַנד:

— ניין, האָט ער געזאָגט, ניין, דעם סוד פֿון אָט דער סימבאָלישקייט וועל איך דיר נישט אַנטפּלעקן. דײַן נײַגעריקייט וועל איך אויפֿהאַלטן ביזן סוף...

מיר זענען אַרײַן אין חתונה־זאַל. צווישן די הונדערטער געסט האָב איך נישט אָנגעטראָפֿן קיין איין באַקאַנט פּנים. האָב איך אַ לאַך געטאָן:

— איך פֿיל זיך נישט באַקוועם, וואָס וועט זײַן, אַז מען וועט מיך אַ פֿרעג טאָן צו וועלכן צד איך קער זיך אָן, צום חתנס אָדער כּלהס צד?

— דו געהערסט צו כּלהס צד, האָט מײַן פֿרײַנד מיר אײַנגערוימט.

— ווי אַזוי צו כּלהס צד?

מײַן פֿרײַנד האָט נישט באַוויזן מיר ענטפֿערן, ווי ס'האָט פּלוצעם אַ דונער־אויף געטאָן דער אָרקעסטער. מען האָט אויפֿגעשפּילט אַ „פֿריילעכס". דער עולם האָט זיך אַ שטעל געטאָן אין אַ ריזיקן קרײַז אַרום אַ קליין דאַריננק ייִדעלע, וועלכער האָט מיט דער פֿלינקייט פֿון אַן אַקראָבאַט גענומען טאַנצן אַ „קאָזאַטשאָק".

— ס'איז דאָך דער „בעלזער בדחן", האָב איך אַ פֿאַרווּנדערטער אַ שעפּטשע געטאָן מײַן פֿרײַנד אין אויער. גאָט מײַנער, ווי קומט אַהער דער „בעלזער בדחן"? ער איז דאָך אומגעקומען אין קאָסעוּצער וואַלד אויפֿן וועג קיין טראַנסניסטריע.

— ס'איז נישט דער „בעלזער בדחן", האָט מײַן פֿרײַנד געענטפֿערט, ס'איז זײַנער אַ ברודער...

איך האָב זיך מיט אַ מאָל דערמאָנט אַ פּחדימדיק בילד פון יענער נאַכט אין קאָסעוּצער וואַלד: פון צווישן די טויזנטער ייִדן, וואָס ליגן אין פלייצנדיקן רעגן, האָט זיך פּלוצעם דערהערט דער געיאָמער פון אַ געווי־נערין. אַ פרוי האָט גענומען גיין צו קינד אין מיטן וואַלד. איך בין גע־שטאַנען אונטער די האַרבסטיק־אָפּגעדאַרטע צווײַגן פון אַן אַלטן דעמב און זיך געפּרוּווט באַשיצן פון פלייצעניש.

פון אַרום האָבן זיך דערהערט אָפּגעריסענע קולות:

— אַן אַקושערקע! אפשר געפינט זיך דאָ אַן אַקושערקע?

פּלוצעם איז פון צווישן דיביימער, פון דער פינצטערניש אַרויס, אַ שפּרונג געטאָן דער „בעלזער בדחן”, די הענט האָט ער געהאַלטן ווי פליג־לען אויסגעשפּרייט און זײַן קול האָט זיך געאַמפּערט, געפּרוּווט איבער־שרײַען דעם גע־ליאַפּ פונעם רעגן:

— גאָטס חוזק! האָט ער געדונערט, גאָטס חוזק! אַ ייִד ווערט גע־בוירן אין קאָסעוּצער וואַלד כאַ, כאַ, גאָטס חוזק! דערשטיקט דאָס קינד... זאָלן די דײַטשן נישט האָבן וואָס צו מאָרדן! דערשטיקט דאָס קינד, גאָטס חוזק!

אין דער זעלבער נאַכט איז ער אַליין, דער „בעלזער בדחן”, גע־שטאָרבן ליגנדיק נעבן אַן אויסגעהוילטן בוים־שטאַם, און די רומענישע זשאַנדאַרן האָבן אים אַרײַנגעוואָרפן מיט נאָך ייִדן אין אַ ריזיקן מאַסן־קבר אויף אַ לאָנקע אין מיטן וואַלד.

די „קאָלעמייקע”, וואָס דער אָרקעסטער שפּילט איצט אויף, וועקט מיך פון די גרויליקע דערמאָנונגען... איך צעעפן די אויגן און זע:

דאָס קליינע, גרויזנקע זקנדל, דעם „בעלזער בדחנס” ברודער, דרייט זיך איצט אין אַ קאַדריל און זײַן קול, ווי דאָס קולכל פון אַ צען־יאָריק „משוררל”, רײַסט זיך:

— אַ וואָרע מאַכט, מאַכט אַ וואָרע, מען פירט די חתן־כלה צו דער חופּה!

— זעסט, זאָגט מײַן פרײַנד, זעסט די פרוי בײַ דער לינקער האַנט פון דער כלה? דאָס איז דער כלהס מוטער.

— מאַכסט שפּאַס, ענטפער איך, אָט די יונגינקע? זי זעט דאָך אויס ווי דער כלהס שוועסטער, נאָך קיין דרײַסיק יאָר נישט אַלט.

— זי איז שוין זעקס און דרײַסיק, ענטפערט מײַן פרײַנד און שמייכלט סודותדיק, די מוטער איז אַלט זעקס און דרײַסיק, און די כּלה — אַכצן, ביז הונדערט און צוואַנציק... דאָס הייסט, פֿאַר אַכצן יאָר איז דאָס קינד געבוירן, פּונקט אין יענער צײַט ווען דער „בעלזער בדחן" איז אומגעקומען אין קאָסעוּצער וואַלד...

— יאָ, זאָג איך, פּונקט אַכצן יאָר איז פֿאַראַן זינט דעמאָלט...

— אַוודאי, זאָגט מײַן פרײַנד, אַוודאי, און פּונקט אַכצן יאָר זינט יענער נאַכט, ווען אַ פרוי האָט פּלוצעם גענומען גיין צו קינד... גאָטס חוזק!

מײַן פרײַנד לאַכט און איך ציטער אויף:

— און די כּלה? די כּלה איז...

— אַזוי איז עס, ענטפערט מײַן פרײַנד, די כּלה איז דאָס זעלביקע קינד, וואָס איז געבוירן אין יענער נאַכט, אין קאָסעוּצער וואַלד... איצט ווייסטו שוין פֿאַר וואָס דו קערסט דיך אָן מיט כּלהס צד?

# יאָסעלע אין נגב

טשיקאָווע, כאָטש יאָסעלע (אַזוי רופט מען אים) איז אַליין אַ ייִד אַ גבר, הויך, ברייט־פּלייציק מיט אַ לבנה־פּנים אַרומגעזוימט מיט אַ לאַנגער געדיכטער באָרד, פאַרמאָגט ער פון דעסטוועגן עפּעס קינדיש־אומבאַ־האָלפנס, וואָס דערמאָנט אין די פיצעלעך באַפליגלטע באַשעפענישן, וואָס וואַקסן אין זייַנע שטייַגן.

מיט אַ יאָר צוריק, ווען יאָסעלע איז עולה געווען קיין ארץ־ישׂראל, און די קרובים זייַנע האָבן געגומען זוכן אַ פּרנסה פאַר אים, האָט זיך יאָ־סעלע צעקוואָלן מיט די גוטע קינדישע אויגן:

— איך וועל בלייַבן ביי מייַן פּרנסה! אין חוץ־לארץ האָב איך געצויגן מייַן חיונה פון האָדעווען הינער, וועל איך פּרוּוון, מיט גאָטס הילף, ממשיך זייַן אויך דאָ אין הייליקן לאַנד מייַן טועכץ! וואָסי, נישט פאַראַן קיין הינער אין ארץ־ישׂראל?

און בעת די „סוכנות" האָט אים אָנגעוויזן זייַן נייַ וווינאָרט ערגעץ ווייַט אין נגב, האָט ער אַ צי געטאָן מיט די ברייטע פּלייצעס און אַ זאָג געטאָן צו זיי:

— עס איז מיר נישט קיין חילוק ווו, אַבי אין ארץ־ישׂראל זאָל עס זייַן! אין ארץ־־ישׂראל און צווישן ייִדן! און דער עיקר: עס זאָל זייַן אַ מקום ווו מען קען אויפציִען הינער, קאַטשקעס און גענדז! איך בין, ב"ה, נישט קיין „גרינער", ווייס אויך ווי אַזוי אומצוגיין מיט די לעבעדיקע באַשעפענישן. איך פאַרשטיי, ב"ה, זייער לשון און זיי דאָס מייַניקע!

בעת יאָסעלע איז צום ערשטן מאָל אַרויס באַקוקן דעם נייַעם מקום, צווישן די זאַמדן פון נגב, און זיך אַרומזען ווער זייַנע נייַע שכנים זענען, איז אים, קודם, אויסגעקומען אַ קאָפּל פריקרע: כמעט אַלע נייַע שכנים זייַנע זענען געווען ייִדן עולים פון ווייַטע מקומות, פון לענדער, וואָס היג־

טער די הרי־חושך. ער, יאָסל, האָט אין זײַן לעבן אַפילו נישט געהערט די נעמען פון די דאָזיקע ווײַטע מקומות.

אויך דאָס לשון, וואָס די דאָזיקע ייִדן האָבן גערעדט, איז געווען פרעמד צו זײַנע אויערן. נאָר אַז ער האָט דערזען מזוזות אויף זייערע טירן און אויך דאָס בית־מדרשל, ווו עס איז געווען מיט לשון־קודשדיקע אותיות אויפגעשריבן: „אוהל־יעקב", האָט ער זיך באַרויִקט.

— געלויבט צו זײַן ליבן נאָמען, האָט ער געזאָגט, אַ דאַנק גאָט, אַבי מען איז צווישן ייִדן, צווישן די בני־אַברהם־יצחק־ויעקב!

און בשעת איינער פון די דאָזיקע ווײַט־לענדערדיקע ייִדן, אַ זקן מיט אַ לאַנגער ווײַסער באָרד, האָט זיך דערנענטערט צו יאָסלס שטײַג און פרײַנדלעך אַ זאָג געטאָן: „טוב! טוב!" — האָט זיך יאָסל צעשמייכלט, וואָרעם דאָס וואָרט „טוב" האָט געקלונגען היימיש אין זײַנע אויערן, האָט דאָך גאָט אַ מאָל געזאָגט אין חומש „כּי טוב", אַזוי האָט יאָסל צוריק מיט פופציק יאָר געלערנט אין חדר בײַם רבין אהרון־בינעם.

טוב! טוב! האָט יאָסל אָפּגעענטפערט זײַן שכן, און בשעת־מעשׂה דערפילט, אַז נאָך ווערטער געדענקט ער פון די חדר־יאָרן און ער האָט זיך צו ביסלעך גענומען באַניצן מיט זיי אין שמועס מיט זײַנע שכנים.

אין איינעם אַ טאָג, ווען יאָסל האָט זיך גענומען אויסברייטערן זײַן ווירטשאַפט און צובויען נאָך אַ שטײַג, האָט זיך באַוויזן זײַן שכן, אַ ייִד פון פערסיע, און אים גענומען העלפן:

— דײַן ווירטשאַפט צעוואַקסט זיך, ב"ה, האָט דער ייִד פון פערסיע געזאָגט, און יאָסל האָט זיך אָנגענומען מיט כּוח און אַרויסגעצויגן אַ גאַנצן פסוק פון חומש: „בראשית ברא אלוהים את השמים ואת הארץ", און פאַר־ענדיקט האָט יאָסל אויף ייִדיש: מיט איין מאָל גייט עס אַפילו נישט בײַם רבונו־של־עולם.

און כאָטש זײַן פערסישער שכן האָט נישט פאַרשטאַנען יאָסלס ייִדיש־לשון, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אויף זײַן פסוק פון חומש און אים אָפּגע־ענטפערט:

— אַתּה בן־תּורה, יאָסל!

„בן־תּורה"? האָט יאָסל איבערגעזאָגט די ווערטער און זיך דערמאָנט, אַז אַ מאָל אין זײַן שטעטעלע האָט מען אַזוי גערופן דעם רב „בן־תּורה".

פון וואַנען זשע ווייסט דער ייִד פון הינטער די הרי־חושך דעם דאָ־זיקן צונאָמען, אַז ער איז קיין מאָל אין יאָסלס שטעטעלע נישט געווען?

נאָר אַ קשיא אויף אַ מעשׂה, מען זאָל אָנהייבן פרעגן קשיות, וועט מען נישט פאַרענדיקן ביז משיח וועט קומען.

— טפו, האָט יאָסל אַ שפּײַ געטאָן אין די געזונטע דלאָניעס און אַ הייב געטאָן אַ קלאָץ פון דער ערד, און זײַן פּערסישער שכן האָט אויך צוגע־לייגט אַ האַנט און אונטערגעהאָלפן.

און בעת די ביידע ייִדן טראָגן אַזוי דעם קלאָץ, טראַכט יאָסל:

ווען מען וואָלט אַ מאָל, מיט פּופּציק יאָר צוריק, געזען בײַ זיי אין שטעטל ווי ער, יאָסל, טראָגט אַ קלאָץ צוזאַמען מיט אַ ייִד פון הינטער די הרי־חושך, טראָגט דעם קלאָץ נישט ווײַט פון באַרג סיני, וווּ גאָט האָט געגעבן די ייִדעלעך זײַנע די תּורה... איַי־איַי, נסים ונפלאות! נישט צו באַנעמען מיטן מענטשלעכן מוח...

— הי־הי, טוט ער אַ קוועל, יאָסעלע, צו די עופות זײַנע, הי־הי היג־דעלעך טײַערע, וואָס זאָגט איר, אַיאָ מיר האָבן אַ גרויסן גאָט אין הימל!...

# דער ניסתּר פון טערקײַ

איך בין אַרײַנגעקומען אין אײנעם אַן אָוונט פון תּל־אָביב אין דאָרף ל., ווו איך וווין. עס איז שוין געווען נאָך חצות. טיר און טויער פֿאַרשלאָסן. אויף אַלע פֿענצטער האָט גערוט דאָס ליכט פון דער לבֿנה און די געמיט־לעכקייט, וואָס פֿאַרבאַהאַלט אונטער זיך די מנוחה פון מענטשלעכן שלאָף נאָך אַ טאָג האָרעוואַניע.

נאָר פון בית־מדרש „נצח־ישׂראל״ האָט זיך געלויכטן אַ שוואַך ציט־טערדיק ליכט, וואָס האָט געוואָרפֿן אויסטערלישע שאָטנס אויף די בלעטער פון סאַברע־קוסט, וועלכער איז געשטאַנען ווי אַ קראַליק פֿאַרן מקום־קדוש. איך האָב אַ בליק געטאָן אין דער האַלב־אָפֿענער טיר און דערזען:

לעבן אָרון־קודש, איבער אַ דעמבענעם שטענדער, האָט זיך געוויגט די געשטאַלט פון אַ מיטליאָריקן מאַן מיט אַ לאַנגער שוואַרצער באָרד, וואָס האָט זיך געקרײַזלט ווי געדיכטע וואָל אויף אַלטע שעפּסן. איך בין אויף די שפּיץ פֿינגער אַריבערגעטראָטן די שוועל פון בית־מדרש. דער מאַן איבערן ספֿר האָט אַ ציטער געטאָן און אויפֿגעהויבן אַ פּאָר גרויסע שוואַרצע אויגן אין וועלכע עס האָט געציטערט די אומבאַהאָלפֿנקייט פון אַ קינד, וואָס ווערט פּלוצעם געכאַפּט בײַ אַ סודותדיקער עבֿודה... ער האָט שטיל, ווי ער וואָלט זיך פֿאַרענטפֿערט, אַ זאָג געטאָן:

— אַ גאַנצן טאָג אַרבעט איך... בײַ נאַכט בלײַבט אַ ביסל צײַט אויף אַרײַנצוקוקן אין אַ ספֿר.

איך האָב זיך אַ בייג געטאָן איבער די אויפֿגעבלעטערטע בלעטער.

— איר זענט עוסק אין זוהר? האָב איך אַ פֿרעג געטאָן.

— הם, האָט ער אַ שטאַמל געטאָן, איך בין אַ פּראָסטער מענטש, נאָר... נאָר, באמת, איך האָב ליב דעם ריח פון הייליקע ספֿרים... איך פֿאַרשטיי ווייניק... איך טו בלויז אַ שמעק, ווי מען שמעקט צו אַ טײַערן

גאָרטן, כאָטש מען ווייסט אַפילו נישט די נעמען פון די פּירות וואָס וואַקסן אויף דיביימער.

איך בין געבליבן דערשטוינט פון זײַנע ווונדערלעכע רייד, און ערשט איצט האָב איך זיך דערמאָנט, אַז איך זע דעם דאָזיקן מאַן טאָג־טעגלעך דורכגיין מײַן הויז, צום פּרדס גייט ער מיט דער טוריה.

— איר אַרבעט דאָ אין פּרדס ? האָב איך אַ פרעג געטאָן.

— יאָ, האָט ער זיך דערפרייט, וואָס מיר גייען איבער צו וואָכעדיקע ענינים, יאָ אין פּרדס אַרבעט איך און פאַרדין, ב״ה, מײַן חיונה...

— איר האָט אַ משפּחה ?

— יאָ, געלויבט צום בורא־עולם, אַ פרוי מיט פיר קינדער און אַן אַלטן בלינדן פאָטער. אַ פרומער ייִד מײַן טאַטע, יעדן טאָג נאָך דער אַרבעט מוז איך זאָגן מיט אים תהילים. ער איז בלינד, קען אַליין נישט לייענען, זאָג איך קאַפּיטל נאָך קאַפּיטל און ער זאָגט מיר נאָך, און פון זײַנע בלינדע אויגן רינען טרערן, טרערן פון תענוג, וואָס ער איז זוכה מתפּלל זײַן צום בורא־עולם...

— יאָ, האָב איך געזאָגט, יאָ, די כּוונה בײַם מתפּלל זײַן איז דאָך דער עיקר...

ער האָט זיך צעשמייכלט :

— דער ארי־הקדוש דערמאָנט וועגן דעם...

ער האָט נישט דערזאָגט וואָס דער ארי דערמאָנט און דערשראָקן אָפּ־געהאַקט אין מיטן... און איך האָב קלאָר דערזען, אַז דער דאָזיקער מאַן היט זיך אויס פון באַווײַזן פאַר מיר זײַן געלערנטקייט, ער באַהאַלט זיך ווי אַ ניסתּר...

— מאָדנע, האָב איך געזאָגט, ווי ווונדערלעך עס זענען די קינדער פון עם־ישׂראל. פּראָסטע פּרדס־אַרבעטער זענען עוסק אין קבלה און ווייסן וואָס דער ארי־הקדוש לערנט...

— הם, האָט ער זיך נאָך מער פאַרלוירן און ווידער אַ שטאַמל געטאָן, איטלעכער ייִד דינט דעם בורא־עולם אויף זײַן דרך... איך בין אַ פּראָסטער מענטש און אַז איך טו תּפילה שטאַמל איך ווי אַ קינד... נאָר גאָט ברוך־הוא איז ווי אַ פאָטער, ער פאַרשטייט אַפילו די שטאַמלענישן פון זײַנע קינדער... ווי דער בעל־שם האָט געזאָגט...

— אויך צו אײַך, ביזקל טערקײַ, איז דערגאַנגגען דער נאָמען פון בעל־שם־טוב ?

— ניין, ערשט דאָ, אין ישׂראל האָב איך זיך דערוווּסט וועגן הייליקן צדיק. אין דאָרף פון די חבדניקעס האָב איך צום ערשטן מאָל געהערט וועגן בעש״ט און זײַן הייליקער תּורה... געלויבט צו גאָט, דאָ אין הייליקן לאַנד האָט ער אָפּגעווישט די גרענעצן צווישן אַלע עדות... טערקישע, פּוילישע, תּימנער און רומענישע האָט ער צוריק באַהאָפטן, און די פאַרפרעמדטע ברידער געלאָזט דערקענען איינער דעם צווייטן. ער האָט גערעדט, דער טערקישער ניסתּר, אין זײַנע אויגן האָבן געלויכטן מיטן פײַער פון התלהבות.

פּלוצעם האָט ער זיך אויפגעהויבן און אַ זאָג געטאָן:

— נו, עס איז שוין צײַט אַ ביסל אויסצורוען. מאָרגן, אם־ירצה־השם, קומט ווידער אַ טאָג, אַ טאָג פון האָרעוואַניע, דאַרף מען אַ ביסל אויסרוען.

ער איז אַרויס פון בית־מדרש און איך הינטער אים.

אַז ער איז אָפּגעגאַנגען אייניקע טריט, האָט ער זיך אַ דריי אויס געטאָן און מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן אַ זאָג געטאָן:

— איך בעט אײַך, אין דאָרף זאָלט איר מיט קיינעם נישט רעדן וועגן דער דאָזיקער נאַכט... איך וויל נישט מען זאָל וויסן, אַז איך קוק אַ מאָל אַרײַן אין אַ ספר בײַ נאַכט אין בית־מדרש... איך בין אַ פּראָסטער מענטש, איך וויל נישט מען זאָל לאַכן פון מיר... ער האָט עס אַרויסגעזאָגט ווי אַ תּפילה, נישט אויסדרייענדיק דאָס פּנים צו מיר, און פאַרשעמט צוגעגעבן:

— איך האָב נישט ליב, אַז מען רופט מיך מיטן צונאָמען „דער טערקישער ניסתּר״... איך וויל נישט, אַז ייִדן זאָלן צוליב מיר געשטרויכלט ווערן מיט דער זינד פון שפּאָט.

אַרויסזאָגנדיק דעם דאָזיקן זאָג, האָט ער פאַרגיכערט זײַן טראָט דורכן דאָרפישן שליאַך, איבער וועלכן עס האָט אַראָפּגעקוקט די לבנה ווי דאָס אויג פון דער השגחה...

## „שפּינאָזאַ" און „ברונער" אין מושב

מײַן פֿרײַנד האָט אַן אײגענעם אויטאָמאָביל און נעמט מיך, פֿון צײַט צו צײַט, מיט אויף אַ שפּאַציר איבערן לאַנד. דאָס מאָל האָבן מיר זיך געלאָזט איבערן דרום. ווען מיר זענען פֿאַרבײַגעפֿאָרן דעם מושב ב., וואָס הינטער רחובות, האָב איך זיך דערמאָנט, אַז דאָ וווינען מײַנע באַקאַנטע, געוועזענע שכנים מײַנע אין לאַגער קפּריסין. פֿאַר צען יאָר זענען מיר געקומען צוזאַמען אין לאַנד אַרײַן. זײ האָבן זיך באַזעצט אין מושב ב., וו זײ פֿירן אַ ווירטשאַפֿט.

אַז די מאַשין איז אָנגעקומען אין מושב, האָב איך זיך צעלאַכט:

— דו ווייסט, האָב איך געזאָגט צו מײַן פֿרײַנד, איך האָב פֿאַרגעסן ווי אַזוי מען רופֿט מײַנע באַקאַנטע... געווען מער ווי אַ יאָר צוזאַמען אין לאַגער קפּריסין, געוווינט אַ צעלט אַנטקעגן אַ צעלט... און דאָך... פֿאַרגעסן זייער נאָמען... אפֿשר אומקערן זיך צוריק?

— ניין, האָט מײַן פֿרײַנד געזאָגט, ניין, בײַ די ערשטע שוועריקייטן שוין קאַפּיטולירן? ניין!

מיר האָבן באַשלאָסן אויסגעפֿינען בײַ די מושבניקעס דורך סימנים דעם אַדרעס פֿון מײַנע געוועזענע שכנים.

מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט בײַם אָנהייב דאָרף, נעבן אַ ריזיקן גאָרטן מיט אַפֿריקאָנער־ביימער.

אַ שווערלײַביקער ייִד מיט רויטע לאַכנדיקע באַקן, וואָס האָט זיך פֿאַמעלעך געטראָגן אויף אַן אייזעלע, האָט זיך אָפּגעשטעלט נעבן אונדז, פֿאַרלייגט אַ האַנט ווי אַ דעכל פֿאַר די אויגן און אונדז היימישלעך באַגריסט:

— שלום־עליכם, וועמען זוכן ייִדן?

— עליכם־שלום, האָב איך געענטפֿערט, זוכן, זוכן מיר אַ פֿאַמיליע

וואָס שטאַמט פון רומעניע, זי האָט זיך דאָ באַזעצט צוריק מיט צען יאָר.

ער האָט זיך צעלאַכט:

— אַלע יידן דאָ אין מושב שטאַמען פון רומעניע און אַלע האָבן זיך באַזעצט דאָ מיט צען יאָר צוריק.

— זיי האָבן אַ גרויסן גאָרטן מיט אַפריקאַסן־ביימער, האָב איך געפּרוווט געבן סימנים.

— אַלע יידן האָבן דאָ גערטנער מיט אַפּריקאָסן־ביימער, האָט ער זיך נאָך העכער צעלאַכט.

אַ בחור מיט פּענסנע, מיט אַ פּנים פון אַן אינטעליגענט, אַ זייַדענער יונגער־מאַנטשיק, האָט זיך אָפּגעשטעלט נעבן אונדז, זיך צוגעהערט צום געשפּרעך און זיך אָנגערופן:

— מער כאַראַקטעריסטישע סימנים האָט איר נישט?...

— יאָ, האָב איך געענטפערט, מייַן באַקאַנטער וואָס איך זוך, איז אַ הויכער שמאָלער מענטש מיט שוואַרצע געקרייַזלטע האָר... האָט ליב אַ סך צו לייענען, לייענען און פילאָסאָפירן...

דער זייַדענער יונגער־מאַן האָט אַראָפּגענומען די פּענסנע, זיי אויסגע־ווישט און אַ שמייכל געטאָן:

— אפשר מיינט איר ברוך שפּינאָזאַן, מיט זייַן פלוניתטע קאָנסטאַנטין ברונער?

— ווי איך בין אַ ייִד, האָב איך זיך צעקוואָלן, ווי איך בין אַ ייִד, דאָס דאַרפן זיי זייַן!

אמת, מייַן באַקאַנטער און זייַן פרוי זענען שטענדיק געווען געשוווי־רענע „ברונעיאַנער”, דאָס הייסט חסידים פונעם פילאָסאָף קאָנסטאַנטין ברונער, וועלכער רעכנט זיך פאַרן גרעסטן שפּינאָזאַ־פאָרשער.

אַפילו אין קפריסין האָבן זיי אָפּגעזוכט, די באַקאַנטע מייַנע, „גלויבנס־גענאָסן” און געגרינדעט אַ קרייַז פון „ברונעריאַנער”. מען פלעגט זיך צונויפקומען אין אַ צעלט לייענען שפּינאָזאָס עטיק און קאָנסטאַנטין ברו־נערס פירושים.

— אויב איר ווילט, האָט זיך דער זייַדענער יונגער־מאַנטשיק אָנגע־רופן, קען איך אייַך צופירן אַהין. איך מיין, זיי זענען איצט אין דער היים, ברוך שפּינאָזאַ און קאָנסטאַנטין ברונער.

שוין פון דער וויַטנס האָב איך זיי דערקענט, די באַקאַנטע מיַינע, די געוועזענע שכנים: ער, ברוך שפּינאָזאַ, איז געשטאַנען אַן איַינגעבויגענער מיט דער סאָפּע און אויסגעברייטערט די „טעלער" אַרום די אַפּריקאַנער ביימער, און זי, קאָנסטאַנטין ברונער — פאַר דער שטאַל, איז געזעסן אויף אַ בענקעלע און געמאָלקן אַ ציג, וואָס האָט בעת־מעשה עוסק געווען אין קיַיען באַקסער.

— מען פרעגט זיך צו איַיך, מר גרינפעלד, האָט דער יונגער־מאַן מיטן פענסנע צו וויסן געטאָן מיַין באַקאַנטן.

— שלום, גרינפעלד, האָב איך זיך דערפרייט וואָס איך קען שוין זיַין נאָמען...

ער האָט אויפגעהויבן די אויגן, פאַרשאַרט די טשופּרינע פון פאַר־שוויצטן פּנים:

— אַהאַ, זע נאַר, אַ גאַסט! האָט ער זיך דערפרייט.

אויך זיַין פרוי האָט איבערגעלאָזט די ציג אין מיטן מעלקן און זיך אַ לאָז געטאָן צו מיר, אויסגעשטרעקט איר האַנט, אַ נאַסע פון מילך־שוים.

מיר זענען אַריַין אין שטוב.

— אַהאַ, האָב איך געזאָגט, שוין צען יאָר, אַז מיר האָבן זיך נישט געזען, וואָס הערט זיך עפּעס?

זי האָט תּיכּף גענומען אַראָפּרעדן זיך פון האַרצן:

— איר זעט דאָך... געוואָרן פּויערים, פאַרנומען גאַנצע טעג מיט ביימער, מיט ציגן, מיט הינער.

— אַ שיינע באַלעבאַטישקייט, קיין בייז אויג, האָב איך געזאָגט, אַ גן־עדן.

ער האָט אַ שמייכל געטאָן:

— אָבער די האַרעוואַניע פאַרשלינגט אונדז אַזוי, אַז עס סטיַיעט שוין נישט קיין ציַיט אויף אַריַינצוקוקן אין אַ ספר.

אַז ער האָט באַמערקט, ווי איך באַטראַכט זיַין ביכער־שאַנק, האָט ער זיך אָנגערופן:

— אָט זעט, איר האָט דאָ פאַר איַיך שפּינאָזאָס עטיק און זיַין פּאָלי־טישער טראַקטאַט; קאָנסטאַנטין ברונער; פּלאַטאָ און סאָקראַטעס; קאַנט

און שאָפּענהויער... נאָר ווער האָט דען צײַט אַ בלעטער צו טאָן? שוין אָפּגערעדט פון פּאַרטיפן זיך...

זי האָט זיך צעלאַכט:

— אַנומלט האָט אַ קו מײַנע זיך געקעלבט. איך בין געזעסן אין שטאַל נעבן איר, געהיט די קימפּעטאָרין און בעת־מעשׂה אַרײַנגעקוקט אין קאָנסטאַנטין ברונערס אַ ספרל. איך בין אַ פּנים פון מידקייט אײַנגעדרימלט... ווען איך האָב זיך אויפגעוועקט, האָב איך דערזען, אַז אַ ציג שטייט און קײַט... ווי איז מיר, קאָנסטאַנטין ברונערן האָט זי מיר כּמעט אויפגעגעסן, די ציג מײַנע...

אַ יאָטל פון אַ יאָר נײַן האָט אַרײַנגעהאָפּסלט אין צימער.

— עס איז מײַן קדיש, האָט זיך גרינפעלד צעשמייכלט, אַ סאָברע.

און זי האָט סקעפּטיש צוגעגעבן:

— ווער ווייסט, צי ער וועט אַפילו וויסן, אַז עס איז אַ מאָל געווען אַ שפּינאָזאַ און אַ ברונער, אַ פּלאַטאָ, אַ סאָקראַטעס...

גרינפעלד האָט זיך טרויעריק צעשמייכלט:

— און אַז זײַן טאַטע־מאַמע ווייסן יאָ, מאַכט זיך די וועלט דען אַ צימעס פון זיי? ווער זענען מיר דאָ? מושבניקעס מיט אַלע מושבניקעס גלײַך...

איר ווייסט, מען מאַכט דאָך נאָך חוזק פון אונדז, מען רופט אונדז מיטן צונאָמען „ברוך שפּינאָזאַ און קאָנסטאַנטין ברונער".

און זי האָט צוגעגעבן:

— מילא, רופט מען אונדז, אַן עסק האָב איך... נאָר אים, דעם סאָברע מײַנעם, אַז מען טוט אַ רוף מיטן נאָמען פון די צוויי גרויסע פילאָ־סאָפן, צעוויינט ער זיך... איר פאַרשטייט, טאַקע דאָ מיט וואָס זיך צו שעמען...

— די וועלט האָט פײַנט, אַז מען איז אַנדערש ווי זי, האָט ער זיך אָנגערופן, איר קענט דאָך אַנדערסענס מעשׂהלע וועגן שוואַן, ווען די קאַטשקעס האָבן געהאַלטן פאַר אַ פאַרזעעניש...

— יאָ, האָט זי געזאָגט, און דאָס ערגסטע פון אַלעם איז, וואָס דער שוואַן ווערט צווישן קאַטשקעס מיט דער צײַט אויך אַ קאַטשקע... נאָר מיטן צונאָמען: דער שוואַן"...

און אירע אויגן האָבן זיך פאַרצויגן מיט אַ שלייער פון קלוגער טרויעריקייט.

ער האָט מיט סקעפּטיש־אַריסטאָקראַטישן ביטול אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און אַראָפּגעשלונגען אַ וואָרט, טראַכטנדיק אַ פּנים אַז ס׳איז נישט כּדאַי עס אַרויסצוזאָגן, ווײַל די וועלט איז עס נישט ווערט צו הערן... און ער האָט אַ טראַגיש־שווערן זיפץ געטאָן.

פון דרויסן האָבן אַרײַנגעבליט די אַפריקאָסן־ביימער, פון דער שטאָל האָבן געמעקעט קי און ציגן. די שטוב איז פול געווען מיט שיין מאָדערן מעבל. אַ גאַנץ פאַרמעגן האָבן זיי דערוואָרבן, די באַקאַנטע מײַנע, אין די דאָזיקע צען יאָר, און דאָך זענען זיי נישט צופרידן.

דער שאָטן פון ברוך שפּינאָזאַ און קאָנסטאַנטין ברונער לאָזט זיי נישט רוען. די פילאָסאָפיע ראַנגלט זיך אין די הערצער פון אָט די צוויי מושבניקעס, ראַנגלט זיך מיטן „תּכלית־מענטש״...

דער געראַנגל וועט זיך, ווײַזט אויס, ענדיקן מיט תּיקו, אָן אַ זיגער און אָן אַ באַזיגטן... די „אור־סובסטאַנץ״ איז גלײַכגילטיק צו דעם אַלעמען און — באַסטאַ!

# אַן אידעע

— צי קען מען דען מעסטן די גרייס פון אַן אידעע מיטן מעטער פון פּאָ־פּולאַריטעט? צי קענען דען אַ מיליאָן יאַנקלס און בערלס מיט זייערע קולות אָפּשרײַען דעם אמת, וועלכער בלײַבט ווײַטער אמת אויב אַפילו דער גרויסער רוב זאָגט: „ניין״!

די וועלט פון מענטשלעכן געדאַנק איז נישט קיין פּאַרלאַמענט, ווו דער רוב באַשטימט. ניין, אין דער וועלט פון מענטשלעכן געדאַנק הערשט דאָס געזעץ פון אַריסטאָקראַטישער אויסדערוויילטקייט. איין געניוס האָט מער שטימען פון אַ מיליאָן נעבעכדיקע מיטלמעסיקייטן...

די דאָזיקע געדאַנקען האָט פּאַר מיר אויפגעדעקט אַ קליין געפּאַקט ייִדל מיט אַ ווײַס געפּוצט קמץ־בערדל.

מיר זענען געזעסן פּאַר זײַן קליינעם קאַפע־הײַזל און ער האָט גערעדט צו מיר:

— יאָ, איך צי מײַן פּרנסה פון דאָזיקן קאַפע... איז וואָס, אַ בעל־הבית פון אַ קאַפע טאָר נישט האָבן זײַנע מחשבות? שפּינאָזאַ איז געווען אַ בריליאַנטן־שלײַפער, און שאָפּענהויער אַ סוחר... דער מענטשלעכער מאָגן מאָנט זײַן טייל און מען דאַרף אים אָנפּרעסן, כּדי ער זאָל דיך לאָזן רוען... נישט קיין חילוק דער מקור פון וועלכן דו ציסט די פּרנסה, דער עיקר איז: וואָס טוט דער מענטש פון יענער־זײַט־פּרנסה...

אַזוי זאָגט צו מיר דער בעל־הבית פון קאַפע, טוט אַ זופּ פון פלעשעלע סאָדע, ווישט זיך אָפּ דאָס קמץ־בערדל און רעדט ווײַטער:

— אויב מיר ווען לאָזן די מאַסן געוועלטיקן, וועט די וועלט באַקו־מען דאָס פּנים פון אַט די מאַסן: איין גרויס, נאַריש, פּנימלאָז פּנים... און איך, איך וויל אַ וועלט מיט אַ פּנים. נישט פאַראַן קיין גרעסערער גזר פאַרן מענטש פון גײַסט ווי צו לעבן אין אַ וועלט פון פּנימלאָזיקייט...

— יאַנקל! יאַנקל! דערהערט זיך אַ ווײַבערש קול פון אינעווייניק, פון קאַפע, יאַנקל! דער בייגל־סוחר איז געקומען, גיי רעכן זיך אָפּ מיט אים.

— איך גיי, איך גיי... איך קום שוין, שרייַט דער בעל־הבית צוריק צו דער ייִדענע, און בעת ער הייבט זיך אויף צום גיין, זאָגט ער צו מיר:

— זייַט אַזוי גוט און וואַרט דאָ צו, אין אַ רגע קער איך זיך צוריק און איך וועל אייַך אויפקלערן מייַן פּלאַן, דעם פּלאַן ווי אַזוי מען דאַרף פירן מדינת־ישׂראל... וואַרט אַ רגע, איך פאַרענדיק נאָר דעם חשבון מיטן בייגל־סוחר, וועלן מיר אָנהייבן דעם חשבון מיט דער וועלט, מיט נצח־ישׂראל.

אַז ער איז צוריקגעקומען, האָט ער שוין געהאַלטן בייַם אַנטוויקלען זייַן טעאָריע:

— איר פאַרשטייט? האָט ער געגלעט זייַן קמץ־בערדל, איר פאַרשטייט, די שאלה איז: וווּהין קומט אַהין דער לאָך, בעת מיר עסן אויף דעם בייגל?... אַלצדינג איז פאַרעם, מייַן פרייַנד, צענעמט דעם ראָם, צעפאַלט דאָס בילד... נעמט, למשל, אַ טייַער קונסט־בילד און ראַמט עס אייַן אין קאַרטאָן פון אַ שוך־פּושקע, איז עס חוכא־וטלולא... יאָ, מדינת־ישׂראל אָן מלכות־ישׂראל, ישׂראל אָן אַ דוד־המלך, איז קיין ישׂראל נישט... נאָר זיי פאַרשטייען עס דען? זיי לעבן מיטן באַנאַלן פּאַראָורטייל פון אונדזער נאַרישן יאָרהונדערט... אַ מלך איז נישט מער „מאָדערן״, נעמען זיי אַ קונסט־ווערק ווי ישׂראל און ראַמען עס אייַן אין קאַרטאָן פון אַ שוך־פּושקע... איך מיין, אין דער ראָם פון אַ רעפּובליק... גלייבט מיר, וואָלט דוד־המלך געלעבט אין אונדזער צייַט, וואָלטן די „פּראָגרעסיסטן״, די רעפּובליקאַנער אים אַראָפּגעוואָרפן פון טראָן, אַראָפּגעוואָרפן דוד־המלך מיט זייַן פידעלע און זייַן תּהילים...

ער האָט זיך אויסגעווישט די ברילן און ווייַטער גערעדט:

— ווער זענען מיר און וואָס זענען מיר, אַ לענדל ווי אָן אַרבעס די גרייס, און די צאָל פון אונדזער באַפעלקערונג איז אַ צוויי הונדערט און פופציקסטל פון כינע... יאָ, דאָס אַלץ, ווען מען מעסט אונדז מיט קילאָמעטערס און מיט דער צאָל פון דער באַפעלקערונג, אָבער זאָל מען מעסטן מיט גייַסט און אָריגינעלקייט, ווערט דער מעטער שוין גאָר אַן אַנדערער... מאָלט אייַך אויס, אַז אין ירושלים קיניגט אַ ייִדישער מלך, בייַ וועמענס גילדענע טויערן דרייען זיך אַרום נביאים מיט העמדער פון לייַן און מיט שטעקנעס פון פּראָסטן האָלץ. און פאַר די דאָזיקע נביאים ציטערט ער אַליין, ער דער מלך פון ישׂראל... מאָלט אייַך אויס, וואָסער פּנים מיר וואָלטן דעמאָלט

געהאַט אין די אויגן פון דער וועלט, איך מיין, פון דער גײַסטיקער וועלט! מיר וואָלטן אין זייערע אויגן געווען אַ קונסט־ווערק, וואָס שטײַגט מיט זײַן אייגנאַרט אַריבער די גרעסטע מלוכות... מאָלט אײַך אויס, אַז אַנשטאָט אַן אויסשטעלונג פון קײַזער־פרײַזער־מאַשינען אין חיפה, וואָלט אויף די כרמל־בערג זיך פלוצעם באַוויזן אליהו הנביא, אויף אַ מישפט מיט די געצן־דינער וואָלט ער געקומען דער מאַן פון פײַער־וואָגן... און געצן־דינער זענען דאָך אַלע פוטבאָל־ענטוזיאַסטן, אַלע באָקסער־טשעמפּיאָנען, אַלע פאַרגעטערער פון פילם־שטערנס; איר פאַרשטייט, מײַן פרײַנד, אַן דעם ביסל אָריגינעל־גײַסטיקן שאַרם, איז ישׂראל גאָרנישט מיט נישט... נאָר ווער פאַרשטייט עס דען? מיט דער „מאָדע" גייען זיי, ככל הגויִם... ניין, מײַן פרײַנד, אין געיעג פון „שיסן גאָלן" און „שלאָגן־נאָקאַוט" וועלן מיר נישט דעריאָגן די פעלקער... אונדז בלײַבט אײן אויסוועג: אָדער זײַן אייגנאַרטיק גרויס, אָדער זיי נאָכמאַלפּעווען און בלײַבן נעבעכדיק־קליין... און אַז איך זאָג עס זיי, לאַכן זיי: דאָן קישאָט, רופן זיי מיך. כי־כי, זיי ווייסן נישט, אַז אַפילו דאָן קישאָט איז טויזנט מאָל שענער און אינטערעסאַנטער פון אַ „קלוגער מיטלמעסיקייט", נישט פאַראַן קיין נעבעכדיקערס פון „קלו־גער זאַכלעכקייט"...

— יאַנקל! יאַנקל! האָט גענומען ווידער רופן זײַן ווײַב פון אינע־ווייניק, פון קאַפע, יאַנקל! דער סוחר פון סאָדע־וואַסער איז זיך געקו־מען אָפּרעכענען, דער סוחר פון סאָדע־וואַסער.

— אָט גיי איך, אָט קום איך, האָט ער אַרײַנגעשריגן צוריק אין קאַפע אַרײַן, אָט גיי איך, אָט קום איך...

און צו מיר האָט ער זיך אַ ווענד געטאָן:

— וואַרט אַ רגע... אָט קום איך צוריק... איך וועל אײַך פאַרענדיקן מײַן אידעע...

— אַ צווייט מאָל, האָב איך געזאָגט, אַ צווייט מאָל וועט איר פאַרענ־דיקן... איצט אײַל איך זיך...

ווען איך האָב גענומען אַוועקשפּאַנען האָט ער מיר נאָכגעשריגן:

— אַז מיר לעבן אין אַ וועלט פון בייגל מיט סאָדע־וואַסער... אַ פאַרע־ווע וועלט, אַ וועלט פון „פּראָגרעסיוון לאַנגווײַל" און מגושמדיקער פּנימ־לאָזיקייט... אוי, גאָט זאָל זיך דערבאַרעמען אויף אונדז...

# פעלט טאַקע אַזאַ מקום־מיקלט בײַ ייִדן?

איך געדענק נישט ווי אַזוי ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דער שמועס וועגן ווערט פון פאַרשידענע רעליגיעס. איך בין ערשט אויפמערקזאַם געוואָרן אויפן תּוך פון דער דיסקוסיע, בעת מײַן פרײַנד דער פּסיכיאַטער ג. האָט זיך אָנגערופן צום מאַטעמאַטיק־לערער בזה־הלשון:

— איך פּיר נישט דורך קיין פאַרגלײַך צווישן דער ייִדישער און דער קריסטלעכער רעליגיע, איך וויל נאָר פעסטשטעלן, אַז בײַ אונדז ייִדן פעלט אַ גאָר גאָר וויכטיקע אינסטיטוציע, און דאָס איז דער מאָנאַסטיר...

דאָ ערשט האָב איך זיך אַרײַנגעמישט מיט אַ פראַגע:

— וואָס פּלוצעם פעלט דיר אַ מאָנאַסטיר, מײַן פרײַנד?

ער האָט סודותדיק אַ לאַך געטאָן:

— מיר פעלט נישט, נאָר איך האָב מיט אַ צוויי חדשים צוריק באַגעגנט אַ זייער טשיקאַוון פאַל אין מײַן פּראַקטיק, וואָס האָט מיך געשטויסן צום געדאַנק, אַז בײַ אונדז פעלט אַזאַ מין, לאָמיר זאָגן, פּסיכישער מקום־מיקלט, אַ לעצט אַנטרינונגס־אָרט פאַר אַ געוויסן סאָרט מענטשן, וואָס מוז אַוועק פון דער „וועלט" צו דער „איינזאַמקייט וואָס איז אײַנגעשלאָסן אין גאָט"...

ער האָט אַ ווײַלע איבערגעהאַקט די רייד און דערנאָך פאַרטראַכט צוגעגעבן:

— צו וואָס אַבסטראַקט פילאָסאָפירן? איך וועל אײַך בעסער דערציילן די געשיכטע פון מײַן פּאַציענטקע.

צוריק מיט אַ צוויי חדשים האָב איך זי צום ערשטן מאָל אויפגענומען בײַ זיך אין קאַבינעט. שוין בײַם ערשטן בליק איז מיר אויפגעפאַלן איר נישט־געוויינלעך העסלעך געזיכט, פון וועלכן ס׳האָבן גלעזערן אַרויס־געגלאָצט אַ פּאָר אויגן ווי בײַ אַ טויטן פיש...

זי האָט אַראָפּגעלאָזט איר כמעט־פליכעוואַטן קאָפּ און זיך אָנגערופן:

— איך קום נישט ווי אַ פּאַציענטקע צו אײַך, האָט דאָקטער, נאָר ווי אַ מענטש, וואָס נייטיקט זיך אין אַן עצה... איך דאַרף אַנטלויפֿן, אַנטרינען, און ווייס נישט וווהין...

— פֿאַר וואָס און פֿאַר וועמען דאַרפֿט איר אַנטרינען ? האָב איך געפֿרעגט.

— פֿון זיך און פֿון דער וועלט, האָט זי שטיל אַ זאָג געטאָן. זעלבסט־מאָרד איז מיר נישט צום האַרצן, ס'איז נישט קיין אויסוועג... אַן אויסוועג פֿירט צו אַן ערגעץ, און דער טויט איז גאָרנישט, נאַרישער גאָרנישט. איך דאַרף אַנטרינען פֿון לעבן, נאָר נישט צום טויט...

איך האָב אַ לאַך געטאָן :

— ליידער, ווייס איך נישט קיין אַנדער „עקסיסטענץ" חוץ לעבן און טויט... נישט פֿאַראַן קיין אַנדער אויסוואַל פֿאַר אַ מענטשן : אָדער לעבן אָדער שטאַרבן...

מײַן פּאַציענטקע האָט גענומען נערוועז צופּן אירע שיטערע האָר בײַ די געלע שלייפֿן :

— איך וויל אַנטלויפֿן צו גאָט, דאָקטער, נאָר איך ווייס נישט דעם וועג...

— גאָט איז אומעטום, האָב איך געענטפֿערט מיט אַ שאַבלאָן.

— קען זײַן, דאָקטער, אָבער איך פֿיל, אַז מיט גאָט קען מען נישט הויזן אין דער וועלט פֿון פּוסטן הו־האַ... מיט גאָט קען מען לעבן נאָר אין אַ טיף־ערנסטער איינזאַמקייט.

זי האָט אַ ווײַלע איבערגעריסן די רייד און נאָך אַ רגע פּלוצעם אַ זאָג געטאָן :

— וואָלט געווען בײַ ייִדן אַ מאָנאַסטיר, וואָלט איך אַוועק אַהין, איך וואָלט געוואָרן אַ מאָנאַשקע... נאָר פֿאַרשטייט, דאָקטער, דאָ הייבט זיך אָן דאָס פּראָבלעם : איך האָב רחמנות אויף מײַן אַלטן טאַטן, אַן איין און איינציקע טאָכטער בין איך בײַ אים, און אַפֿילו אַ פֿאַרזעעניש ווי איך איז טײַער צו אַ טאַטנס האַרץ... ער וועט עס נישט אויסהאַלטן, מײַן פֿאָטער, אַז איך וועל אַוועק אין אַ מאָנאַסטיר צו די „גויקעס".

— צי קען מען דען נישט לעבן מיט גאָט אין דער איינזאַמקייט און נישט דווקא אין אַ מאָנאַסטיר ? האָב איך פֿאַרזיכטיק אַ פֿרעג געטאָן.

— ניין, האָט זי מיט זיכערקייט אַ זאָג געטאָן, ניין, אין דער וועלט צווישן מענטשן מוזסטו זײַן אַ מענטש מיט מענטשן גלײַך... אַ פּרוי מיט פּרויען גלײַך... אַלע חברטעס האָבן מענער, קינדער, נאָר דו איינע אַליין ביסט אויסגעטיילט אין דײַן פאַרשעמטקייט...

איך האָב די לעצטע צײַט אָפט באַזוכט די מאָנאַסטירן אין נצרת, זיך צוגעקוקט צום לעבן פון די מאָנאַשקעס. אַלע זענען דאָרט גלײַך מיט גאָט, די יונגע און די אַלטע, די שיינע און די העסלעכע... איך פיל, אַז דאָרט וואָלט איך רו געפונען נאָך אַ לעבן פון פאַרשעמטקייט און דער־נידעריקטקייט... זאָגט, דאָקטער, פאַר וואָס זאָל מען נישט אײַנפירן אין דער ייִדיש־רעליגיעזער היעראַרכיע אַזאַ מין אינסטיטוציע ווי אַ מאָנאַסטיר, אַ מקום־מיקלט פאַר פאַרשעמטע פון גורל ?

מײַן פרײַנד, דער פסיכיאַטער, האָט פּלוצעם איבערגעריסן די „קראַנקן־געשיכטע” פון זײַן פּאַציענטקע און אַ שמייכל געטאָן :

— וואָס האָב איך געקענט ענטפערן ? איז עס דען אַ פראַגע צו פאַר־ענטפערן דורך אַ פסיכיאַטער ? דער פאַל געהערט צו די ייִדישע רבנים און טעאָלאָגן... נאָר מיר, אַלס מענטש און ייִד, דאַכט, אַז מײַן פּאַציענטקע האָט אָנגערירט אַ גאָר גאָר וויכטיק פּראָבלעם : „צי פעלט טאַקע נישט אַזאַ אינסטיטוציע בײַ ייִדן, אַ פסיכישער מקום־מיקלט פאַר פאַרשעמטע פון לעבן, וואָס ווילן זיך „באַהאַלטן אין גאָט” ?

# אַ קינסטלער־פּאָרל

אין ליטעראַרישע קרײַזן איז ער באַקאַנט אונטערן נאָמען „דער גי־גאַנטישער אידעען־שאַפער״... ווען איר זאָלט אים נישט באַגעגענען, אײַלט ער זיך, ווי עס וואָלט געווען אַ רגע פאַרן אָפּגיין פון דער באַן. זײַנע גרויסע אויגן, הינטער די רויטע וויִעס, לויערן ווי רויב־חיות:

— די וועלט, זאָגט ער, די וועלט איז אַ גע׳עג, זײַ גרייט צום פאַנג!

— וואָס ווילט איר פאַנגען, אַדון פּרחי?

— דעם נאָפּל פון דער וועלט, ענטפערט ער און זײַנע אויגן צינדן זיך אָן, דעם נאָפּל פון אוניווערס, דעם תּוך פון אַלע תּוכן, די אידעע אין איר אורסובסטאַנץ.

— צו וואָס דאַרפט איר דעם תּוך פון אַלע תּוכן, די אידעע אין איר אורסובסטאַנץ, אַדון פּרחי?...

בײַ דער דאָזיקער פראַגע קוקט ער אײַך אָן מיט ביטול און כּעס:

— שוטה, זאָגט ער, שוטה, צי ווייסט איר נישט, אַז אָן דער ריכטיקער דעפיניציע פון גאָט קען מען נישט לעבן? און קיינער, אַפילו שפּינאָזע נישט, האָט דעפינירט דעם באַגריף „גאָט״ ווי עס קער צו זײַן...

— און וואָס עס איז אַזוינס „פּרנסה״ האָט איר שוין דעפינירט, אַדון פּרחי? פּרוווט אַ גוטער־ברודער אים פאַרטשעפּען...

— פּרנסה? צעעפּנט ער אַ פּאָר פאַרחידושטע אויגן, פּרנסה? איך קען לעבן אָן דאָזיקן פּאַראַגראַף, ער פעלט נישט אין מײַן פילאָסאָפישן ווער־טערבוך...

— און וואָס ס׳איז אַזוינס אַ כּלה, אַ ווײַב, האָט איר שוין דעפינירט. אַדון פּרחי?

— איך ווייס נישט און וויל נישט וויסן, איך דאַרף נישט גאָרנישט חוצן תּענוג פון ריינעם געלײַטערטן געדאַנק...

מיט דער צײַט האָט מען אין דער „באָהעמיע״ אויפגעהערט זיך אומ־

צוקוקן אויפן „גיגאַנטישן אידעען־שאַפער״, ער האָט אָנגעהויבן צו לאַנג־ווײַלן.

מיט אַ מאָל איז ער אין גאַנצן פאַרשווּנדן פון די ליטעראַרישע קרײַזן. צי דאָס פאַרשווינדן זײַנס איז געווען אַ מין שטילער פּראָטעסט קעגן חברישן חוזק, וועלכן ער האָט, ווי־ס׳ווײַזט אויס, אָנגעהויבן דערפילן, אָדער ס׳איז געווען אַ רעזולטאַט פון אַנדערע גורמים, איז נישט באַוווּסט. נאָר סײַ ווי האָט מען אָנגעהויבן פאַרגעסן, אַז ס׳איז גאָר געווען אַ מאָל אַן אַדון פּרחי, אַ „גיגאַנטישער אידעען־שאַפער״, און מען וואָלט זיך שוין מסתּם קיין מאָל נישט דערמאָנט אין אָט דעם אויסטערלישן פאַרשוין ווען נישט די מאָלערין מיט די גרויע צעפּ...

אירע בילדער זענען געווען „אולטראַ־מאָדערניסטיש״. אַלערליי פאַר־ביקע קרײַזן האָבן זיך געקרײַזט אין פרישע קרײַזן ביז זיי האָבן זיך אַרײַנ־געקרײַזט אין אַ משונהדיקן פאַרבן־אומזין... זי האָט אירע ווערק באַ־טיטלט מיט פאַרשידענע נעמען: „דאָס געבערג״, „דער זונפאַרגאַנג״, „דער שוואַנען־גאָרטן״, נאָר געזען האָט מען חוץ קרײַזן גאָרנישט נישט.

— איר וועט מײַנע ווערק נישט פאַרשטיין, פלעגט זי אַ טרייסל טאָן מיט אירע גרויע צעפּ, מײַנע ווערק וועט מען פאַרשטיין ערשט מיט די אויגן פון דרײַסיקסטן יאָרהונדערט...

וואָסערע אויגן עס וועט פאַרמאָגן דער דרײַסיקסטער יאָרהונדערט האָט קיינער נישט געוווּסט, אָבער דערפאַר האָט זיך אין איינעם אַן אָקטאָבער־טאָג פון נײַנצן זעכציק צעטראָגן צווישן דער „באָהעמיע״ דאָס נײַעס: די אולטראַ־מאָדערניסטישע מאָלערין מיט די גרויע צעפּ האָט חתונה געהאַט...

— טאָקע באמת? האָט מען געצויגן מיט די פּלייצעס, זיך געפונען אַ בעלן אויף אָט דעם „אַנטיק״ פון דרײַסיקסטן יאָרהונדערט? טשיקאַווע, וואָסער שטיקל מאָדערניזם ס׳איז דער אויסדערוויילטער אירער?

אין איינעם אַן אויפדערנאַכט האָט זי זיך באַוויזן אין ליטעראַרישן קאַפע מיט איר אויסדערוויילטן:

מיט דער רעכטער האַנט אירער האָט זי זיך געשפּילט מיט איינעם פון אירע גרויע צעפּ, און מיט דער לינקער האָט זי געהאַלטן געאָרעמט דעם „גיגאַנטישן־אידעען־שאַפער״.

— וואָרהאַפטיק, אַ פּאָרל פון גאָט, האָט זיך די „באָהעמיע" דער־פרייט, אָהאָ, וואָס דעם בורא־עולם קען איינפאַלן, באמת אַן אולטראַ־מאָדערניסטיש קונסטווערק!!!

— מזל־טוב, אָדון פּרחי! האָט עמעץ פון דער באָהעמיע אַ שטרעק געטאָן אַ האַנט צום חתן.

און די גאַנצע „באָהעמיע" האָט אונטערגעכאַפּט אין כאָר:

— מזל־טוב, אָדון פּרחי!!!

דער גאַנצער קאַפע־חלל איז געוועזן אָנגעלאָדן מיט אַן „ערב־לאָך־אויסבראָך"...

און דאָ האָט פּאַסירט עפּעס אומגעריכטס:

דער „גיגאַנטישער־אידעען־שאַפער" איז שטיין געבליבן אין מיטן זאַל, אַ נעם געטאָן ראַפּטעם אַ גלאָז וויין פון טיש, עס אויפגעהויבן מאַיעס־טעטיש און מיט אַ לייבן־שטים אַ דונער געטאָן:

— לאַכט, לאַכט, חברים, לאַכט געזונטערהייט, איך פאַרגין אייך דאָס קאַפּל פּורים־שפּיל וואָס איר ווילט שפּילן אויף מיין חשבון... אויב די גע־ערטע קינסטלער, שרייבער און גלאַט־גרויסע מענטשן, געפינען תענוג אין בלוט־צאַפּן ביי אַ חבר, פאַרגין איך זיי דאָס בלוט־באָד...

און ער האָט זיך אַ ווענד געטאָן צו זיין כלה, וועלכע האָט אים גע־האַלטן ביים אָרעם.

— פאַניאַ, האַ, פאַניאַ, וואָס זאָגסטו?

זי האָט אַ פאַרוואָרף געטאָן דעם גרויען צאָפּ מיט וועלכן זי האָט זיך געשפּילט און אירע קליינע אייגעלעך האָבן אַ כיכע געטאָן:

— גלייב מיר, טייערער, אין דרייסיקסטן יאָרהונדערט וועט מען שוין אַפילו נישט געדענקען, אַז פרייטיק דעם אַכט און צוואַנציקסטן אָק־טאָבער ניינצן זעכציק האָט עמעץ אין אַ ליטעראַרישן קאַפע, אין דער שטאָט תל־אָביב, חוזק געמאַכט פון דיר...

— אַזוי איז עס, טייערע, האָט ער צאַרט אַ גלעט געטאָן איבער איר קאָפּ, אַזוי איז עס, טייערע...

און ער האָט זי גענומען אונטערן אָרעם און זיי האָבן ביידע, מיט שטאָלצע קיניגלעכע טריט, אַרויסגעשפּרייזט פון קינסטלער־קאַפע.

# לייבע־נחומס דעם פּרושס אייניקל

אין איינעם אַ זונטיק אין דער פרי האָט דער תּימנער מעקלער שערבי אַ געקלאַפּט אין אונדזער טיר:

— שלום צו אײַך, האָט ער זיך פאַרנייגט, שלום צו אײַך, רבותי, געלייענט אײַער מודעה אין תּימנער שילכל, אַז איר ווילט פאַרקויפן אײַער הויז מיטן גאָרטן, האָב איך געבראַכט אײַך אַ קונה, אַ טײַערן און ערנסטן קונה, רבותי.

ווען איך האָב אויפגעהויבן די אויגן צום מאַן, וואָס איז געשטאַנען נעבן מעקלער שרעבי, האָב איך זיך פאַרוווּנדערט: ס׳איז געווען אַן אַשכּנזישער ייִד מיט אַ „גאַליציאַנער שטײַף־הוט״, אַ קראַוואַט און ברילן.

דער אַדון שרעבי האָט, ווײַזט אויס, פאַרשטאַנען מײַן פאַרוווּנדערונג און זיך אָנגערופן:

— יאָ, רבותי, דער קונה, וואָס איך האָב געבראַכט צו אײַך, איז אַן אַשכּנזישער... וואָס מיינט איר, רבותי, סע זענען נאָר פאַראַן תּימנער בעלנים אויף דירות אין אַ דאָרף? פאַראַן, ב״ה, אויך אַשכּנזים, וואָס גאָרן נאָך אַ שטיל הויז מיט אַ גאָרטן אין אַ דאָרף. נישט יעדער אַשכּנזי מוז וווינען דווקא אין צפון תּל־אָביב...

— איר זענט אַ נײַער עולה? האָב איך זיך געוואַנדן צום מאַן מיטן „שטײַף־הוט״ און ברילן.

— יאָ, אַ נײַער עולה, האָט ער שטיל געענטפערט און אַ פיר געטאָן די אויגן איבערן גרויסן גאָרטן, דער גאַנצער גאָרטן געהערט צום הויז?

אַז איך האָב באַשטעטיקט, האָט ער ממשיך געווען:

— איך האָב ליב גערטנער מיט אויפּס־ביימער, אין דער היים אַ מאָל האָב איך פאַרמאָגט סעדער, געווען אַ סאַדאָווניק אַ לעבן לאַנג.

— איר זענט אַ גאַליציאַנער, ווערדליק אײַער דיאַלעקט זעט איר מיר אויס צו זײַן אַ קאָלאָמייער...

— ער האָט אַ לאַך געטאָן:

— כמעט געטראָפן... דאָס הייסט נישט ווײַט פון קאָלאָמיי... אַ באַרג־ייד בין איך... צווישן די קאַרפּאַטן־בערג בין איך אויסגעוואַקסן, צווישן די אויפס־גערטנער אין די קאַרפּאַטן־בערג... און איר? איר זענט אויך פון יענע מקומות?

בעת איך האָב אים אָנגערופן דעם נאָמען פון שטעטל ווו איך בין געבוירן געוואָרן, האָט ער היימיש אַ שמאָכע געטאָן:

— יאָ, האָט ער געזאָגט פאַררייכטענדיק זיך די ברילן, יאָ, בײַ אײַך אין שטעטל האָט יאָרן לאַנג געלעבט מײַן זיידע לייבע־נחום, זכותו־יגן, לייבע־נחום דער פּרוש האָט מען אים גערופן... אָפּגעלעבט אַלע יאָרן זײַנע בײַם רבין אין פּאָליש...

— איר זענט לייבע־נחום דעם פּרושס אַן אייניקל? האָב איך אַרויפּ־געלייגט ברודערלעך מײַן האַנט אויפן אַקסל פון „גאַליציאַנער סאַדאָווניק", איר?... זײַט זשע וויסן, מײַן פרײַנד, אַז אײַער זיידע לייבע־נחום דער פּרוש האָט מיך אויסגעלערנט דעם ערשטן „אלף" אין סידור... איך בין געזעסן אין זײַן שויס, און ער האָט מיך געלערנט דעם „אלף־בית"... איך געדענק נאָך זײַן געדיכט־שוואַרצע באָרד, וואָס האָט געגרייכט אים ביזן גאַרטל. געווען אַ וואַזשנער ייד, געפאַסט משבת לשבת, גאַנצע נעכט געזעסן אין פּאָליש און געזאָגט תהילים...

דער „גאַליציאַנער סאַדאָווניק" האָט זיך פאַרטראַכט און נאָך אַ ווײַלע שטיל און פאָרכטיק אַ שעפּטשע געטאָן:

— זענט איר אפשר אויך געווען בײַ זײַן פּטירה?...

— יאָ, געווען... איך געדענק נאָך ווי הײַנט: ערב כל־נדרי אין רבינס גרויסן סאַלאַש. עס איז געווען אין נײַנצן הונדערט נײַנצן, דער העטמאַן פּעטליורע, ימח־שמו, האָט פאַרכאַפּט מיט זײַנע באַנדעס דאָס שטעטל... פון דער ווײַבערשער שול האָט זיך געטראָגן אַ פחדימדיקער געיאָמער... מ׳האָט צעעפנט דעם אָרון־קודש און אײַער זיידע, לייבע־נחום, איז אַרויף מיט אַ ספר־תורה אויפן באַלעמער... און ווי נאָר דער חזן האָט

געדאַרפט אָנהייבן כּל־נדרי, האָט ער אַ הייב געטאָן די הענט מיט דער ספר־תּורה, דער זיידע איַיערער, און אויסגעשריגן:

— רבונו־של־עולם, טאַטע אין הימל, איך לייבע־נחום בן יחזקאל־ישׂראל, פאַרשטיי דיך נישט! פּעטליורע, ימח־שמו, קוילעט דיַינע הייליקע קינדער און דו... דו, באַשאַפער אונדזערער, שוויַיגסט!!! וואָס שוויַיגסטו, טאַטע אין הימל? וואָס שוויַיגסטו, פרעג איך דיך!!!

און ווי אַזוי ער האָט נאָר אַרויסגעשריגן די דאָזיקע ווערטער, האָט ער זיך אַ וואַקל געטאָן מיט דער ספר־תּורה אין די הענט און אַ פאַל געטאָן... יאָ, און ער האָט זיך שוין מער נישט אויפגעהויבן, ר׳ לייבע־נחום דער פּרוש...

— יאָ, האָט דער „גאַליציאַנער סאַדאָווניק״, שטיל אַ שעפּטשע געטאָן, יאָ, געוועזן אַ מאָל ייִדן וואָס פלעגן קענען פרעגן האַרבע שאלות דעם רבונו־של־עולם... היַינט פרעגט מען נישט מער קיין שאלות, מיר זענען פאַר־האַרטעוועט געוואָרן ווי שטיין... און חוץ דעם, וועמען זאָל מען פרעגן? מען גלייבט דען היַינט אין בורא־עולם?...

שרעבי, דער תּימנער מעקלער, איז געשטאַנען און געקוקט פאַרחידושט אויף אונדז, נישט פאַרשטאַנען אונדזער שמועס, וואָס האָט זיך געפירט אויף ייִדיש, נאָר צום סוף האָט ער פאַרלוירן, מסתּם, די געדולד און ברוגז אַ ברום געטאָן:

— וואָס דינגט איר איַיך אַזוי וועגן פּריַיז פון דער דירה? אַ פּרוטה אַראָפּ, אַ פּרוטה אַרויף און פאַרענדיקט דעם עסק...

ער האָט נישט געוווסט, שרעבי, אַז דער „עסק״ וועגן וועלכן מיר רעדן, קען זיך קיין מאָל נישט ענדיקן...

# ווּ וווינט דאָס גליק?

געזוען האָב איך זי צום ערשטן מאָל פֿאָרן איבער די גאַסן פֿון תּל־אָביב. זי איז געזעסן אויף אַ וועגעלע, וואָס איז געשטופּט געוואָרן דורך אַ זעכצן־יאָריק ייִנגל. בעת איך האָב זיך נענטער אײַנגעקוקט אין איר, האָב איך באַמערקט, אַז זי פֿאַרמאָגט נישט קיין הענט און נישט קיין פֿיס, און איר אײַנגעדאַרטער גוף איז געגליכן צו אַ בוים, פֿון וועלכן מ׳האָט אָפּגעהאַקט אַלע צווײַגן.

וואָס גיט איר נאָך לוסט און ווילן צום לעבן? האָב איך געטראַכט, וואָסער „טעם" אין לעבן קען נאָך פֿילן אַזאַ אויסטערלישע פֿאַרקריפּלונג?

בײַ אַ פּאַרטער־הויז, אין אַ זײַטן־געסל נעבן ים־ברעג, האָט דאָס ייִנגל אָפּגעשטעלט דאָס וועגעלע, אין דער זעלבער רגע איז אַרויסגעקומען פֿון הויז אַ מיטליאָריקער מאַן, אַ הייב געטאָן די אַלטיטשקע פֿון וועגעלע, ווי מען הייבט אַרויס אַ זייג־קינד פֿון אַ וויג, און זי אַרײַנגעטראָגן אין דער אָפֿענער טיר פֿון דער וווינונג. בעת זיי זענען פֿאַרשוווּנדן, האָב איך פֿאַרנאָטירט די גאַס און דעם נומער פֿון הויז, און אויף צו מאָרגנס אין דער פֿרי בין איך אַוועק אויפֿן פֿאַרנאָטירטן אַדרעס.

מײַן פּלאַן האָט זיך מיר לײַכט אײַנגעגעבן: איך האָב אַפֿילו נישט געדאַרפֿט אָנקלינגען אין טיר, זי איז געווען האַלב אָפֿן און אין דער שפּאַרע האָב איך דערזען דאָס צימערל, אין וועלכן די אַלטיטשקע איז געזעסן בײַם פֿענצטער אויף אַן אויסגעבעטער שטול.

— גוט מאָרגן, האָב איך געזאָגט, אַנטשולדיקט, דאָ וווינט אַדון רויטמאַן?

— אַדון רויטמאַן? האָט די אַלטיטשקע אויפֿגעהויבן אַ פּאָר פֿאַרטײַעטע אויגן, אָ, ניין, דאָ וווינט נישט קיין אַדון רויטמאַן.

— אַנטשולדיקט, האָב איך גענומען זיך פֿאַרענטפֿערן, איך זוך שוין אַ

היפש ביסל צײַט מײַן לאַנדסמאַן אַדון רויטמאַן. איך בין אַ פרעמדער דאָ און פאַרמאָג קײנעם נישט אין תּל־אָביב חוץ מײַן לאַנדסמאַן משה רויטמאַן... איך ווייס נישט וואָס מען הייבט אָן צו טאָן?

מײַן „טריק" איז מיר געלונגען. אויף דער אַלטיטשקערס פּנים האָט זיך באַוויזן אַ מין ווערלבונג פון רחמנות און זי האָט זיך אָנגערופן מיט מילדקייט:

— פאַרצווייפלט נישט, יונגער־מאַן, זעצט אײַך צו, ביטע, און רוט אײַך אויס, און אויב איר זענט דאָרשטיק, זײַט אַזוי גוט און טוט אַ שפּאַן אַרײַן אין קיכל, פאַראַן דאָרט מאַראַנצן־זאַפט. איך האָב נישט קיין פיס און נישט קיין הענט און איר מוזט אַליין זיך באַדינען.

— אָהאָ, האָב איך שטיל געזאָגט, אָהאָ, ווי גאָט פירט עס זײַן וועלטל, אַ סך מאָל איז שווער צו פאַרשטיין זײַן פירונג!... וואָס האָט ער זיך אָנגעלייגט אויפן עלנטן בן־אָדם, דער בורא־עולם?

זי האָט מילד אַ פיר געטאָן די אויגן איבער מיר און זיך צעשמייכלט:

— איר מיינט, אַז ער האָט זיך „אָנגעלייגט" אויפן בן־אָדם, דער בורא־עולם? אויבנאויפיק קען עס אפשר אויסזען אַזוי, „ער האָט זיך אָנגעלייגט", אָבער אַז מען קוקט אַרײַן טיפער אין די „אומגליקן", דערזעט מען ערשט, אַז זיי זענען גאָרנישט קיין „אומגליקן". נעמט למשל מיך, איך זיץ אַזוי בײַם פענצטער און קוק אויף דער וועלט, און גלייבט מיר, איך האָב פאַרגעסן אָפילו, אַז איך בין אָן פיס און אָן הענט, מיר זענען גענוג די אויגן און אויערן וואָס איך פאַרמאָג, אָהאָ, וואָס מען קען אַלץ אויפטאָן מיט אויגן און אויערן!... אַ גאַנצע וועלט זען און הערן, און גלייבט מיר: פאַראַן וואָס צו זען און הערן!...

זי האָט זיך פאַרטראַכט:

— יאָ, יונגער־מאַן, דער באַשעפער פירט יעדן טאָג דורך זײַן זון בײַ מײַן פענצטער, בײַ נאַכט צינדט ער אָן זײַנע שטערן בײַ מײַנע שויבן, און ער שיקט זינגפייגל צום געזימס פון מײַן דאַך און זיי שפּילן פאַר מיר. און אָט זעט: מענטשן־קינדער שפּילן זיך אין גאַס, זיי טאַנצן און זינגען פאַר מיר. אָהאָ, וויפל זאַכן ס'זענען פאַראַן, מיט וועלכע מען קען זיך פרייען, און דערצו איז גענוג אויגן און אויערן און אַ ביסל האַרץ.

איך בין געבליבן פאַרבליפט פון אירע רייד.

— איר זענט אַ ווונדערלעכער מענטש, האָב איך געזאָגט.

זי האָט, נישט רעאַגירנדיק אויף מײַנע רייד, ממשיך געווען:

— יאָ, די ערשטע צײַט נאָך דער קאַטאַסטראָפע האָבן מיר זייער גע־פעלט מײַנע הענט און פיס, דער עיקר — די הענט, וואָרעם געווען בין איך אַ מאַלערין, און מאָלן איז געווען מײַן לעבן. די ערשטע צײַט האָב איך גע־מיינט, אַז איך וועל נישט קענען לעבן אָן מײַן מאַלערײַ, אָבער פּאַמעלעך, פּאַמעלעך, האָב איך זיך אויסגעלערנט צו „מאָלן" אָן הענט. איך האָב אויפ־גענומען די בילדער אין זיך, זיי געמאָלן אין זיך און איצט טראָג איך מײַן גאַנצע „אויסשטעלונג" אין זיך, און ס'איז שלום און מנוחה אין מיר...

אַז זי איז שטיל געוואָרן, האָב איך דיסקרעט אַ פרעג געטאָן:

— ווען און ווי אַזוי איז געשען די קאַטאַסטראָפע?

זי האָט זיך פאַרטראַכט און מיט אַ קול, ווי מען דערציילט אַ לעגענדע, האָט זי כמעט אויסגעזונגען:

— געווען איז עס מיט אַ צוויי און צוואַנציק יאָר צוריק. איך בין גע־פאָרן מיטן עקספּרעס פון יאַס קיין בוקאַרעשט, געפאָרן בין איך צו דער ערשטער אויסשטעלונג פון מײַנע בילדער, און אין מיטן וועג איז אַראָפּ די באַן פון די רעלסן.

זי האָט זיך אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט אין מיטן דערציילן, און בעת זי האָט ווידער געוואָלט ממשיך זײַן, איז אַרײַן אין צימער דער זעל־ביקער מיטליאָריקער מאַן וואָס האָט זי נעכטן, ווי אַ זייג־קינד, אַרײַנגע־טראָגן אין שטוב אַרײַן.

— וואָס זשע טוסטו, מאַמעלע? האָט ער זיך אַ לאָז געטאָן צו איר, נאָר דערזעענדיק מיך, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט.

— אַנטשולדיקט, האָב איך געזאָגט, איך בין אַרײַן פרעגן אַן אַדרעס און... דערווײַל זיך צערעדט מיט אײַער מוטער... יאָ, אַ ווונדערלעכע פרוי אײַער מוטער... נו, און איצט וועל איך גיין... אַ דאַנק!

און איך האָב זיך אַ בייג געטאָן, געוואָלט אַ קוש טאָן די הענט אירע. נאָר די ליפּן זענען הענגען געבליבן אין חלל...

אַ כמעט־אײַנגעבויגענער בין איך אַרויס פון הויז.

# שׂרה בת־טובים

בעת איך האָב זי צום ערשטן מאָל דערזען שפּאַנען איבערן גאָרטן פון שפּיטאָל, האָט זי מיר אויסגעזען ווי אַ געשטאַלט אַרויסגענומען פון אַ לעגענדע־מעשׂהלע.

איר קליין, כּמעט קינדיש גופעלע, אײַנגעהילט אין אַ ווײַסן אַלטמאָ־דישן שאַל, שוועבט אויף די דראָבנע פיסעלעך באַדעקטע מיט קליינע פּאַנ־טאָפעלעך. זי שפּרײַזט אַנגעלענט אין אַ גרויסן שטעקן און אירע בלויע מילדע אויגן שמייכלען צו דער וועלט מיט אַ מין שמייכל, וואָס איז אַ גע־מיש פון קינדישער תּמימות און זקנישער פּיקחות.

— באָבעשי, שטעל איך זי אָפּ, באָבעשי, איר זוכט דאָ עמעצן ?

— ווילסט מיר העלפן געפינען, זונדעלע ?

— יאָ, איך וויל, באָבעשי.

זי צעקוועלט זיך:

— אפשר ווייסטו, מײַן זון, ווער עס בייטיקט זיך דאָ אין אַ קאַפּל בלוט ?...

אַז איך קוק זי אָן דערשטוינט, איז זי ממשיך:

— איך פאַרמאָג נישט גאָרנישט, מײַן זון, נישט קיין גאָלד און נישט קיין זילבער, מיט וואָס זשע קען איך העלפן נויטבאַדערפטיקע ?... דאָס איינציקע וואָס איך פאַרמאָג יאָ, איז דאָס קאַפּל בלוט אין מײַנע אָדערן, פאַרשטייסט, מײַן זון ?... בין איך זיך נוהג יעדן טאָג צו קומען אַהער אין שפּיטאָל אַרײַן, אפשר, ווער ווייסט, האָט גאָט ברוך־הוא מיר צוגעגרייט אַ מצווה... אפשר בייטיקט זיך אַ ייִדיש קינד אין אַ קאַפּל בלוט פאַר זײַן אָפּגעשוואַכטן, שלאַפן גוף... פאַרשטייסט, מײַן זון, נאָר ווי צו מיר, בײַ די דאָקטוירים דאָ געפין איך נישט קיין חן אין די אויגן, זיי ווילן מײַן בלוט

נישט אָננעמען. וואָס איז, פרעג איך, דאָס בלוט פון אַן אַלטיטשקער איז דען וואָסער ? פאַרשטייסט, מײַן זונדעלע ?...

— איך פאַרשטיי, באָבעשי...

איצטער לויפן אירע אויגן זוכנדיק איבערן גאָרטן און שטעלן זיך אָפּ אויף אַ מאַן אין אַ ווײַסן כאַלאַט. דער מאַן בלײַבט שטיין און צעשמייכלט זיך גוטמוטיק־איראָניש:

— האַ, ווידער געקומען, באָבעשי, ווידער געקומען געבן בלוט ?..

— וואָס דען האָב איך צו געבן, זונדעלע ?... האַ ? ווען וועט מען שוין אָננעמען בלוט בײַ מיר, פרעג איך דיך ?...

ער לייגט מילד אַרויף זײַן האַנט אויף אירע שמאָלע אַקסעלעך:

— מ׳עט שוין זען... מ׳עט שוין זען, באָבעשי...

בײַ די דאָזיקע ווערטער זײַנע שטראַלן אויף אירע אויגן:

— אוי, דערבאַרעם זיך, טאַטע אין הימל, דערבאַרעם זיך, פאָטערל געטרײַער...

אויפן צווייטן טאָג, בעת איך האָב זי דערזען אין גאָרטן פון שפּיטאָל, בין איך איר אַנטקעגן געגאַנגען מיט אַ היימישן „גוטמאָרגן".

— נו, וואָס טוט מען עפּעס גוטס, באָבעשי ?

— מען טוט וואָס גאָט באַפעלט צו טאָן, זונדעלע...

— פון וואָסערע מקומות שטאַמט איר, באָבעשי ?

— פון פּוילן, פון קרוין־פּוילן, פון הינטער אַ דאָרף, זונדעלע...

— און פון וואָס האָט מען זיך מפרנס געווען אַ מאָל אין דאָרף, אין קרוין־פּוילן ?

— פון פּראַצע, מײַן זונדעלע. מײַן מאַן, זאָל זיך מליצן, איז געווען אַ דאָרפס־גייער, פלעגט אַרומגיין איבער פּויערישע הויפן, פאַרריכטן און פאַרסטריגעווען אַלטע בגדים. געווען אַן ערלעכער ייִד, מײַן מאַן, אַלטס האָט ער פאַרריכט און נײַס האָט ער נישט קאַליע געמאַכט...

— איר רעדט מיט רמזים, באָבעשי...

זי האָט זיך צעשמאָכעט:

— די גאַנצע וועלט, מײַן זונדעלע, די גאַנצע וועלט איז פול מיט רמזים...

איך האָב אַ ווײַלע געשוויגן, געפּלעפּט פון אירע וווּנדערלעכע רייד, דערנאָך האָב איך אַ פרעג געטאָן:

— און דאָ, אין ארץ־ישראל, פון וואָס זענט איר זיך מפרנס?

— איך טראָג ליכט אין ייִדישע שטיבער... ליכט אויף ליכט־בענטשן... איך האָב שוין מײַנע קונים, ב״ה, יעדן פרײַטיק אין דער פרי ברענג איך זיי די ווײַסע כשרע ליכט אין די שטיבער אַרײַן, און זיי באַצאָלן מיר, און איך קויף מיר מײַן ברויט און איך זעטיק זיך... גאָט ברוך־הוא פאַרלאָזט נישט זײַנע באַשעפענישן, נישט דעם פויגל אין דער הייך און נישט דאָס קריכערל אונטער דער ערד, ער פירט אַ חשבון, דער באַשאַפער, דאָס מינדסטע באַשעפעניש איז אָפּגעהיט בײַ אים ווי אַן אייגן קינד....

— איר האָט אַ משפחה, באָבעשי?

— כּל ישראל איז מײַן משפחה... זונדעלע, אַ גרויסע הייליקע משפחה...

אין מיטן רעדן האָט זי פּלוצעם אַ הייב געטאָן די אויגן און זיי אָפּ־געשטעלט נאָך אַ מאָל אויפן מאָן אין ווײַסן כאַלאַט.

ער האָט זיך דערנענטערט און אַ שמייכל געטאָן:

— ווידער אַ מאָל, באָבעשי?...

בײַ די דאָזיקע ווערטער זײַנע האָט זיך איר געזיכט ווידער צעשטראַלט ווי נעכטן אין דער צײַט:

— אפשר... אפשר, ווער ווייסט, וועט מען זיך פאַרט אַ מאָל דערבאַ־רעמען אויף מיר און אָננעמען מײַן בלוט... וואָס דען האָב איך צו שענקען פאַר גויטבאַדערפטיקע?... וואָס איז, זונדעלע, דאָס בלוט פון אַן אַלטיטש־קער איז דען וואָסער, עס טויג צו גאָרנישט נישט? אוי, געוואַלד, באַ־שעפערל אין הימל!!!

# אַ וווּנדערלעכע פרוי

איך בין געפאָרן מיטן אויטאָבוס קיין רמת־אָביב. אויף אַ סטאַנציע איז אַרויפגעקומען אַ פרוי, וועלכע איז מיר אויפגעפאַלן מיט איר אויסזען: זי האָט געהאַט אַ ספּעציפיש תּימניש פּנים, נאָר אירע באַוועגונגען און דער געזיכט־אויסדרוק האָבן פאַרמאָגט אין זיך עפּעס פון „אולטראַ־אייראָפּעיִשקייט".

נעבן מיר אויף דער באַנק איז געווען דער איינציקער ליידיקער פּלאַץ, האָט זי זיך אַוועקגעזעצט, אַרויסגענומען אַ בוך פון טעקע און גענומען בלעטערן. איך האָב פון דער זײַט געכאַפּט אַ קוק אין בוך אַרײַן, און דאָ ערשט איז מײַן דערשטוינונג זיך צעוואַקסן: דאָס בוך איז געווען אַ לידער־זאַמלונג פון לייוויקן און טאַקע אין אָריגינאַל, אויף ייִדיש!

— אַנטשולדיקט, האָב איך זיך געוואָנדן צו איר אויף עברית, אין וועלכער שפּראַך איז דאָס בוך געשריבן?

— בייִדיש, בלשון ייִדיש, האָט זי מיר געענטפערט מיט אַ שמייכל.

— אַתּ מפּולין? האָב איך אַ פרעג געטאָן.

— לא, מתּימן.

— בתּימן יודעים ייִדיש?

— לא, אבל אני יודעת!

איצט בין איך איבערגעגאַנגען פון עברית אויף ייִדיש און געזאָגט צו איר:

— נעמט נישט פאַר אומגוט, וואָס איך באַלאַסטיק אײַך. דער ענין איז מיר זייער טשיקאַווע: ווי קומט איר צו ייִדיש־לשון און צו לייענען פּאָעזיע דווקא פון אַ ייִדישן פּאָעט?

זי האָט ווידער אַ שמייכל געטאָן און דאָס מאָל איז איר שמייכל געווען נאָך טרויעריקער און סודותדיקער:

— אויך מײַן טעכטערל, האָט זי אַ מורמל געטאָן, אויך מײַן טעכטערל לייענט יידיש־פּאָעזיע אין אָריגינאַל.

בײַ אירע לעצטע ווערטער האָט זיך דער אויטאָבוס פאַרהאַלטן, מיר זענען אָנגעקומען קיין רמת־אָביב. זי איז אַראָפּגעגאַנגען און איך נאָך איר.

— איר וועט נישט קיין פאַראיבל האָבן, האָב איך געזאָגט, אויב איך וועל אײַך אַ ביסל באַגלייטן, דער ענין איז מיר צוליב כּמה־וכּמה טעמים שטאַרק נוגע.

— וועלכער ענין?

— וואָס איר און אײַער טעכטערל לייענען יידיש־פּאָעזיע אין אָרי־גינאַל.

זי האָט ווידער אַ הייב געטאָן די אויגן, דאָס מאָל האָט געציטערט אין זיי אַ צאַרטער שלייער פון „ערב־טרערן".

— די סיבה איז אַ פּשוטע, האָט זי געזאָגט, מײַן מאַן איז געווען אַ יידישער פּאָעט.

זי האָט אַ ווײַלע געשוויגן און דערנאָך אַ זאָג געטאָן:

— איז דען אַ וווּנדער וואָס איך האָב געוואָלט, אַז זײַן קינד וואָס איך האָב אים געבוירן, זײַן איינציק קינד זאָל קענען לייענען זײַנע לידער אין דער שפּראַך פונעם שאַפער? ס'איז דאָך פאַראַן אַ טיפע שײַכות צווישן ביידן, צווישן זײַן קינד און זײַן פּאָעטישער שאַפונג,ביידע זענען דאָך די איינציקע וואָס זענען אַ טייל פון אים, אַן אָרגאַנישער טייל, דאָס איינציקע וואָס איז געבליבן נאָך זײַן פיזישן טויט — לעבן!

זי האָט זיך אָפּגעשטעלט בײַ אַ הויז מיט אַ גערטנדל:

— דאָ וווין איך, האָט זי געזאָגט, דאָ וווין איך מיט מײַן טעכטערל.

— איך דאַנק אײַך, האָב איך געזאָגט, צוליב כּמה־וכּמה טעמים דאַנק איך אײַך, און דער עיקר: איך בין אַליין אויך אַ יידישער שרײַבער און ווייס, אַז אַפילו אונדזערע אַשכּנזישע פרויען פאַרשטייען נישט שטענדיק, נאָך אונדזער טויט, דאָס וואָס איר, די אָפּשטאַמיקע פון תּימן, האָט אַזוי טיף, טראַגיש־טיף פאַרשטאַנען...

# דער פילאָסאָף און אַדאָלף אײַכמאַן

ער האָט געבעטן נישט אָנצורופן זײַן נאָמען, װעל איך מקיים זײַן מײַן צוזאָג און אים טיטולירן מיט אַ פיקטיװן נאָמען: „פּראָפעסאָר ד״ר גע־דאַנקען־דראַנג״.

בעתן אינפאָרמירן אים װעגן ציל פון מײַן באַזוך, פאַרציט ער דעם גרױסן תּלמיד־חכמישן שטערן זײַנעם, פאַרזשמורעט די טרױעריק־קלוגע אױגן און צעשמייכלט זיך:

— יאָ, זאָגט ער, אַן אָריגינעלע פראַגע... איר װילט װיסן, הייסט עס, װאָס אַ פילאָסאָף טראַכט װעגן פאַל אַדאָלף אײַכמאַן?

— ניין, הער דאָקטאָר, נישט װאָס איר טראַכט װעגן אַדאָלף אײַכמאַן, נאָר װאָס איר װאָלט, אַ שטייגער, געטאָן װען מען גיט איבער דעם דאָזיקן מאָנסטער אין אײַערע הענט?

בײַ דער דאָזיקער פראַגע האָט ער פאַרשנדיק אַ פיר געטאָן די אױגן איבער מיר און נאָך אַ רגע אַ זאָג געטאָן:

— דער פילאָסאָף, מײַן פרײַנד, טוט נישט. דער דענקער איז נישט קיין מענטש פון טאָט. פּאָליטיקער און יוריסטן אַקציאָנירן. דער פילאָסאָף האָט איין צענטראַלע בענקעניש: „דערקענטעניש״... דער פילאָסאָף גאַרט צו דערקענען, דערגרונטעװען די אור־סיבות פון זאַכן און דערשײַנונגען. און אין פאַל פון אַדאָלף אײַכמאַן, װען די געהעריקע אינסטאַנצן װאָלטן מיר דערלױבט, װאָלט איך אױף אַ מעת־לעת צײַט איבערגעבליבן פּנים אל פּנים מיט דער דאָזיקער קרעאַטור... פאַרשטייט מיך, מײַן פרײַנד, איך װאָלט אין משך פון דאָזיקן מעת־לעת געפּרוּװט אױסשליסן פון מײַן באַװוּסטזײַן, פון מײַן געפילס־לעבן, די באַציִונג פון מיר דעם ייִד, דעם ייִד־מענטש צום מאָנסטער אַדאָלף אײַכמאַן. איך װאָלט אָפּגעדרייט, װי מען דרייט אָפּ אַ ראַדיאָ, למשל, אָפּגעדרייט אַלע סטאַנציעס אין מיר, אַלע, חוץ איין און אײנציקער — דער קאַלטער פאַרשנדיקער מחשבה. און דעמאָלט...

ער האָט אַ ווײַלע אָפּגעהאַקט די רייד און דערנאָך שטיל צוגעגעבן:

— יאָ, דעמאָלט וואָלט איך זיך געווענדט צו אַדאָלף אײַכמאַנען בזה־הלשון:

— קרעאַטור, וואָלט איך געזאָגט, קרעאַטור, שליס זיך אויף פֿאַר מיר! זײַ וויסן, קרעאַטור, אַז נישט קיין ריכטער בין איך און כ'וועל דיך נישט מישפּטן; אַ פּשוטער פֿילאָסאָף בין איך, וואָס וויל זיך דערגרונטעווען צו דער דערקענטעניש פֿון זאַכן: ווי אַזוי? ווי אַזוי האָט עס אַ מענטש געקענט טאָן אָט דאָס וואָס דו און דײַנס גלײַכן האָבן געטאָן? פֿאַרשטיי, קרעאַטור, עס גייט דאָך נישט אין דיר און אַפֿילו נישט אין די אַנדערע פֿון דײַנס גלײַכן, עס גייט דאָך אין דער אורסובסטאַנץ... פֿאַרשטיי, קרעאַטור, אויב דו, אַ בן אָדם האָסט געקענט טאָן דאָס וואָס האָסט געטאָן, שטעלט זיך דאָך די פֿראַגע: ווער ביסטו אַזוינס? איך מיין עס אין קאָסמישן זין... ווער ביסטו?... איך מיין עס אין מעטאַפֿיזישן זין... שליס דיך אויף פֿאַר מיר, קרעאַטור, ווײַל דו שטייסט דאָך צווישן מיר און גאָט... סאַראַ גרויל, אַפֿילו מיט גאָט האָט עס אַ שײַכות... וואָרעם אַלץ און אַלצדינג האָט דאָך זײַן מקור אין דער אורסובסטאַנץ... פֿאַרשטיי, קרעאַטור, אויב איך וועל דיך און דײַנע מעשׂים נישט פֿאַרשטיין, וועל איך דאָך אויך גאָט נישט פֿאַר־שטיין... וואָרעם בײַ מיר איז נישט פֿאַראַן קיין דואַליזם. דער אין־סוף איז נישט געטיילט בײַ מיר צווישן דער הערשאַפֿט פֿון גאָט און טײַוול... איין אורסובסטאַנץ, אַן איין און איינציקער איינס... פֿון וואַנען זשע שטאַמסטו, אַדאָלף אײַכמאַן?... שליס דיך אויף פֿאַר מיר אין דײַן גאַנצער פֿינצטערניש!

איך האָב נישט געקענט באַהאַלטן מײַן סקעפּטישן שמייכל:

— הער דאָקטאָר, האָב איך געזאָגט, צי גלייבט איר, אַז אַדאָלף אײַכמאַן וואָלט זיך „אויפֿגעשלאָסן" פֿאַר אײַך?... איך מיין, אַז ער וואָלט זיך אויס־געלאַכט פֿונעם „נאַרישן ייִד", וואָס פֿרעגט אַזעלכע נאַיִווע, סענטימענטאַלע, פֿילאָסאָפֿישע פֿראַגעס...

דער פּראָפֿעסאָר ד"ר געדאַנקען־דראַנג האָט, ווי נישט הערנדיק מײַן פֿראַגע, ווײַטער ממשיך געווען:

— בעת דער מלחמה בין איך געווען אין אַ דײַטשן קאָנצענטראַציע־לאַגער... און גלייבט מיר, מײַן פֿרײַנד, אין די פֿחדימדיקסטע רגעס האָט מיך נישט פֿאַרלאָזט דער צענטראַלער פֿאַרלאַנג און איך האָב געזאָגט צו

זיך, ווען גאָט וואָלט מיך געפרעגט: „וואָס פאַרלאַנגסטו, מײַן זון?" וואָלט איך אים געוווען געענטפערט: „איין בקשה, מײַן באַשאַפער, איך וויל, אַז היטלער זאָל זיך אויפשליסן פאַר מיר, איך וויל באַנעמען אָט דעם ,גיגאַנ־טישן פאַנטשער אין וועלט־געשען"... יאָ, און דאָס דאָזיקע געפיל באַהערשט מיך אויך הײַנט... וואָרעם אָן דערגרונטעווען אָט דעם „גיגאַנטישן פאַנ־טשער אין וועלט־געשען", בלײַבט דאָס מענטשלעכע דענקען אין מיטן וועג אויך צו „גאָט־באַנעם"... מיר קענען נישט קומען מיט ווערטער „היט־לער", „נאַציזם", „דײַטשע בעסטיעס". דאָס זענען ווערטער, וואָס טויגן פאַר באַנאַלע פּאָליטיקער, יוריסטן און פּובליציסטן... פאַר אַ פילאָסאָף זאָגט עס גאָרנישט...

— וואָס ווילט איר אייגנטלעך דערגרונטעווען, הער פּראָפעסאָר?

ער האָט טיף אָפּגעזיפצט:

— דעם מענטשן... און ווי אויסטערליש דאָס זאָל נישט קלינגען איז דאָך... נו, ביאָלאָגיש מיין איך, יאָ, איז דאָך אויך דער דײַטש, דער נאַצי, אַ בן־אָדם... איך מיין עס נישט פאַר אַ קאָמפּלימענט... אָבער אַ פאַקט איז עס, אַז לויט דאַרווינען שטאַמט ער פונקט ווי מיר אַלע פון דער מאַלפּע, און לויט דער ביבל — פון אָדם און חוהן... און דער דאָזיקער עקלדיקער פאַקט שטעלט דאָך אונדז פאַר דער מוראדיקער פראַגע: ווער איז עס דער מענטש? און עס גייט דאָך נישט בלויז אין מענטשן און נישט אין דער מענטשהייט, נאָר אין אַ סך מערער: אין באַשאַפער גייט עס, אין בורא־עולם... ווער איז עס דער פירער פון אוניווערס?

דער פּראָפעסאָר ד״ר געדאַנקען־דראַנג האָט נישט פאַרענדיקט זײַנע רייד, וואָרעם עס האָט זיך געעפנט די טיר און עס האָט זיך שטיל אַרײַנגע־שלײַכט זײַן פרוי:

— אַנטשולדיקט, האָט זי געזאָגט, אַנטשולדיקט וואָס איך מיש זיך אַרײַן אין די דאָזיקע ענינים... אָבער איך האַלט עס פאַר לעכערלעך און אויך געשמאַקלאָז צו פירן „פילאָסאָפישע שמועסן" וועגן אַדאָלף אײַכמאַן...

און זי האָט זיך אַ ווענד געטאָן צו מיר:

— מײַן מאַן איז אַ געשווירענער פילאָסאָף... נאָר אײַך בעט איך, זאָגט עס מיר צו, אַז איר וועט נישט פאַרעפנטלעכן זײַנע מיינונגען אין אײַער צײַטונג... איך בעט אײַך, מײַן הער, זאָגט עס מיר צו...

# דער שווײַגער

— קום, האָט מײַן פֿרײַנד געזאָגט צו מיר, קום, איך וויל דיך באַקענען מיט אַ מענטשן וואָס האָט אויף זיך גענומען די קללה פֿון שטומקייט, אַ נדר געטאָן נישט צו עפֿענען זײַנע ליפּן ביזקל ער וועט נישט האָבן צו זאָגן דער וועלט דאָס אמת־גרויסע קלוגע וואָרט.

— הם, האָב איך אַ לאַך געטאָן, הם, הייסט עס, ער וועט מוזן לאַנג וואַרטן דײַן שטומער...

— יאָ, ווײַזט אויס אַזוי, האָט מײַן פֿרײַנד ווײַטער ממשיך געווען, דאָס הייסט, זײַן שווײַגן האַלט שוין אָן אַ קײַמא־לן פֿון אַ יאָר צוויי מיט אַ האַלבן, ער איז אַן עקשן „פּאַר עקסעלאַנס". און וויסן מוזסטו, אַז געווען איז ער פֿריִער דווקא אַ באַרעדעוודיקער סײַ אין וואָרט און סײַ אין שריפֿט, געווען אַ שרײַבער פֿון פֿילאָסאָפֿישע מאמרים, געווען אַ לעקטאָר אין אוני־ווערסיטעט, און מיט אַ מאָל איז געקומען דער איבערבראָך. ער איז אויפֿגעשטאַנען אין איינעם אַן אינדערפֿרי, זיך דערנענטערט צו זײַן פֿרוי און שטיל אַ זאָג געטאָן:

— הער, רחל, איך האָב דיר עפּעס צו זאָגן, נאָר קודם־כּל בעט איך דיך, דערשרעק זיך נישט, מיין נישט, אַז איך בין פֿון זינען אַראָפּ. ניין, ס'איז בײַ מיר אַ לאָגיש־דורכגעטראַכטער באַשלוס: נישט פֿאַראַן קיין אַמאָראַלישערס און אומזיניקערס ווי בעבען סתם־רייד. און ווער צווישן אונדז זינדיקט דען נישט אויפֿן דאָזיקן אופֿן? יעדער רעדט, יעדער זאָגט „געדאַנקען", איטלעכער שיסט מיט דער גראַנד־אַרטילעריע פֿון וואָרט... און וואָרט איז דאָך דעם באַשעפֿערס ערשטע טאַט, מיטן וואָרט האָט דאָך גאָט אָנגעהויבן זײַן וועלט־באַשאַף, וואָרט איז דאָך דער אורפֿאָטער פֿון אַל־עקסיסטענץ, און מיר אַלע קומען און פֿאַרשוועכן זײַן מאַיעסטעט דאָס וואָרט, פּלוידערן און פּראַזעווען! און איך אַליין האָב דען נישט געטאָן

אַזוי אין מײַנע מאמרים, אין מײַנע לעקציעס? נאָר איצט אַ סוף! הערסט, רחל? איך שווער דיר: איך וועל מער קיין וואָרט נישט אַרויסרעדן ביז איך וועל נישט געפינען דאָס אמת־גרויסע אורקלוגע וואָרט! און דאָס זענען מײַנע לעצטע ווערטער!

און ער האָט וואָרט געהאַלטן. שוין צוויי און אַ האַלב יאָר, אַז ער האָט די ליפּן נישט געעפנט און קיין וואָרט נישט אַרויסגעבראַכט.

אַז מיר זענען צוגעקומען צום הויז, האָט מײַן פרײַנד געזאָגט צו מיר:

— קומען, קומען מיר אַהער מיטן אויסרייד צו קויפן בלומען. יאָ, זינט ער איז שטום געוואָרן, האָט זײַן פרוי גענומען מפרנס זײַן דאָס הויזגע־זינד מיט פאַרקויפן בלומען. בײַ זיך אין דער היים האָט זי געעפנט דאָס בלומען־געשעפט פון וועלכן זי ציט די חיונה.

געעפנט די טיר האָט אונדז אַ קליינע אײדעלע פרוי אין די מיטל דרײַסיקער. זי האָט אונדז אַרײַנגעפירט אין אַ גרויסן האַל, וואָס איז פול געוועזן מיט אַלערלייִקע קאָלירן און אַראָמאַטן פון בלומען און געוויקסן.

בעת מײַן פרײַנד איז מיט דער בלאָנדער פרוי שטיין געבליבן נעבן אַ פלאַמיקן רויזן־קוסט, האָב איך זיך דערנענטערט צו די אַלעאַנדערס, בײַ וועלכע ס'איז געשטאַנען אַ הויכער אײַנגעבויגענער מאַן און מיט אַ שער געשניטן בײַ די בלומען־קעפּ.

— וויפל קאָסט דער דאָזיקער בוקעט? האָב איך אַ פרעג געטאָן.

ער האָט מיר מיט די פינגער צו וויסן געגעבן דעם פרײַז.

— איר רעדט נישט? האָב איך, מיט געמאַכטער פאַרוווּנדערונג, גע־פרעגט, און אַז ער האָט נישט געענטפערט, האָב איך צוגעגעבן:

— אַוודאי, צווישן דעם וווּנדערלעכן שווײַגן פון בלומען און געוויקסן ווערט דער מענטש נישטיק, דער מענטש מיט זײַן אומבאַהאָלפענעם וואָרט.

ער האָט צעעפנט אַ פּאָר פאַרשנדיקע אויגן אויף מיר.

— יאָ, האָב איך ממשיך געווען, יאָ, וועלדער שווײַגן, גערטנער שווײַגן, נאָר זייער שווײַגן זאָגט דאָך מער פון אַלע מענטשלעכע פּלאַפּלערײַען. אפשר איז טאַקע געקומען די צײַט, אַז דער מענטש זאָל תשובה טאָן און נעמען לערנען פון דער פלאַנצן־וועלט צו וואַקסן און שווײַגן ביז עס וועט צײַטיק ווערן דאָס אמת־גרויסע וואָרט.

ער האָט ווידער אַ מאָל אויפגעהויבן זײַנע אויגן צו מיר, נאָר דאָס מאָל איז אַנשטאָט דאָס פאַרשנדיקע אין זיי געווען אַ מין פאַרוווּנדערונג און מיט אַ מאָל האָבן זיך באַוויזן טרערן אין זײַנע אַפּלען.

— איר לײַדט? האָב איך שטיל אַ שעפּטשע געטאָן, איר לײַדט?

ער האָט אויפגעציטערט און אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף „יאָ".

— סאַראַ אָריגינעלער בלומען־גאָרטן דאָ, האָב איך געזאָגט, און סאַראַ אָריגינעלער גערטנער!

בײַם וואָרט „גערטנער" האָב איך אַ טײַטל געטאָן אויף אים אַליין, דעם הויכן געבויגענעם מאַן, וואָס איז געשטאַנען מיט דער שער צווישן די בלומען־קעפּ.

ער האָט ספּאָנטאַן אַרויפגעלייגט זײַן האַנט אויף מײַנע אַקסלען און מ׳יר אַרײַנגעקוקט אין די אויגן.

— איך באַוווּנדער אײַך, האָב איך געזאָגט, איך האָב געהערט וועגן גזר פון שטומקייט וואָס איר האָט גענומען אויף זיך, און איך בין געקו־מען דריקן אײַערע הענט, ליבער פרײַנד.

בעת איך האָב גענומען דריקן זײַנע לאַנגע אײדעלע פינגער, האָט ער ווי אַ שעמעוודיק מיידל אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

אין דער זעלביקער רגע האָב איך דערהערט דאָס קול פון מײַן פרײַנד:

— איך האָב שוין געקויפט רויזן, האָט ער געזאָגט, און דו האָסט שוין באַקומען דײַנע אָלעאַנדערס?

— יאָ, באַקומען, האָב איך געענטפערט און זיך געלאָזט מיט די בלו־מען צו דער טיר.

# נקמה

איך האָב באַזוכט מײַנעם אַ װײַטן קרוב, װעלכער איז געקומען פֿון אַמעריקע װי אַ טוריסט. מיר האָבן אין משך פֿון לאַנגן אָװנט, װאָס מיר האָבן פֿאַרבראַכט צוזאַמען, באַװיזן צו אַנאַליזירן אַ שלל מיט געשעענישן און אידעען. בעת מיר זענען אַרויף אויף דער טעמע „נקמה", האָט ער אַ שמייכל געטאָן:

— איך האָב מיר מײַן אייגענעם קוק אויפֿן ענין „נקמה", האָט ער געזאָגט. איך מיין, אַז נקמה נעמען איז נישט מאָראַליש, װאָרעם אין דער רגע בעת דער קרבן איז זיך נוקם אין זײַן פּײַניקער, אין דער זעלבער רגע שוין בײַטן זיך די ראָלעס: דער קרבן װערט פּײַניקער, און דער פּײַניקער — קרבן... אָבער די נקמה װעגן װעלכער איך גיי דאָ דערציילן איז אַ יוצא־מן־הכּלל, זי איז, מיין איך, עטיש אויסגעהאַלטן.

ער האָט אַראָפּגעלאָזט זײַנע קלוגע טרויעריקע אויגן, אָנגעצונדן די ליולקע און גענומען דערציילן:

איך בין נאָך דעמאָלט געװען אַן אָנפֿאַנגער, נאָר װאָס געהאַט מײַנע ערשטע לידער אָפּגעדרוקט. און כּמעט שוין די ערשטע שאַפֿונגען מײַנע האָבן געמאַכט אַ רושם אין ליטעראַרישע קרײַזן, און די קריטיק האָט זיך אָפּגערופֿן מיט אַ סך לויב װעגן זיי. האָט זיך מײַן מאַטעריעלער מצב נישט געביטן: זעלטן האָב איך געהאַט צו באַצאָלן כּמעט איין מאָלצײַט אין אַן אָרעמען רעסטאָראַן. איך האָב געהונגערט, פֿאַר עקסעלאַנס, נאָר עס האָט מיך נישט געאַרט. פֿאַראַן אַ באַזונדערער תּענוג אַ מאָל אין געפֿיל פֿון „זײַן געקריװודעט".

אַזוי זענען געגאַנגען חדשים און יאָרן. איך האָב שוין געהאַט אַרויס־געגעבן מײַן ערשט בוך פּאָעמעס. פֿאַרן דאָזיקן בוך האָב איך גע־

קראָגן אַ פּרעמיע, וואָס איז געשאָנקען געוואָרן פון אַ באַרימטן מיליאָנער, אַ מעצענאַט.

און עס איז געווען אין אַ פּריוואַטיק אין דער פרי, בעת איך בין געקומען אין באַנק־הויז, וואָס האָט טאַקע געהערט צו יענעם באַרימטן מיליאָנער־מעצענאַט, געקומען אָפּנעמען דעם פּרעמיע־האָנאָראַר.

דער קאַסירער האָט ביי מיר געבעטן מיין אידענטיטעט־צייגעניש, און איך האָב עס אים דערלאַנגט. האָט ער אַ נעם געטאָן אַ פּעקל באַנקנאָטן, עס מיר מיט ביטול אַ שטופּ געטאָן און געזאָגט:

— איצט וועט איר זיך קענען קויפן אַ ליייטישן קראַוואַט און אָפּעסן אַ מיטאָג פון פיר גענג... און ווערן אַ שטיקל מענטש.

ער האָט עס געזאָגט אי מיט ביטול אי מיט רחמנות און דערביי זיך איבערגעוווּנקען מיט די צוויי ביוראָ־מיידלעך, וועלכע האָבן זיך דיסקרעט צעלאַכט.

אַז איך בין אַראָפּגעגאַנגען די מאַרמאָר־טרעפּ פון ריזיקן פּראַכט־בנין, האָב איך אָנגעטראָפן טאַקע אים אַליין, דעם מיליאָנער־מעצענאַט.

ער האָט מיך אָפּגעמאָסטן פון קאָפּ ביז די פיס און אַ שמייכל געטאָן:

— איר זענט דאָס דער דיכטער איקס?

— יאָ, איך בין עס, מיט רעספּעקט צו מעלדן, האָב איך געענטפערט און צוגעגעבן:

— אפשר געפינט זיך ביי אייך עפּעס אַן אַרבעט פאַר מיר? פון לידער שרייבן קען מען נישט עסן קיין ברויט צו דער זעט.

— צו וואָסער אַרבעט פילט איר זיך מסוגל? האָט ער מיך ווידער אַ מעסט געטאָן פון קאָפּ ביז די פיס.

— איך... איך וואָלט געטויגט פאַר אַ לאַקיי ביי אייער ווילגע־בוירנקייט.

— איר שפּאַסט?

— ניין, מיין הער, איך מיין עס טראַגיש־ערנסט.

— נו, גוט, האָט ער נאָך אַ ווייַלע טראַכטן אַ זאָג געטאָן, נו, גוט, קומט אַרויף צו מיר. מיר וועלן זען.

ער האָט פאַררייכערט זיין ציגאַרעט און אָן אַ זיי־געזונט אַוועק נישט אויסדרייענדיק דעם קאָפּ צו מיר. איך בין שטיין געבליבן און עס האָט אַ

שׂרפה־געטאָן אין מיר אַ ווייטיקדיקע פאַרשעמטקייט, איך האָב אַ דריי אויס געטאָן דעם קאָפּ צום מיליאָנער־נדבן און אַ רוף געטאָן:

— הער מײַזעלעס, וואַרט נאָר אַ רגע, הער מײַזעלעס.

אַז ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָב איך געזאָגט:

— ביין מײַן הער, איך וויל נישט ווערן קיין לאָקיי בײַ אײַך, איך קלײַב זיך אַליין ווערן אַ מיליאָנער, איר פאַרשטייט, הער טיפּש?...

מײַן קרוב האָט אַ ווײַלע איבערגעריסן זײַן מעשׂה, פאַררייכערט נאָך אַ מאָל די ליולקע, וואָס האָט זיך בעתן דערציילן געהאַט פאַרלאָשן, און מיט אַ שמייכעלע ממשיך געווען:

— איך ווייס נישט צי ס׳איז געווען קאָניוקטור צוליב דער מלחמה, צי האָב איך טאַקע פאַרמאָגט דעם עקלדיקן טאַלאַנט צו פאַרדינען געלט... איך בין גיך רײַך געוואָרן, נישט דורך פּאָעזיע, פאַרשטייט זיך, נאָר דורכן האַנדל מיט אַלט־אײַזן...

— און לידער? לידער שרײַבט איר נישט מער?

— ניין, שמייכלט ער, הײַנט פאַבריציר איך עראָפּלאַנען פאַרן אַמע־ריקאַנישן קריגספלאָט, עס איז רווחדיקער פון גראַמען־מאַכן... אָבער נישט אין רווחים גייט דאָ, נאָר אין עיקר: דער עיקר, איך האָב געשטילט מײַן דאָרשט נאָך נקמה... איך האָב זיך נוקם געווען אין די מיליאָנערישע סנאָבן דורך דעם וואָס איך בין אַליין אַ מיליאָנער געוואָרן...

פאַרשטייסט אַזאַ מין נקמה?

— יאָ, איך פאַרשטיי, האָב איך געענטפערט, טאַקע באמת אַן אָרי־גינעלע נקמה...

# גבורה

אויף זייער עלטערן־זיידן יששכר־צבי, האָט נאָך דער אַלטער קאָסע־ווער ז״ל געזאָגט: „אַזאַ פּיצל יידעלע און פאַרמאָגט אַזאַ גבורה, קיין בייז אויג, ביי אים איז פאַרטרייבן דעם יצר־הרע אַ שפּילכל! און סע שטייט דאָך געשריבן: „איזהו גיבור — הכּובש את יצרו!״

שטאַמען שטאַמט די משפחה אפרתי פון קליינעם גאַליציאַנער שטע־טעלע קיטעוו, וואָס ביים ברעג פון טשערעמוש־טייַך. געווען זענען זיי יידן „שרייַבערס״ ביי גרויסע וואַלד־סוחרים, אויך געווען צווישן זיי פּראָסטע וואַלד־שומרים און פּליטן־טרייַבערס. אַלע זענען זיי געווען קליינע מאָגערע יידעלעך מיט לאַנגע צעוואַקסענע בערד. געוווינט האָט מען אין הילצערנע כאַטעס ביים טשערעמוש־טייַך אָדער אין הייַזקעס געפלאָכטענע פון צווייַגן אין מיטן וואַלד.

נאָך קיין מאָל האָט קיינער פון דער משפחה אפרתי נישט אויפגעהויבן קיין קול מיט תּרעומות צום רבונו־של־עולם:

— אויב דיר, טאַטע, איז ליב, פלעגן זיי זאָגן, איז מיר ליב און ניחא!

ווען חיים אפרתי, דאָס אוראייניקל פון יששכר־צבי, האָט עולה גע־ווען קיין ישׂראל, איז ער אַוועק אַרבעטן אין אַ פּרדס נעבן רחובות.

בעת ער איז צום ערשטן מאָל אַרויס פון זייַן צריף, האָט ער געקושט די מזוזה און אַ זאָג געטאָן צום ווייַב:

— דער אַלטער קאָסעווער ז״ל פלעגט זאָגן: „אַז דו ווילסט אַ סך, האָסטו גאָרנישט, און ווילסטו ווייניק, האָסטו אַלצדינג!״

דאַנק זשע, שׂרה־רבקה, מייַן ווייַב, דעם רבונו־של־עולם, וואָרעם לויטן הייליקן קאָסעווערס זאָג, האָבן מיר, ב״ה, אַלץ!

און אַזוי זענען זיך געגאַנגען די טעג און חיים־לייב האָט אָנגענומען אַלץ, וואָס דער בורא־עולם האָט באַשערט אים, מיט אהבה און הכנעה. און

אַז ס'איז אַוועק דאָס ערשטע יאָר, האָט דער בעל־הבית זײַנער, יעקובי, געגענט צו אים און געזאָגט צו אים אַזוי צו זאָגן:

— ביסט אַן ערלעכער מאַן, חיים־לייב, און דו טוסט דײַן אַרבעט אין מײַן פּרדס מיט פלײַס און איבערגעגעבנקייט. ווערליק איך זע, האָסטו אויסגעלערנט דאָס האַנטווערק פון קלײַבן מאַראַנצן ווי עס קער צו זײַן, קום איך צו דיר מיט אַ פאָרשלאָג: איך וועל דיך שטעלן פון הײַנט אָן צו זײַן דער מנהל־עבודה. האָסט פאַרשטאַנען, חיים־לייב?

האָט חיים־לייב מיט הכנעה אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און געענטפערט:

— פאַרשטאַנען האָב איך, נאָר איך ווייס נישט, פאַר וואָס עס קומט מיר אַזאַ כבוד.

האָט אים דער בעל־הבית אַ קלאַפּ געטאָן אין פּלייצע און זיך צע־לאַכט:

— נישט נאָר כבוד וועסטו האָבן, חיים־לייב, נאָר אויך דײַן שׂכירות וועל איך דיר העכערן.

האָט חיים־לייב געוואָלט ווידער אַ מאָל עפּעס ענטפערן, נאָר אַ מין צניעות האָט אים פאַרשלאָסן די ליפּצן, האָט ער אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און גענומען קריכן אויפן לייטער, וואָס האָט געפירט צו די גילדענע פּירות אויף די צעצווײַגטע ביימער.

און ס'איז געווען אויפן צווייטן טאָג, דאָנערשטיק פאַר נאַכט, האָט זיך אין חיים־לייבס צריף באַוויזן אַריה־צבי, דער זעלביקער אַריה־צבי, וואָס אַרבעט אויך אין זעלביקן פּרדס ווו חיים־לייב, נאָר אַריה־צבי איז שוין אַ „ותיק", דאָס אַכטע יאָר שוין איז ער עוסק אין דאָזיקן פאַך, און אַלע אַכט יאָר טאַקע אין זעלביקן פּרדס בײַ יעקובין.

— זיץ, אַריה־צבי, האָט חיים־לייב אים אונטערגעטראָגן אַ שטול, זיץ און איך וועל האָרכן צו דײַנע רייד.

האָט אַריה־צבי אַ רײַב געטאָן די האָריקע דלאָניעס און דערנאָך זיך אַ וויש געטאָן די וואָנצעס און אַרויס בזה־הלשון:

— חיים־לייב, האָט ער געזאָגט, איך האָב צו דיר טענות: דו ביסט משיג־גבול!

— איך? האָט חיים־לייב צעעפנט די אויגן, ווײ איז מיר, חס־וחלילה!

האָט אַריה־לייב ווידער אַ וויש געטאָן די וואָנצעס און אַ הייב געטאָן העכער זײַן קול:

— פֿאַרשטייסט, האָט ער געזאָגט, פֿאַרשטייסט, אַכט יאָר אַרבעט איך שוין אין זעלביקן פּרדס און בײַם זעלביקן בעל־הבית, און לויט יושר קומט מיר די שטעלע פֿון מנהל־עבֿודה און נישט דיר, וואָס אַרבעטסט ערשט אַ יאָר און ביסט אַ גרינער. וואָס זאָגסטו, חיים־לייב?

האָט חיים־לייב נישט לאַנג געטראַכט און געענטפֿערט:

— אַוודאי, אַוודאי קומט דיר די שטעלע, אַוודאי, ווי איך בין אַ ייִד, אַריה־צבֿי.

און ס'איז געווען אויפֿן צווייטן טאָג, פֿרײַטיק אין דער פֿרי, בעת חיים־לייב איז געקומען אין פּרדס צו דער אַרבעט, נאָר אין דאָזיקן אינדערפֿרי איז ער נישט ווי יעדן טאָג אַרויף אויפֿן לייטער, נײַערט ער האָט זיך געשטאַרקט און גענענט צו זײַן בעל־הבית יעקובֿי:

— אַדוני, האָט ער געזאָגט, אַדוני, אַן אומרעכט איז געשען, איך מיין אַ טעות, נישט מיר קומט די שטעלע פֿון מנהל־עבֿודה, נאָר אַריה־צבֿין, ער איז עלטער און געשיקטער פֿון מיר אין דער אַרבעט.

האָט אים דער בעל־הבית אָנגעקוקט און געענטפֿערט:

— ווער מען סע קומט די שטעלע האָב איך, און נישט דו, צו זאָגן.

האָט חיים־לייב אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און מיט אַ פֿאַרשעמט קול געזאָגט:

— אַוודאי, איר זענט דער בעל־הבית פֿון פּרדס און איר קענט באַפֿעלן וואָס און וועמען. נאָר איך, איך וועל נישט משׂיג־גבֿול זײַן אַריה־צבֿין. איך בלײַב בײַ מײַן אַלטער אַרבעט.

אַזוי האָט געזאָגט חיים־לייב און אַוועק צום לייטער וואָס פֿירט צו די גילדענע פּירות.

יאָ, אַזעלכער איז ער שוין חיים־לייב, געראָטן אין גאַנצן אין זײַן זיידן, ישׂשכר־צבֿי, אויף וועלכן דער אַלטער קאָסעווער ז״ל האָט אַ מאָל געזאָגט: „אַזאַ פּיצל ייִדעלע און פֿאַרמאָגט אַזאַ גבֿורה, קיין בייז אויג, בײַ אים איז פֿאַרטרײַבן דעם יצר־הרע אַ שפּילכל!״

# שׂרה־וועראַס מיינונג וועגן אונדזער יונגן דור

אירע אויגן זענען סאַמעט־שוואַרץ און פאַרשלייערט מיט אַ פּאָר־נעפּלטער אָריענטאַלישער פאַרחלומטקייט. אירע אויגן האָט זי געירשנט פון איר מוטער דער תּימנקע. אירע לאַנגע גילדענע צעפּ, וואָס זי האָט פאַרוואָרפן שטיפעריש איבער די פולע מיידלשע אַקסלען, האָט זי גע־ירשנט פון איר פאָטער דעם אוקראַיִנישן ייִד, וואָס האָט געוווינט אַ מאָל ביי די וואַסערן פון דניעפּער. און פון וועמען האָט זי געירשנט איר קיניג־לעכן טראָט און די מלכותדיקע באַוועגונגען פון אירע שלאַנקע אברים ?

יעדן טאָג זע איך זי פאַרבייגיין מיַין הויז. זי שוועבט ווי אַ באַלעט־טענצערין אונטערן ריטעם פון בלויער לבנה־מוזיק, און אונטער איר אָרעם שטראַלט דאָס לעבעדיקע שוואַרץ פון פידל־קאַסטן מיט אַ פאַרהוילענעם שטאָלץ: „אַ־ין מיר וווינט אַ פידל מיט נגינה".

רופן רופט מען זי „שׂרה־וועראַ", אַ געמיש פון דער באָבע שׂרה און עפּעס אַ ווייַטער סלאַווישער וועראַ, אַרויסגענומען פון אַן אַלט־רוסישער לעגענדע. סאַראַ וווּנדערלעכע מיסטעריע פון בלוט און סטיל־געמיש!

אין קאָנסערוואַטאָריע לערנט זיך אָט דער וווּנדערלעכער „מישלינג". מיט איר צוזאַמען לערנט זיך מיַין שוועסטערס זון עוזי — אַ פידל לעבן אַ פידל.

— עוזי, פרעג איך מיַין שוועסטערס זון, עוזי, ווי אַזוי לערנט זיך שׂרה־וועראַ ?

— אויסגעצייכנט, ענטפערט ער, זי וואַקסט אַ צווייטער פּאַגאַניני.

אין איינעם אַ טאָג האָב איך באַגעגנט שׂרה־וועראַן ביי מיַין שוועסטער אין הויז. זי איז געקומען צו עוזין אויף רעפּעטיציע. מ׳האָט צוזאַמען גע־שפּילט טיילן פון בעטהאָווענס וויאָלין־קאָנצערט.

איך בין געשטאַנען ביי דער זייַט, געגאַפט אויפן יונגוואַרג מיט די

פידלען און געדאַכט האָט מיר: שיפּערס אין מיטן ים זעגען זיי, שיפּערס וואָס רודערן דורך די בלויע וואַסערן פון שירה.

אין אַ רגע האָב איך זיך דערמאָנט אין די טענות, וואָס מ'האָט צו אונדזער נײַעם דור, אַז ער איז ליידיק און פּוסט. וואָס זשע איז דאָ די ליידיקייט און פּוסטקייט פון דור? האָב איך אַ טראַכט געטאָן, נאָר איך האָב דעם געדאַנק נישט געקענט דערטראַכטן, וואָרעם אָט די יונגע מוזיק־שיפּערס האָבן מיך אַרײַנגעכאַפּט אין דער ווונדערלעכער שיף, וואָס האָט זיך געטראָגן איבער בעטהאָווענס קלאַנג־מחשבות.

ווען זיי האָבן געענדיקט, זענען זיי נאָך אַ לאַנגע ווײַלע שטיין געבליבן מיט די פידלען. ס'האָט אויסגעזען: זיי וואָגן נישט מיט איין מאָל אַריבערגיין פון קלאַנג־יום־טוב צו קלאַנגלאָזער וואָך.

נאָך אַ רגע האָב איך אַ פרעג געטאָן שׂרה־ווערען:

— האָסט ליב, האָסט שטאַרק ליב מוזיק?

— יאָ, האָט זי געזאָגט, מוזיק איז דאָך דאָס האַרץ פון דער וועלט. מוזיק איז דאָס האַרץ וואָס קלאַפּט אין אַלע זאַכן און מאַכט זיי לעבעדיק, אָן מוזיק איז די וועלט אַ ליימענער גולם!

— צי ווייסטו, שׂרה־ווערא, האָב איך פּלוצעם אַ זאָג געטאָן, צי ווייסטו — מען זאָגט אויפן נײַעם דור, אַז ער איז פּוסט און ליידיק? טראַכטסטו אויך אַזוי וועגן דור, שׂרה־ווערא?

אירע אויגן האָבן זיך צעקוואָלן און זי האָט שטיל געזאָגט:

— נישט פאַראַן קיין פּוסטע דורות, אַדוני, פּונקט ווי ס'איז נישט פאַראַן קיין ליידיקער רוים. אמת, אַ מאָל פאַרגעסט זיך אויף אַ ווײַלע דער דור, פאַרגעסט אין די תּוכן פון זאַכן, אָבער אַ רגע בלויז, דער וועלט־גײַסט קומט און דערמאָנט אים.

— ווי אַזוי קומט דער וועלט־גײַסט, שׂרה־ווערא?

אירע אויגן האָבן זיך נאָך טיפער צעקוואָלן:

— מיט אַ מאָל קומט ער ווי אַן איבערראַשונג: דו מאַכסט אויף די פענצטער און ער שטראָמט אַרײַן מיטן זון־ליכט, מיט דער שטערן־שײַן, מיטן רעגן, מיטן בליץ און דונער, מיט די ריחות פון די גערטנער און מיט דער געהיימער שטילקייט פון דער נאַכט — מלא כל הארץ כבודו!

און אירע אויגן האָבן זיך צעפינקלט מיט עקסטאַז:

— זעט, אָט דער קליינער שמעטערלינג, וואָס פלאַטערט מיט די פור־פורנע פליגל איבערן צאַרטן גלאָז פון פענצטער, אָט דער קליינער פליִער אפילו טראָגט דאָך אויך דעם פלאַטער מיט זיך, דעם פלאַטער פון וועלט־גייַסט!

— פאַר וואָס זשע דערזעען אים נישט די קינדער פון אונדזער דור, שׂרה־ווערא?

זי האָט זיך שטיפעריש צעלאַכט:

— זיי מאַכן נאָר דעם אָנשטעל, אַז זיי זעען אים נישט... זיי ווילן זייַן „מאָדערן", די קינדער פון אונדזער דור, שפּילן זיי די „קלוגע מאַטעריאַ־ליסטן", אָבער אין דער שטיל, ווען קיינער זעט נישט, ווערן זיי צוריק פול מיט גאָט־בענקשאַפט, כאָטש זיי ווייסן עס אפשר אַליין נאָך נישט, די קינדער פון אונדזער דור...

— אַזוי טראַכטסטו, שׂרה־ווערא?

זי האָט מיט די צאַרטע לאַנגע פינגער געגומען ציִען די סטרונעס פון פידל און געזאָגט:

— דער מענטש איז געגליכן צו אַ פידל, מען דאַרף נאָר אַ ריר טאָן בייַ אַ סטרונע און ער שפּילט. דער ניגון איז שטענדיק גרייט אין די טיפן פון מענטשן, עס דאַרף קומען דער מייַסטער און אים אַרויסשפּילן, דעם ניגון...

— ווער זשע איז עס דער מייַסטער, וואָס וועט קומען לעבעדיק מאַכן דעם ניגון, וואָס שלאָפט אין האַרץ פון אונדזער דור, שׂרה־ווערא?

— דאָס לעבן! פאַרלאָזט אייַך אויפן לעבן, אַדוני!

אַזוי האָט געזאָגט שׂרה־ווערא, צוגעטוליעט דעם פידל צו איר ברוסט און גענומען שפּילן די ערשטע זאַצן פון בעטהאָווענס נייַנטער סימפאָניע. אויך מייַן שוועסטערס זון האָט אַ פיר געטאָן דעם פידל צו זייַן האַרצן, און דער חלל איז פול געוואָרן מיט די בלויע סודותדיקע כוואַליעס פון מוזיק, איבער וועלכע די צוויי יונגע מענטשן האָבן גענומען שיפן זיך ווי שיפערס אונטער אין־סופיקער אויסגעשטערנטקייט.

# דוד־המלך דער צווייטער

איך בין געזעסן אין אַ געזעלשאַפט פון ייִדן, ענגלישע בירגער, וועלכע זענען אין מיטן אַ שמועס וועגן פּאָליטיק מיט אַ מאָל אַריבער צום גרויסן „געשעעניש" אין שײַכות מיט דער פּרינצעסין מאַרגאַרעטס געבוירן.

בעת די ענגלענדער האָבן זיך גענומען היצן מיט אַ כמעט־פאַמיליערן אינטערעס וועגן דאָזיקן ענין, האָט איינער פון דער געזעלשאַפט, בישט קיין „ענגלענדער", אַ שמייכל געטאָן:

— זע נאָר, האָט ער געזאָגט, זע נאָר די קעלבערנע התפעלות! מה־רעש, צי מאַרגאַרעט וועט געבוירן אַ מיידל אָדער אַ ייִנגל? וואָס קער זיך עס אָן מיט אײַך, איז די דאָזיקע פּרינצעסין אײַער בת־יחידה?

עפּעס האָבן די „ענגלענדער" געענטפערט, נאָר איידער איך האָב צײַט געהאַט צו הערן גענוי דעם תוכן פון זייער ענטפער, האָב איך באַמערקט ווי דער יונגער־מאַן מיטן בלאָנדן בערדל, וואָס איז געזעסן די גאַנצע צײַט און געפּיפּקעט זײַן ליולקע, האָט פּלוצעם אַרויסגענומען זײַן רויך־מכשיר פון צווישן די ליפּן און מיט אַן אימפּעט פון איינעם וועמען עס איז נוגע גאָר שטאַרק דער ענין אַ זאָג געטאָן:

— עס קומט זיי אַ יישר־כוח, די ענגלענדער, איך פאַרשטיי זייער אינ־טערעס! הלוואַי וואָלט אונדזערע ישׂראל־ייִדן אָנגעכאַפּט אַזאַ „קעלבערנע התפעלות!"

אַלע אויגן האָבן זיך אַ הייב געטאָן צום יונגן־מאַן.

ער האָט זיך איצט צוריק אַרײַנגעזעצט אין פאָטעל אַרײַן און אָנגע־הויבן מיט אַ טאָן פון אַ לערער צו די שילער זײַנע:

— יאָ, האָט ער געזאָגט, געפילן קען מען נאָר באַנעמען דורכן דרך פון אַסאָציאַציע, דאָס הייסט, דורך אַסאָציאַציע קען מען זיך אַרײַנלעבן אין דעם פּסיכישן צושטאַנד פון אַ צווייטן מענטשן.

— מאַלט אײַך אויס: אַז עס איז נישט קיין פּרינצעסין פון ענגלאַנד, נאָר אַ בת־מלכּה פון אַ ייִדישן מלך. מאַלט אײַך אויס, אַז ישׂראל איז נישט קיין מאָדערנע רעפּובליק, נאָר אַ „קאָנסערוואַטיווע" מאָנאַרכיע. טראַכט אײַך אַרײַן אין אַזאַ מין סיטואַציע: אויפן טראָן פון מלכות־ישׂראל קיניגט, לאָמיר זאָגן, יאָ, דוד־המלך דער צווייטער! אין מיטן נײַ ירושלים, אין מיטן הײַנטיקן מאָדערנעם ירושלים, נישט ווײַט פון קרית־האוניברסיטה, הייבט זיך אַרויס דער פּאַלאַץ פון ייִדישן מלך, דוד דער צווייטער! אָט אַזוי, ביטע, טראַכט אײַך אַרײַן אין דאָזיקן „פּאַקט", וואָס איז דערווײַל לײדער נאָר אַ פּאַקט אין מײַן פּאַנטאַזיע, לעבט אײַך אַרײַן אין לעבן וואָס רוישט אין די זאַלן פון דוד־המלך דעם צווייטן, אין יאָר נײַנצן איין און זעכציק!

דער יונגער־מאַן מיטן בערדל, אַ סאַברע פון גליל, האָט איצט פאַר־גלאָצט די אויגן, וואָס האָבן געלויכטן ווי בײַ אַ לונאַטיקער און זײַנע ווײַסע איידעלע פינגער האָט געציטערט די ליולקע.

אַ רגע האָט געדויערט די דאָזיקע סצענע און די שטילקייט וואָס האָט זי אַרומגענומען ווי מיט יראת־הכּבוד, אַ רגע בלויז, און נאָך דעם האָט עמעץ איבערגעריסן:

— וואָס וואָלט אײַך אַרויסגעקומען, ווען אין ירושלים קיניגט דוד־המלך דער צווייטער?

דער סאַברע מיטן בלאָנדן בערדל און לונאַטיש־בלויע אויגן האָט זיך ווי אַ וועק־אויף געטאָן פון חלום און פּאַמעלעך צוגעהאָפּסלט צום פרעגער פון דער דאָזיקער שאלה, אים אַ ווײַלע אַרײַנגעקוקט אין די אויגן און דערנאָך אַ זאָג געטאָן:

— וואָס הייסט, וואָס מיר וואָלט אַרויסגעקומען, ווען אין ירושלים קיניגט דוד־המלך דער צווייטער? פּשוט, איר פאַרשטייט, אַדוני חכם, פּשוט, איך וואָלט געווען בײַ אים דער ערשטער הויף־נאַר!

קיינער אין דער געזעלשאַפט האָט נישט געוווּסט צי דער בלאָנדער סאַברע האָט עס געזאָגט מיט איראָניע אָדער מיט ערנסט. אַלע אויגן זענען געהאָנגען פאַרשנדיק איבער זײַן לאַנגער דאַרער געשטאַלט.

ער איז געשטאַנען אין מיטן דער שטוב אין רויטלעכן ליכט פון אַ באָרדאָ־אַבאַזשור, און זײַן גאַנץ פּנים האָט יום־טובדיק געלויכטן:

— נישט פאַראַן קיין עקלדיקערס, האָט ער פּלוצעם אַ זאָג געטאָן,

נישט פֿאַראַן קיין ביליקערס ווי ראַציע! פֿאַרשאָלטענע זאַכלעכקייט!
דער היינטיקער מאָדערנער ראַציאָנעלער מענטש מיינט, אַז דאָס לעבן דאַרף זיין אַ גוט־פֿונקציאָנירנדיקע מאַשין, וואָס זאָל באַדינען אונדזערע סאָציאַלע באַדערפֿענישן, דערפֿאַר איז אונדזער לעבן אַזוי סטיללאָז! אוי, גאָט מיינער, פֿאַר וואָס באַנעמט איר נישט, אַז כאָטש אַ מלך איז אפֿשר נישט נייטיק דעם מדינה־אַפּאַראַט, איז ער דאָך נייטיק צוליבן הייליקן נאַציאָנאַלן סטיל! איר לאַכט פֿון סטיל? אָן סטיל איז דאָס לעבן אָן אַ טעם, אַ פּערפֿעקטע טויטע מאַשין!

ער האָט ווייטער אַ צי געטאָן דעם רויך פֿון זיין ליולקע און מיט פֿייער ממשיך געווען:

— איך שענק אייך אַוועק אַלע פֿאַבריקן פֿון קיי־גומי און אייז־קרעם פֿאַר איין גילדן פֿאַנטאָפֿעלע, וואָס וואָלט געטראָגן אין זיך דאָס פֿיסעלע פֿון אַ פּרינצעסין אין מלך דודס הויף! איך שענק אייך אַוועק אַלע דזשאַז־אָרקעסטערס פֿון קול־ישׂראל פֿאַר איין גלעקעלע אויף דער מיץ פֿון הויף־נאַר אין מלך דודס הויז! איר פֿאַרשטייט, איר ענגהאַרציקע מאָדערניסטן?

ער איז געבליבן שטיין אין מיטן צימער אין אַ פּאָזע וואָס דערמאָנט אין אַ פֿרעג־צייכן.

אַ ווײַלע האָבן אַלע געשוויגן, דערנאָך האָט זיך איינער פֿון די ענג־לישע ייִדן אָנגערופֿן:

— ביי גאָט, איך שווער אייך, דער דאָזיקער סאַברע האָט רעכט. הלוואַי וואָלטן אַלע סאַברעס געטראַכט אַזוי ווי דער דאָזיקער יונגער־מאַן, וואָלט ישׂראל פֿאַרמאָגט מער סטיל און אייגנאַרט!

# דאָס ווינער ברודער־און־שוועסטער־פּאָרל

זיי שטייען אומבאַהאָלפן אין מיטן מײַן צימער — ער אַ יונגער בלוי־אויגיק־בלאָנדהאָריקער בחור און זי ווי אַ צווילינג־שוועסטער זײַנע, נאָר די אויגן אירע זענען נאָך העל־בלויער און פאַרהילט מיט אַ זײַדענעם שלייער פון מיידלשער פאַרחלומטקייט.

דער ערשטער נעמט ער דאָס וואָרט:

— אַ גרוס געבראַכט צום הער פון אײַער פרײַנד פּראָפעסאָר שפּער־בער.

בעת דער בחור גיט מיר איבער דעם גרוס, נעמט דאָס מיידל אַרויס אַ בריוו פון טאַש און דערלאַנגט מיר.

שוין מער ווי צוואַנציק יאָר, אַז איך האָב די דאָזיקע שריפט נישט געזען און דאָך דערקען איך זי, די קליינע נערוועז־צעציטערטע אותיעלעך וואָס זענען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר מײַן פרײַנד. מיט צוויי און צוואַנ־ציק יאָר צוריק האָט איך אים געזען צום לעצטן מאָל, מײַן חבר חיים שפּערבער, דעמאָלט האָט ער נאָר וואָס געהאַט געענדיקט דעם פילאָסאָפישן פאַקולטעט אין וואַרשע, אָבער דעמאָלט שוין האָבן חברים גערופן אים „דער צעשטרײַטער פּראָפעסאָר".

— ביטע, זיצט, פאַרבעט איך דאָס פּאָרל.

— אַ דאַנק, ענטפערט דער בחור, אפשר שטערן מיר?

ערשט איצט באַמערק איך, אַז דאָס עברית וואָס דער בחור רעדט צו מיר איז ווי פון אַ גר, און עס קומט אים אָן שווער צו פאַרמירן אַ לײַטישן זאַץ אין דער דאָזיקער שפּראַך.

— איר רעדט ענגליש?

— אויך מײַן ענגליש איז נישט פולקום, פונקט ווי מײַן העברעיִש, ענטפערט דער בחור אַ ביסל פאַרלוירן, איך רעד... דײַטש רעד איך...

— דײַטש ?

איצט לאָזט דאָס מײדל אַראָפּ די אויגן :

— מיר זענען װינער, זאָגט זי, און פּראָפעסאָר שפּערבער איז אונד־זער לערער אויף דעם פאַקולטעט פון סעמיטישע שפּראַכן און ליטעראַטור.

מיך האָט דער ענין, װאָס װינער דײַטשן האָבן אינטערעס גראָד פאַר סעמיטישע קולטורן, אַזוי אינטריגירט, אַז איך האָב זיך אַפילו נישט פאַרהאַלטן בײַם אויספרעגן דעטאַלן װעגן מײַן יונגט־פרײַנד חיים שפּער־בער, נאָר גלײַך צוגעגאַנגען צום ענין :

— דערלויבט אַ פראַגע, האָב איך זיך געװאָנדן צום יונגן פּאָרל, װאָס האָט עס אַרויסגערופן בײַ אײַך דעם אינטערעס גראָד צו סעמיטישע קולטורן ?

בײדע האָבן זיך אַ װײַלע פאַרטראַכט און דערנאָך האָט זיך אָנגערופן דאָס מײדל :

— ס'איז נישט קײן אינטערעס, מײַן הער, ס'איז עפּעס פיל מער, ס'איז געװוען אַ זעליש באַדערפעניש זיך צו דערגרונטעװען אין דער אַלט־העברעיִשער קולטור און אַזוי אַרום זיך דערשלאָגן צו די גײַסטיקע קװאַלן פון יידן־פאָלק, ס'איז בלויז געװוען דער אָנהײב אויסצוגלײַכן אַן עטישן חשבון...

בעת איך האָב זי דערשטוינט אָנגעקוקט, האָט זי טרויעריק אַ שמײכל געטאָן :

— גלײבט נישט, מײַן הער, אַז ס'איז לײַכט צו זײַן אַ דײַטש נאָך דער היטלער־תּקופה. ס'איז אומגעהויער שװער דער װעג פון אַ דײַטשער זעל (אויב ער פאַרמאָגט אַזוינע) זיך צו דערשלאָגן צו געװיסנס־שלום !

איך האָב זי נאָך אַ מאָל פאַרשנדיק אָנגעקוקט און געזאָגט :

— צי טראַכטן די יונגע דײַטשן מיט זעל און געװיסן, אַז דורך לער־נען די אַלט־העברעיִשע קולטור, װעלן זײ אויסגלײַכן דעם חשבון ?

— איך פאַרשטײ אײַער איראָניע, מײַן הער, האָט זי אַראָפּגעלאָזט די אויגן, אָבער אין אונדזער פאַל, בײַ מיר און בײַ מײַן ברודער האַנדלט זיך עס נישט „אין לערנען די אַלט־העברעיִשע קולטור", ס'איז נאָר אַן אָנהײב...

— אַן אָנהײב ? צו װאָס ?

אַצינד האָט דער ברודער געענטפערט פאַר איר:

— אַן אָנהייב צום אַריבערגיין צום יידנטום...

— וואָס הייסט יידנטום? איר מיינט צו דער יידישער רעליגיע?

איצט האָבן בײדע מיט אַ מאָל געענטפערט:

— יאָ, צו דער יידישער רעליגיע!

— דערלויבט, האָב איך געזאָגט, ס'איז מיר נאָך נישט אין גאַנצן קלאָר, איך מיין, וואָס פירט אײַך צום דאָזיקן באַשלוס? האָט איר אויסגעפונען די העכער־ווערטיקייט פון דער יידישער רעליגיע לגבי דער קריסטלעכער?

— ניין, האָט דער בחור זיך אויפגעהויבן פון שטול און גענומען גער־וועז אַרומשפּרײַזן איבערן צימער — ניין, עס האַנדלט זיך דאָ נישט אין אַ טעאָלאָגיש־רעליגיעזן וועלט־באַנעם, עס גייט דאָ נישט אין „געטער־וואָל", נאָר אין מענטשן־וואָל, נישט דער יידישער גאָט, נאָר דאָס יידישע פאָלק... אָדער נאָך קלאָרער גערעדט: נישט אַפילו אין יידישן פאָלק, נאָר אין אונדזער זעלישן שלום...

— אויב איר דערלויבט, האָב איך געזאָגט, בעט איך מער קלאָרקייט.

איצט האָט ווידער די שוועסטער געענטפערט פאַרן ברודער:

— מיר האָבן, נאָך אומענדלעכע ראַנגלענישן מיט זיך אַליין, זיך דער־שלאָגן צו דער איבערצײַגונג, אַז נאָר אויף איין אופן קען אַ יונגער דײַטש, נאָך דער היטלער־תּקופה, אויסגלײַכן זײַן זעלישן חשבון פון „דײַטש־און־ייד", און דער חשבון איז קלאָר און לאַקאָניש: אַריבערגיין פון מערדער־פאָלק צום פאָלק פון געמאָרדעטע, און זיך אַרײַנגיסן און ווערן אײנס מיטן יידן־פאָלק סײַ גײַסטיק און סײַ דורך בלוט און פלייש ביזן סוף פון אַלע דורות.

— ס'איז אַ מין נײַע מיסטיק? האָב איך אַ שטאָמל געטאָן.

— אויב איר ווילט, רופט עס „מיסטיק", מײַן הער, רופט עס ווי איר ווילט. בײַ אונדז איז עס מער ווי אָט די אַלע נעמען, ס'איז אונדזער קאַ־טעגאָרישער אימפּעראַטיוו!

אַ לאַנגע ווײַלע נאָך אירע רייד איז געבליבן שטיין אַ ציטערדיקע שטילקייט אין חלל. אַז זי האָט שוין לאַנג אָנגעהאַלטן, די דאָזיקע שטיל־קייט, האָב איך זיך אָנגערופן:

— דערלויבט, מײַנע יונגע־לײַט, מיט וואָס קען איך אײַך באַהילפיק זײַן אין אײַער נײַעם וועג?

— פּראָפעסאָר שפּערבער שרײַבט וועגן דאָזיקן ענין אין זײַן בריוו צו אײַך, אַז איר וועט זײַן אַזוי גוט און אַדורכליייענען.

איך האָב אויף גיך אַדורכגעלייענט מײַן פרײַנדס בריוו און זיך געװאָנדן צו די יונגע מענטשן:

— גוט, מיטן גרעסטן פאַרגעניגן, איך וועל אײַך פירן אומעטום וווהין פּראָפעסאָר שפּערבער ווײַזט מיר אָן: מיר הייבן אָן מיט די קלויזן פון די חסידישע רביים, דערנאָך וועלן מיר אַ שפּרונג טאָן דורך די קיבוצים, שפּע־טער זיך אַרײַנכאַפּן אין כּפר חב״ד, דערנאָך אין די ישיבות פון ירושלים. מיר וועלן אײַך ווײַזן דאָס ייִדן־פאָלק און דאָס ייִדן־לאַנד, און מיר האָפן, איר וועט זיך נישט אַנטוישן.

איצט האָט ווידער דאָס מיידל אַראָפּגעלאָזט די אויגן:

— ס'איז נישט קיין אוניווערסאַל־מאַגאַזין, ווו מען קומט אויסקלײַבן פאַסיקע סחורות. ייִדן־פאָלק און ייִדן־לאַנד איז אונדזער גורל, און גורל ווי אַזוי ער זאָל נישט אויספאַלן, דאַרף מען אים טראָגן מיט ווערדע און ליבשאַפט! און אַזוי וועלן מיר עס טאָן!

און דער ברודער האָט איבערגעזאָגט דער שוועסטערס רייד:

— און אַזוי וועלן מיר עס טאָן!

# אייניקלעך

דער ייִחוס פֿון זייערע שטרײַמלעך ציט זיך פֿון דור־דורות. טאַטעס האָבן זיי באַקרוינט די דאָזיקע שטרײַמלעך, זיידעס און עלטער־זיידעס. איצט זענען זיי אַלט און אָפּגעבליאַקעוועט, די שטרײַמלעך־יורדים. אויך די ראַדזעוועלקעס וואָס עס טראָגן די „אייניקלעך", האָבן געוואָגלט פֿון דור צו דור. אַ מאָל האָט זייער צאַרטער זײַד און אַטלאַס געשטראַלט אין ליכט פֿון בליץ־לאָמפּן אין די גרויסע רבישע הייף. „ער זאָל לעבן" פֿלעגט דורכשוועבן אין אַזאַ מין יום־טובדיקער ראַדזעוועלקע צווישן מחנות חסידים, וואָס האָבן מיט ייִראת־הכּבֿוד געשטרעקט די הענט, „ער" זאָל זיי דער־לאַנגען שלום.

הײַנט הענגען זיי קבצניש, די ראַדזעוועלקעס, אָפּגעטראָגענע הענגען זיי אויף די קליינע אײַנגעשרומפּענע גופֿימלעך פֿון די „אייניקלעך", וואָס כאַפּן זיך פֿאַרשעמט אַרײַן אין אַ געוועלב צו נעמען דאָס „וואָכן־געלט", וואָס דער געוועלבניק דערלאַנגט זיי ווי אַ נדבה.

פֿאַמעלעך צווישן טאָג און נאַכט שלײַכן זיי זיך, די באַספּאָדיקטע קעפּ אַראָפּגעלאָזט, און מורמלען, אין זיך קרעכצנדיק, פּסוקים.

רופֿן רופֿט מען אים: „טאָדרעסל דאָס אייניקל". קליין און דאַר און אײַנגעשרומפּן איז ער, און זײַן פּיצל פּנימל גלאַנצט אַרויס פֿון דער ווײַסער צעוואָקסענער באָרד ווי אַ זייגקינד פֿון אַ ריזיקן איבערבעט...

„טאָדרעסל דאָס אייניקל"... וועמענס אייניקל ער איז, איז שווער צו זאָגן, וואָרעם בעת ער נעמט אויסרעכענען די קייט פֿון זײַנע הייליקע זיידעס, שיטן זיך די רייד פֿון זײַנע לעפּצן מיט אַזאַ געשווינדקייט, אַז ס'איז שווער צו כאַפּן כאָטשבע אָן איין־און־איינציקן טראַף.

וווינען וווינט טאָדרעסל, דאָס אייניקל, אין ירושלים, אין מאה שערים. אין אַ קליין דומפּיק אַלקערל הויזט ר' טאָדרעסל, און פֿול איז דאָס פּיצי־

ניונקעלע חדרל מיט אַלערליי קידוש־בעכערלעך, הדסלעך, לײַכטערלעך, ליולקע־ציביקלעך, חנוכּה־לעמפּעלעך, פּסח־קערות, שופרות, בשׂמים־ביק־סעלעך, אתרוג־פּושקעלעך, מים־אחרונים קעלישיקלעך... און איטלעכע כּלי האָט זיך איר יִחוס, דור־דורותדיקן יִחוס...

— טי, טי, שעפּטשעט טאָדרעסל דאָס אייניקל, טי, טי, אַ ווערטעלע! עץ זעט אָט דעם קופּערנעם האַנטפּאַס, אַ ווערטעלע! דער זיידע ז״ל, דער לייבן־קאָפּ, פלעג מיטן דאָזיקן האַנטפּאַס אָפּגיסן זיך נעגל־וואַסער... אין יענע לײַכטערלעך האָט די באָבע רחלע, די פּיטשינזנער רביצין געבענטשט ליכט... טי, טי, אַ ווערטעלע! איר זעט דאָס הדסל? דער עלטער־זיידע, דער הייליקער פײַערזײַל, פלעגט שמעקן פון דעם בשׂמים יעדן שבת צו נאַכטס.. טי, טי, אַ ווערטעלע!

מיט פלינקע טריטעלעך האָפּסלט טאָדרעסל דאָס אייניקל, אַ קליין ווײַס טיכעלע ליכטיקט אין זײַן מאָגער הענטעלע, צווישן די הייליקע כּלים האָפּסלט ער און ווישט אָפּ דעם שטויב פון די הייליקע חפצים. אין פענצטער שטייט אַ פולע לבנה מיטן פּנים פון יהושוע בן נון און גלאַנצט און האָט הנאה פון די הייליקייטן אין טאָדרעסלס אַלקערל.

אַליין הויזט ער דאָ, ר׳ טאָדרעסל. זײַן ווײַב, זאָל זיך מיִען, איז שוין לאַנג אויפן עולם־האמת. אויך זײַן זון און די טאָכטער האָט טאָדרעסל אָפּגעגעבן דער ערד. דער בית־עולם אויף סנהדריה, קען מען זאָגן, אין זײַן אייגנס. אַלע קרובים ר׳ טאָדרעסלס רוען שוין דאָרט. אויך ער אַליין, ר׳ טאָדרעסל, האָט זיך שוין דאָרט זײַן קרקע און אַז די צײַט וועט קומען... נאָר דערווײַל שלעפּן זיך נאָך די אַלטע פיס. מילא... די וועלט איז טאַקע גאָרנישט שבגאָרנישט, נאָר ביז דער אייבערשטער לאָזט די נשמה אין מענטשנס גוף, דאַרף ער, דער בן־אָדם, אָפּגעבן דעם פלייש און בלוט דאָס זײַניקע.

פּאַמעלעך וואַשט זיך ר׳ טאָדרעסל די פּיצלעך אײַנגעשרומפּענע פינ־גערלעך און מאַכט „המוציא״ אויף אַ פּאָר סוכאַרקעס, טונקט זיי אײַן אין זאַלץ און נעמט גריזשען מיט די צוויי לעצטע ציין אין זײַן מויל.

די דאָזיקע עבודה קומט אָן שווער דעם זקן, מאַכט ער צו די אייגעלעך, און זײַנע פּיצלעך פינגערלעך נעמען פּויקן אין טיש מיטן אַלטן בשׂמים־פּושקעלע. מיטן זעלבן פּושקעלע פלעגט צוריק מיט הונדערט יאָר זײַן

זיידע, דער הייליקער לייבן־קאָפּ, אויך קלאַפּן אַזוי בעת דער מלווה־מלכּה. רונד אַרום זענען חסידים געזעסן איבערן הייסן שבת־צו־נאַכטיקן באָרשט און זיך איינגעהערט ווי דער לייבן־קאָפּ דערציילט מעשׂיות פון בעל־שם־טוב.

— טי, טי, ברומט טאָדרעסל דאָס אייניקל צו זיך אַליין, טי, טי, אַ ווערטעלע! טי, טי... און אַזוי ברומענדיק פאַרוואַרפט ער דאָס פּיצעלע קעפּעלע, וואָס ליגט ווי אַ זייגקינד צווישן ריזיקן איבערבעט פון זיין ווייס־צעוואַקסענער באָרד. זיינע אייגעלעך פאַרמאַכן זיך ווי ביי אַ קינד, וואָס האָט זיך אָנגעטרונקען צו זעט מיט דער מוטער־מילך... און ער דרימלט איין, ר׳ טאָדרעסל.

ער דרימלט מיט צעשמאָכעטע אויגן און, אַרום אים, די הייליקע חפצים נעמען זיך רירן ווי לעבעדיקע באַשעפענישן. איינציקווייז האָפּסלען זיי פאַרביי דעם דרימלענדיקן טאָדרעסלען, און יעדער חפץ באַזונדער שעפּטשעט אים אין די האָריקע אויערן אַריין די ווונדערלעכע מעשׂה פון זיין ייִחוס. און אין פענצטער שטייט די פולע לבנה מיטן הייליקן פּנים פון יהושע בן נון און טייעט אָן פון גרויס נחת. און עס דאַכט זיך, זי ציטערט מיט די ליפּן, די לבנה, און שעפּטשעט פאַרכטיק:

— איי, איי, קיין ביז אויג נישט, וואָס־וואָס, נאָר ייִחוס פאַרמאָגט ער, ב״ה, ר׳ טאָדרעסל! איי, איי, און נאָך וואָסער ייִחוס!

# דער „שטיינערנער" פּראָפעסאָר

געווען איז ער אַ לערער אין אַ גימנאַזיע, דאַכט זיך פון לאַטיין און גריכיש. ווען ער האָט זיך אַריַינגעצויגן אין הויז, ווו מיר האָבן געוווינט, איז ער שוין געווען אַ בחור אַריבער די פופציק. אַלץ אין אים איז געווען האַרט, ביינערדיק און שפּיציק. אַפילו דער קוק אין זיַינע שטאָל־גרויע אויגן האָט פאַרמאָגט אין זיך עפּעס פון האַרטן גראַניט. בעת ער פלעגט אַדורכגיין די גאַס, האָט עס אויסגעזען, אַז נישט אַ לעבעדיקער מענטש שפּאַנט, נאָר אַ שטיין־בלאָק איז מעכאַניש אַריַינגעבראַכט געוואָרן אין דער עבודה פון גיין.

בייַם אָנהייב פון דער מלחמה, ווען מען פלעגט באָמבאַרדירן אונדזער שטאָט, איז מיר אויסגעקומען אַ סך מאָל זיך צו באַהאַלטן מיט אים אין זעלביקן קעלער. ער פלעגט זיצן אין אַ ווינקל אַראָפּגעלאָזט דעם פלי־כעוואַטן קאָפּ, ווי אַ מירמעלנער געטש אין אַן אַלטן טעמפּל.

אַפילו בייַ די גרויליקסטע באָמבאַרדירונגען האָט ער נישט קיין ציטער געטאָן מיט קיין וויִע.

האָבן אים די שכנים אַ צונאָמען געגעבן: „דער פּראָפעסאָר מיט די שטיינערנע געדערעם".

בעת די דייַטשן זענען אַריַין צו אונדז אין שטאָט און מ'האָט אַלע יידישע מענער אַרויסגעשלעפּט אויף צו רייניקן די גאַסן, האָב איך אים, דעם פּראָפעסאָר מיט די שטיינערנע געדערעם, דערזען צווישן אַלעמען. ער האָט געפירט אַ טאַטשקע מיט מיסט. נאָר אויך איצט האָט זיך זיַין גאַנג נישט געביטן. אויסגעזען האָט ער ווי אַ דענקמאָל אויסגעהאַקט פון גראַניט.

אונדזערער אַ צווייטער שכן, אַ ייִד מיט באָרד און פּיאות, וואָס האָט אויך געפירט אַ טאַטשקע מיט אָפּפאַל, האָט פּלוצעם אַ זאָג געטאָן:

— מען דאַרף זיך נישט מיאש זײַן, ייִדן, איר וועט נאָך זען, מיר וועלן דערלעבן, מיט גאָטס הילף, היטלערס מפּלה... און דעמאָלט...

דער ייִד מיט דער באָרד האָט נישט באַוויזן צו פאַרענדיקן זײַן זאַג, וואָרעם דער פּראָפעסאָר איז אים אַרײַנגעפאַלן אין די רייד:

— נאָך דער מלחמה וועל איך... דאָס ערשטע וואָס איך וועל טאָן, יאָ, איך וועל זיך שמדן!

ער האָט אַרויסגעזאָגט די דאָזיקע רייד און איז ווידער פאַרשטיינערט געוואָרן, און ס'איז געווען שווער צו גלייבן, אַז אָט דער פעלדזיקער געטש האָט ערשט פאַר אַ רגע גערעדט... און געווען זענען עס טאַקע די אייג־ציקע רייד, וואָס איך האָב ווען עס איז געהערט פונעם „פּראָפעסאָר מיט די שטיינערנע געדערעם״.

נאָך די דאָזיקע רייד איז דער פּראָפעסאָר מיט דער מיסט־טאַטשקע פאַרשוווּנדן, און קיינער האָט מער נישט געהערט ווו זײַן געביין איז אַהינ־געקומען.

געווען איז עס אין בוקאַרעשט אין יאָר נײַנצן פינף און פערציק. איך בין געזעסן אין אַ גאָרטן און געגאַפּט אויף די ווײַסע שוואַנען, וואָס זע־נען געשווומען אין דער בלויער אָזערע. מיט אַ מאָל האָט אין בלויען דע־מער דורכגעפלאַטערט אַ שאָטן. איך האָב אַ הייב געטאָן די אויגן און אים דערקענט:

יאָ, געווען איז עס „דער פּראָפעסאָר מיט די שטיינערנע געדערעם״.

איך האָב קיין ווײַל נישט געטראַכט, זיך אַ הייב געטאָן פון דער באַנק און מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט זיך אַ לאָז געטאָן אַנטקעגן אים:

— איך באַגריס אײַך, הער פּראָפעסאָר, האָב איך געזאָגט, צי דער־קענט מיך נישט דער הער פּראָפעסאָר? מיר זענען דאָך געווען יאָרן לאַנג שכנים אין טשערנאָוויץ.

ער האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף יאָ. און ווידער האָט אויס־געזען אויסטערליש, וואָס דער דאָזיקער שטיינערנער געטש פאַרמאָגט גאָר מענטשישע באַוועגונגען.

איך האָב באַשלאָסן אים נישט „אַרויסצולאָזן פון די הענט״ און איך האָב אַ זאָג געטאָן אַרויסרופנדיק:

— יאָ, הער פּראָפעסאָר, מיר האָבן דערלעבט, דערלעבט היטלערס מפּלה.

— הם... הם, האָט ער געזאָגט, יאָ, און איך... איך האָב וואָרט גע־האַלטן, איך האָב זיך אָפּגעשמדט.

— אַנטשולדיקט, האָב איך אַ שטאַמל געטאָן, ס'איז מיר נישט אין גאַנצן קלאָר, הער פּראָפעסאָר... מיט פיר יאָר צוריק, אין טשערנאָוויץ, בעת איר האָט געפירט די טאַטשקע מיסט און אַרויסגעזאָגט דעם געדאַנק וועגן שמד, האָב איך עס אויסגעטייַטשט ווי אַן אויסבראָך פון פאַרצווייפ־לונג... אָבער איצט, נאָך דער מלחמה, נאָכן זיג!!!

דער „שטיינערנער" פּראָפעסאָר האָט זיך פּלוצעם צעלאַכט ווי אַ לעבע־דיקער מענטש:

— וואָסער זיג? ווער האָט געזיגט? מיר האָבן פאַרלוירן דעם שענסטן און באַדייַטנדיקסטן טייל פון אונדזער פאָלק, און איר, איר רעדט פון זיג! כאַ, כאַ, מיר האָבן פאַרשפּילט! פאַרשפּילט, יונגער־מאַן!

— קען זייַן, הער פּראָפעסאָר, אַז איר האָט אין אַ געוויסער מאָס רעכט, מיר האָבן פאַרשפּילט, גאָר אַ סך פאַרשפּילט... אָבער... אָבער וואָס פאַר אַ שייַכות האָט עס מיט... מיט שמד...

איצט האָט ער מיך דורכגעשטאָכן מיט זייַנע אויגן, וועלכע האָבן געגלומען ברענען מיט אַ ווילד פייַערל:

— פּשוט, יונגער־מאַן, שמד איז מייַן איינציקער כּלי־זיין מיט וועלכן איך קען נקמה נעמען אין ייִדישן גאָט... וואָס מיינט איר, יונגער־מאַן, דער ייִדישער גאָט האָט געמעגט טאָן אַלץ וואָס ער האָט געטאָן מיט אונדז? ס'איז לית דין ולית דיין? איר פאַרשטייט? רופן דעם ייִדישן גאָט צו אַ מישפּט קען איך נישט, מחמת געטער האָבן אַ טבע אַז זיי קומען נישט צו דעם מישפּט... אָבער אַ וואָרף טאָן אים דעם גט פאַר די פיס, קען איך יאָ... אָפּגעשמדט זיך, און אַן עק איז צווישן אונדז... זאָל ער נישט מיי־נען, דער ייִדישער גאָט, אַז ייִדיש בלוט איז הפקר...

מיט יאָרן שפּעטער האָב איך זיך דורך אַ צופאַל דערוווּסט, אַז „דער פּראָפעסאָר מיט די שטיינערנע געדערעם" איז געשטאָרבן אין בייַנצן פינף און פופציק, אין אַ ירושלימער מושב־זקנים.

די לעצטע יאָרן איז ער געוואָרן אַ חוזר בתשובה, זיך געלאָזט וואַקסן באָרד און פּיאות, און אויפן טויטנבעט האָט ער געזאָגט צום די־רעקטאָר פון מושב־זקנים, אַזוי צו זאָגן:

— יאָ, יאָרן לאַנג האָב איך זיך געאַמפּערט מיטן יידישן גאָט, געהאַט צו אים גאָר גרויסע טענות... אָבער צום סוף איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז מיר האָבן קיין ברירה נישט, מיר מוזן זיך איבערבעטן, מיר קענען נישט לעבן איינער אָן דעם אַנדערן, נישט די יידן אָן גאָט, און נישט גאָט אָן די יידן.

דער דירעקטאָר פון מושב־זקנים, וועלכער האָט מיר איבערגעגעבן די רייד פון פּראָפעסאָר, האָט אַ שמייכל געטאָן און פאַרענדיקט:

— געווען אַ טשיקאַווער מענטש, דער דאָזיקער פּראָפעסאָר. פון ערשטן קוק האָט זיך געקענט דאַכטן — דער דאָזיקער מענטש איז אויסגעהאַקט פון שטיין, אָבער אַז איר האָט אים נענטער דערקענט, האָט איר דערזען: אונטער דער שטיין־הויט זײַנער ברענט אַ פײַער, אַ ווילד־מעכטיק יידיש פײַער!

# גרשון יאַמפּאָלסקי

איך בין געזעסן אויפֿן גאַניק בײַ מײַן פֿרײַנד ל. אין מושב. מיר האָבן געטרונקען טיי און געשמועסט. פּלוצעם האָט דער בעל־הבית זיך אַ בייג געטאָן צו מיר און געזאָגט:

— איר זעט דאָרט דעם ייִד, וואָס טרײַבט זײַן טשערעדע? קוקט אײַך גוט צו צו אים.

איך האָב אויפֿגעהויבן די אויגן צום בילד: אַ ייִד, אין די מיטעלע יאָרן מיט אַ גרויסער טונקעלער באָרד און פּיאות, איז געריטן אויף אַן אייזל הינטער אַ טשערעדע ציגן און קי, און זײַן רחבותדיקער טלית־קטן האָט געפּלאַטערט אין אָוונטווינט.

— איר ווייסט ווער דער דאָזיקער ייִד איז? האָט מײַן גאַסטגעבער אַ שמייכל געטאָן, ס׳איז דאָך גרשון יאַמפּאָלסקי... איר האָט געהערט מסתּם דעם דאָזיקן נאָמען?

— גרשון יאַמפּאָלסקי? האָב איך געפּרוווט זיך דערמאָנען, גרשון יאַמפּאָלסקי?... ס׳איז דאָך פֿאַראַן אַזאַ נאָמען אין דער ייִדישער ליטעראַטור, אַ נאָמען פֿון אַ טאַלאַנטירטן דיכטער...

— דאָס איז ער טאַקע, ער אַליין בכבודו ובעצמו, האָט מײַן פֿרײַנד זיך דערפֿרייט, דער זעלבער גרשון יאַמפּאָלסקי, וואָס האָט געשריבן אַ מאָל לידער און פּאָעמעס.

— יאָ, האָב איך געזאָגט, שוין לאַנג נישט באַגעגנט קיין געדרוקט וואָרט פֿון אים. ער שרײַבט נישט מער?

— ניין, ער שרײַבט נישט מער, ער קוקט מיט ביטול אויפֿן גאַנצן ענין שרײַבן. עס איז אַ ברכה לבטלה איבער פּאַפּירענע פּירות, זאָגט ער, פּאַפּירענע פּירות אויף פּאַפּירענע ביימער אין אַ פּאַפּירענער וועלט... כּי, כּי, אַזוי זאָגט ער, דער דאָזיקער גרשון יאַמפּאָלסקי...

— איז ער געוואָרן אַ פרומער ייִד?

— ניין, נישט געוואָרן, ער וואָלט געוואָלט ווערן, נאָר עס סטייַעט נישט קיין אמונה... אַזוי זאָגט ער.

— זייַן אויסזען און לבוש איז דאָך יאָ פון אַ גלייביקן ייִד...

— יאָ, ער האָט ליב גלייביקע, אָדער בעסער געזאָגט: ער איז מקנא די גלייביקע, וויל ער כאָטש טראָגן זייער לבוש... יאָ, אַזוי זאָגט ער, דער דאָזיקער גרשון יאַמפּאָלסקי. און ער פירט זיך ווי אַ גלייביקער, כאָטש ער גלייבט נישט... אפשר וועט זיך גאָט דערבאַרעמען און שענקען זייַן האַרצן גנאָד פון אמונה... אַזוי זאָגט ער.

— וואָלט מען אפשר געקענט כאַפּן אַ שמועס מיט אים? איר זענט דאָך שכנים, קען מען אַרייַן מיט אַן אויסרייד צו אים...

— מען דאַרף נישט קיין אויסרייד, האָט זיך מייַן פרייַנד צעלאַכט, מען קלאַפּט אָן אין טיר בייַ אים און מען שפּאַנט אַרייַן און מען ווערט היימיש.

אַ פערטל שעה שפּעטער זענען מיר שוין געזעסן אין גאָרטן בייַ אים, אַ גאָרטן פול מיט אַלערלייביימער, וואָס בייגן זיך אונטער דער לאַסט פון צייַטיקע פּירות. אַרום און אַרום שטאָלן מיט מעקענדיקע פּי.

ווען מייַן פרייַנד האָט אָנגערופן מייַן נאָמען, האָט גרשון יאַמפּאָלסקי אַ שמייכל געטאָן:

— אַהאַ, הייסט עס, מיר זענען דאָך שטיקלעך פּאַכקאָלעגן, דאָס הייסט, איך בין אויך אַ מאָל געווען אַ שרייַבער.

— יאָ, האָב איך געזאָגט, איך קען אייַערע לידער, אמתע לידער... איר שרייַבט נישט מער?

ער האָט צעעפנט אַ פּאָר קלוגע טרויעריקע אויגן און שטיל געזאָגט:

— שרייַבן? שרייַבן מיינט דאָך עפּעס זאָגן... זאָגן ז י ך, און דער וועלט. און איך... איך האָב נישט וואָס צו זאָגן...

— זאָגן, אַז מען האָט נישט וואָס צו זאָגן איז דאָך אויך געזאָגט, האָב איך געפּרוווט אים אַרייַנציִען אין אַ שמועס, דאָס הייסט, דער טרויער פון נישט־גלייביקן איז דאָך אויך אַ גייַסטיקער יש...

— „יש", האָט ער אַ קרעכץ געטאָן, „יש" איז נאָר דאָס, וואָס פירט צו עפּעס... איך גלייב נישט אין קונסט צוליב קונסט...

— אויב אונדזער לעבן איז אַ לעבן צוליב לעבן, מעג דאָך אויך קונסט זיין לשם קונסט...

ער האָט זיך טרויעריק צעשמייכלט:

— ווער זשע זאָגט דען, אַז לעבן לשם לעבן האָט אַ זינען? אַ לעבן אָן אַ ציל, איך מיין אָן אַ מעטאַפיזישן ציל, האָט קיין זינען נישט, איז קיין לעבן נישט, נאָר אַ מין לונאַ־פּאַרק: די פערדלעך, וואָס דרייען זיך, זענען קיין פערדלעך נישט, די באַנען — קיין באַנען נישט; אַ לונאַ־פּאַרק: מען דרייט זיך פון ערגעץ קיין ערגעץ, אַ משוגענער קרייז...

— איז דען די טראַגישקייט פון אַזאַ מענטשן וואָס דרייט זיך אין לונאַ־פּאַרק און זיין האַרץ ווערט צעריסן פון ווייו, ווייל „ס׳איז נישט מער ווי אַ לונאַ־פּאַרק", איז דען די דאָזיקע טראַגישקייט נישט פול מיט מעטאַפיזישן רמז? האָב איך געפרעגט.

— איך דאַרף נישט קיין רמזים, האָט ער אַ דונער געטאָן, איך דאַרף נישט קיין רמזים, גאַנצקייט וויל איך... רמזים זענען גענוג געווען פאַר די מיסטיקער פון ניינצנטן יאָרהונדערט, אין יאָרהונדערט פון גלייבן אין הומאַניזם... היינט ווען מיר זעען שוין ווער עס איז אַזוינס דער מענטש, איך בעט איבער אייער כּבוד, היינט גענוגן נישט מער קיין רמזים, היינט דאַרפן מיר אַ גאָט, אַ גאַנצן לעבעדיקן גאָט, אַזוינעם, ווי עס פאַרמאָגן די פּראָסט־פּשוטע פרומע יידן... יאָ, אַ מאָל האָבן מיר געלאַכט פון זייער גאָט, וואָס האָט „הענט און פיס". היינט וואָלט איך גרייט געווען צו קושן די דאָזיקע הענט, ווען גאָט וואָלט זיי מיר נאָר דערלאַנגט...

— יאָ, האָב איך געזאָגט, יאָ, אַלע בענקען מיר היינט נאָך גאָט.

ער האָט ביטולדיק אַ לאַך געטאָן:

— ס׳איז שוין אַפילו באַנאַל צו רעדן וועגן דעם... הונדערטער געזעל־שאַפטן נעמען זיך צונויף, מאַכן קאָנפערענצן... אַ מאָל האָט מען פּראָקלאַ־מירט אַן ערשטן, צווייטן און דריטן אינטערנאַציאָנאַל, היינט וואָלט מען געוואָלט פּראָקלאַמירן אַ גאָט אין הימל...

איך האָב אַרויפגעלייגט מיין האַנט אויף זיין אַקסל:

— איר לאַכט פון זיי... און וואָס איז אייער עצה?...

— איך האָב נישט קיין עצות, האָט ער בייז אַ ברום געטאָן, איך פאַר־מאָג נאָר אַ ביסל טרויער, דערלאַנג איך עס צום טיש, טרויער מיט מאַנדל־בייגעלעך, וועלטשמערץ מיט פרישע פלוימען פון אייגענעם גאָרטן...

איך האָב גענומען אַ פלוים און געזאָגט:

— איז גוט כאָטש, וואָס מיר פאַרמאָגן אייגענע פירות פון אייגענע גערטנער.

ער האָט אָוועקגערוקט דאָס טעלערל מיט פלוימען:

— אָבער קיין אייגענעם דרך האָבן מיר נישט. אויב מיר האָבן נישט קיין אייגענע ברכה איבער די פירות, זענען די פירות במילא נישט קיין אייגענע...

ער האָט עס געזאָגט און זיינע אויגן האָבן זיך אָנגעגאָסן מיט צער.

איבערן גאָרטן האָט זיך צעשטערנט דער הימל. מיר זענען אַלע דריי געזעסן און געשוויגן.

## בושה

די דאָזיקע פּאַסירונג האָט מיר דערציילט מײַן שכן, אַ דירעקטאָר פון אַ גרויסער בוי־געזעלשאַפט:

— מיט דרײַסיק יאָר צוריק האָב איך געשריבן שירים. לאַכט נישט, יאָ, איך האָב געחלומט אַ מאָל צו ווערן אַ פּאָעט. הײַנט, ווי איר זעט, איז מײַן לעבנס־לויף אַוועק אויף אַנדערע רעלסן. דער בן־אָדם איז נישט קיין לאָקאָמאָטיוו, ער קען זיך אויסקלײַבן אַליין זײַן וועג, און אפשר קלײַבט ער נישט אַליין, פאַראַן אַ לאָקאָמאָטיוו־פירער, כאָטש מיר זעען אים נישט. נאָר נישט וועגן זיך וויל איך אײַך דערציילן, נאָר וועגן מײַן חבר פון יענע יוגנט־יאָרן אין וואַרשע.

מײַן חבר האָט געשריבן לידער פונקט ווי איך, נאָר ווײַזט אויס, ער האָט ווייניקער מזל געהאַט — ער איז געוואָרן אַ פּאָעט, אַן אמתער פּאָעט.

אין נײַנצן דרײַ און דרײַסיק האָב איך פאַרלאָזט וואַרשע און עולה געווען קיין ארץ־ישׂראל, און מײַן קאָנטאַקט מיטן חבר־פּאָעט האָט זיך איבערגעריסן. ערשט נאָך דער מלחמה, אין יאָר נײַנצן נײַן און פערציק האָב איך זיך דערוווּסט, דורך אַ צײַטונגס־נאָטיץ, אַז מײַן חבר, דער ייִדי־שער פּאָעט, איז עולה געווען קיין ישׂראל.

ס׳האָט מיך אַ נאָג געטאָן בײַם האַרצן, בין איך אַוועק אין „כּסית״, ווו עס טרעפן זיך שרײַבער, פּאָעטן, קינסטלער. געהאָפט, אַז דאָרטן וועל איך אפשר טרעפן מײַן יוגנט־פרײַנד. און כּך־הווה, איך האָב אים תּיכּף דערקענט: דאָס זעלביקע בלייכע לענגלעכע פּנים מיט די גרינע פאָספאָר־אויגן וואָס קוקן, דאַכט זיך, אין ערגעץ נישט און זעען פון דעסטוועגן אַלצדינג.

— חבר טײַערער, האָב איך געזאָגט, דערקענסט מיך, ברודערל?

ער האָט מיך אַרומגענומען מיט זײַן טיפן דורכדרינגלעכן בליק און זיך צעשמייכלט:

— אַוודאי, אַוודאי, האָט ער געזאָגט און אין זײַנע אויגן האָבן אויפגעלויכטן טרערן, אַוודאי, יוגנט־חברים פֿאַרגעסט מען נישט. וואָס זשע טוסטו, וואָס, און וואָס טוען דײַנע לידער?

איך האָב ווי אַ שולדיק ייִנגל געענטפֿערט:

— איך לעב, איך האָב זיך גוט אײַנגעאָרדנט, נאָר לידער, לידער שרײַב איך נישט מער.

— מאַכט נישט אויס, האָט ער געזאָגט, מאַכט נישט אויס, לידער אָדער נישט לידער, וואָס דער מענטש זאָל נישט טאָן איז סײַ־ווי־סײַ אין סך־הכּל — פּאָעזיע.

דאָס קאָפֿע־הויז איז געווען געפּאַקט מיט געסט און ס'איז שווער געווען צו פֿירן אַ האַרציקן שמועס, האָב איך זיך אָנגערופֿן:

— קום, ברודערל, קום צו מיר אַהיים, מײַן מאַשין וואַרט נעבן קאַפֿע־הויז...

ער האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן:

— איך וועל קומען, איך וועל קומען צו דיר, נאָר אַן אַנדער מאָל. לאָז מיר איבער דײַן אַדרעס.

זינט יענעם טאָג האָב איך מײַן יוגנט־פֿרײַנד מער נישט געזען. עס זענען אַוועק לערך אַ יאָר צײַט. אין איינעם אַ פֿרײַטיק האָב איך אין דער צײַטונג דערזען דאָס בילד פֿון מײַן חבר און אַ גרויסן אַרטיקל וועגן זײַן בוך, וואָס מ'האָט זייער געלויבט.

— זע, האָב איך דערלאַנגט די צײַטונג צו מײַן פֿרוי, זע, מײַן יוגנט־פֿרײַנד איז געוואָרן אַ באַרימטער דיכטער.

זי האָט זיך צעשמייכלט, מײַן פֿרוי:

— ביסט אים אפשר מקנא?

— עט, עט, האָב איך אַ לאַך געטאָן, אַזוי ווײַט גייט עס נישט.

זינט דעמאָלט האָב איך נאָך אַ סך מאָל געלייענט אין די צײַטונגען וועגן מײַן חברס ליטעראַרישע שאַפֿונגען, און שטענדיק ווען איך פֿלעג לייענען אַן אָפּהאַנדלונג וועגן אים, איז געווען אַ מאָדנע געפֿיל אין מיר:

איך קען נישט זאָגן קינאה, נאָר אַ מין בענקשאַפט נאָך רום. אמת, איך האָב פאַרמאָגט אַן אייגענע ווילע, אַ הויכע שטעלונג אין דער געזעלשאַפט, אָבער דאָס אַלץ האָט מיך נישט אַרויסגעהויבן פון גרויען מצב פון אַ קליין אומבאַקאַנט מענטשעלע. מײַן בילד איז קיין מאָל נישט דערשינען אין די צײַטונגען, מ׳האָט קיין מאָל נישט געשריבן קיין אַרטיקלען וועגן מיר. וואָלט איך נישט געווען אויפגעהערט שרײַבן קיין לידער, האָב איך געטראַכט, וואָלט איך אפשר אויך געווען דערגרייכט צו מײַן חברס פּאָעטישן רום.

לאַנג, פאַרשטייט זיך, האָבן די דאָזיקע מחשבות בײַ מיר נישט אָנגעהאַלטן. מײַן אַרבעט האָט מיך אין גאַנצן פאַרשלונגען.

אין איינעם אַ פאַרנאַכט בין איך מיט מײַן מאַשין געפאָרן צום נאָך־נישט־פאַרענדיקטן בנין פון אַ וואָלקן־קראַצער, וואָס אונדזער געזעלשאַפט האָט געבויט אין תל־אָביב. איך בין געקומען אינספּעקטירן דעם גאַנג פון דער אַרבעט. דער סקעלעט פון פערצן־שטאָקיקן געבוי האָט זיך געהויבן אין ליכט פון זונפאַרגאַנג ווי אַ ריז פון אַ מיטאָלאָגישער לעגענדע. איך בין אַרײַן אין די קאָרידאָרן, ווי אין אַ סודותדיקער קאַטאַקאָמבע. מיט אַ מאָל האָט אַ בליץ געטאָן אויף מיר דאָס שוואַכע ליכט פון אַ לאַמטערן. איך האָב אַ פיר געטאָן מײַנע אויגן אַהין און דערזען: אין ווינקעלע זיצט אַ געבויגענע געשטאַלט. אין זײַנע הענט ציטערט דער לאַמטערן, וואָס האָט געוואָרפן דאָס שוואַכע ליכט אויף מיר.

— ס׳איז דער נאַכט־וועכטער, האָט מײַן באַגלייטער מיר דערקלערט, ער קומט פאַר נאַכט אַהער צו היטן די מאַטעריאַלן אָנגעגרייטע צום בנין.

בעת איך האָב פאַרקערעוועט אין קאָרידאָר לינקס, האָט דער וועכטער אַ הייב געטאָן די אויגן און ס׳האָט אַ פינקל געטאָן פון זיי מיט אַן אויסטערלישן פאָספאָרישן גרין. איך האָב אויפגעציטערט: גאָט מײַנער, צי נאַרט מיך נישט מײַן אויג? איז עס אַ געשפּענסט צי אַ וואָרע זעונג?

איך בין שטיין געבליבן נעבן נאַכט־וועכטער און אַ פרעג געטאָן:

— דו? וואָס טוסטו דאָ?

ער האָט זיך צעשמייכלט:

— פּשוט, האָט ער געזאָגט, פּשוט, איך היט, היט דעם בנין.

איך האָב גענומען שטאַמלען:

— וואָס הייסט, דו? אַ נאַכט־וועכטער ביסטו גאָר?

— וואָס דען מיינסטו, דער מלך פון שקלאַפן־לאַנד בין איך געוואָרן?

— אָבער איך פאַרשטיי נישט, האָב איך וויַיטער געשטאַמלט, איך האָב דאָך געלייענט אין די צייַטונגען, אַז ביסט געוואָרן אַ באַרימטער דיכטער.

ער האָט זיך צעלאַכט:

— אָבער אַפילו אַ באַרימטער דיכטער דאַרף דאָך אויך ברויט, כּדי צו קענען לעבן, פאַרדין איך מיר מייַן ברויט דורך נאַכט־וועכטעריַי.

איך האָב אַראָפּגעלאָזט פאַרשעמט מייַן קאָפּ: געפילט ווי די בושה ברענט אין מיר טיף ביז אין די אינגעווייַדן, די בושה וואָס איך פאַרמאָג אַן אייגענע ווילע, די בושה וואָס איך בין דער „שעף", און ער דער נאַכט־וועכטער.

— קוק נאָר, האָט ער פּלוצעם אַ זאָג געטאָן, זע נאָר ווי ער האָט זיך פאַרגלאָצט, מייַן יוגנט־חבר! וואָס איז, ביסט ערשט הייַנט געבוירן אין דער וועלט? איז אַ נייַעס פאַר דיר די מיסטיש־אַכזריותדיקע מאַשין פון דער געזעלשאַפט? מאַך דיר נישט קיין צימעס, ברודערל, מ'האָט די וועלט צע־טיילט צווישן אונדז גערעכט, איך באַקלאָג זיך נישט אויף מייַן חלק. ס'איז מיר גוט מיט מייַן ביטער־זיסן גורל פון אַ פּאָעזיע־אַלכעמיקער. באַ־דויער מיך נישט, ברודער! גיי דיר בשלום אַהיים און געניס פון דעם, וואָס דער גורל האָט דיר באַפוילן צו געניסן.

איך האָב גאָרנישט נישט געענטפערט, נאָר ווי אַ לונאַטיקער האָב איך גענומען שפּרייַזן דורך די טונקעלע קאַטאַקאָמבעס, וואָס האָבן זיך גע־צויגן אין דער טיף פון וואָלקן־קראַצערס סקעלעט, און צוזאַמען מיט דער שוואַכער שייַן פון לאַמטערן, וואָס אין נאַכט־וועכטערס הענט, איז מיר נאָכגעלאָפן דאָס פלאַקערדיקע פּנים פון דער בושה, נאָכגעלאָפן ביז צום פּליוש־געזעס אין מייַן אויטאָ, וועלכן איך האָב מיט אימפּעט גענומען טרייַבן אין דער נאַכט אַרייַן, ווי איך וואָלט וועלן אַנטלויפן פון זיך.

# איין מאָל אין לעבן איז אים עפּעס יאָ געלונגען

פאַרן לעצטן פּונט וואָס ער האָט פאַרמאָגט, האָט ער געקויפט שלאָף־פּילן. בעת ער האָט זיי גענומען שלינגען, די פּילן, האָט אַ פאַרנעפּלטע מחשבה אַ בלעזל געטאָן אין זײַן פאַרטונקלטן מוח:

די דאָזיקע פּילן זענען קליינע שליסעלעך, וואָס דאַרפן אויפשליסן די טירן, וועלכע האַלטן אים פאַרשלאָסן אין טעמפּן ווינקל...

און פון יענער זײַט טירן?

דער טויט!

וואָס זשע איז אַזוינס דער טויט?

דאָס איז אים נישט אָנגעגאַנגען, דאָס איז נישט זײַן זאַך אַצינד. אַצינד איז פאַראַן פאַר אים איין תּכלית — פּטור צו ווערן פון דאָזיקן לעבן!

נאָר אַזוי ווי אַ לעבן לאַנג איז ער געווען אַ שלימזל, קיין זאַך האָט זיך אים קיין מאָל נישט אײַנגעגעבן, איז ער אויך דאָס מאָל „דורכגעפאַלן": די דאָקטוירים האָבן אים אויסגעפּאָמפּעט דעם מאָגן, און ער האָט ווידער אַ צעעפן געטאָן די אויגן, דאָס מאָל אין ווײַסן צימערל פון שפּיטאָל.

איך בין געווען דער ערשטער באַקאַנטער, וואָס האָט אים באַזוכט.

בעת איך בין אַרײַן אין שפּיטאָל־צימערל איז ער געלעגן מיט צוגעמאַכטע אויגן. איך האָב זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ בענקל נעבן בעט און אַ מורמל געטאָן די שאַבלאָנע רייד:

— פּע, יוסף, ווי קומט צו דיר אַפּטאָן אַזאַ נאַרישקייט?

ער האָט אַן עפן געטאָן די אויגן־פענצטערלעך:

— אַט אַזוי, איך בין אַנטלאָפן פון איין נאַרישקייט, געוואָלט אַנטרינען אין אַ צווייטער און בין אַרײַן אין אַ דריטער... געמיינט, אַז איך בין בעל־הבית כאָטשבע איבער מײַן אייגענעם גורל... האָבן זיך אַרײַנגעמישט די

„גוטע" מיטמענטשן און מיך אָפּגעראַטעוועט... נישט לעבן לאָזן און אַפילו נישט שטאַרבן, די „גוטע מיטמענטשן"...

איך האָב שטיל געזאָגט:

— מיר דאַכט, ווי אַזוי שווער דאָס לעבן זאָל נישט זײַן, לוינט זיך פון דעסטוועגן צו לעבן...

ער האָט מיד פאַרזשמורעט די אויגן:

— דו ווייסט, האָט ער געזאָגט, איך האָב די לעצטע טעג אַפילו אויף קיין ברויט נישט געהאַט...

איך בין רויט געוואָרן און האָב אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

— פאַרשטייסט, האָט ער שטיל געמורמלט, פאַרשטייסט, חוץ דעם הונגער איז פאַראַן נאָך אַ מין צער פון פאַרשעמטקייט, הונגער איז נישט בלויז קיין פיזישע פּײַן נאָר אויך אַ פּסיכישע. איך וואָלט געזאָגט: דער הונגעריקער שעמט זיך פאַר זײַן אייגענעם גוף, שעמט זיך פאַר זײַנע רמ"ח אברים, וועלכע ער איז נישט בכּוח אָנצושפּײַזן, נישט געבן זיי דאָס זייעריקע...

דאָס פאַרנאַכטגאָלד האָט זיך אויסגעלאָשן אין די שויבן און אויפן באַלקן האָט זיך אָנגעצונדן דאָס עלעקטרישע לעמפּל. די שוועסטער האָט אַרײַנגעבראַכט אַ טאַץ מיט אָוונטברויט.

בעת זי האָט צוריק פאַרלאָזט דאָס צימערל, האָט ער זיך אָנגערופן:

— ווייסט, איך האָב שוין אַפילו געהאַט געפּועלט בײַ זיך צו גיין בעטלען ברויט. יעדן טאָג אַרײַנגיין צו אַן אַנדערן באַקאַנטן, זיך אַוועקזעצן בײַ זײַן טיש און פּשוט מיטעסן... יאָ, דו ביסט אַפילו געווען דער ערשטער, וועלכן איך האָב אויסגעקליבן צו זיצן, נישט־געבעטן, בײַ זײַן טיש... נאָר, נאָר איך האָב נישט קיין כּוח געהאַט גובר צו זײַן די בושה...

אַז ער איז אַנטשוויגן געוואָרן, האָב איך אומבאַהאָלפן אַ שטאָמל געטאָן:

— ס'האָט גאָר קיינער נישט געוווּסט, אַז...

ער האָט מיר איבערגעשלאָגן די רייד:

— ווייסט דאָך, די לעצטע יאָרן האָב איך זיך דערנערט פון עבודת־דחק. נאָר די לעצטע חדשים איז מײַן געזונט־צושטאַנד געוואָרן אַזאַ, אַז איך בין שוין נישט בכּוח געווען אויפצוהייבן די גומי־קישקע צו באַגיסן די גראָזן און ביימלעך. ניין, איך האָב נישט קיין טענות צו קיינעם, נישט צו גאָט און

נישט צו קיין מענטשן, פשוט דערפאַר ווייַל איך גלייב נישט איןביידע — נישט אין גאָט און נישט אין מענטשן...

ער האָט צוריקגעלייגט דעם קאָפּ אויפן קישן און פאַרמאַכט די אויגן:

— קענסט שוין גיין, האָט ער געזאָגט, איך וויל שלאָפן.

— איך וועל מאָרגן קומען, האָב איך אַ שטאַמל געטאָן, איך וועל זיך דורכרעדן מיט אייניקע חברים און זען געפינען אַן עצה... זאָרג דיך נישט, וועסט נישט פאַרפאַלן ווערן...

ווען איך בין צומאָרגנס געקומען אין שפּיטאָל אַרייַן, האָב איך זיך דערוווּסט, אַז ער האָט זיך אַרויסגעוואָרפן דורכן פענצטער פון פערטן שטאָק.

דאָס מאָל איז אים געלונגען... דאָס ערשטע מאָל אין לעבן אַז ס׳איז אים עפּעס יאָ געלונגען...

# וואָס פון אַ שפּאַס קען אַרויסקומען...

— ווילסט זען אַ „קאַרטינע״, וואָס איז ווערט באַשריבן צו ווערן אין די בלעטער, זײַ זיך מטריח און קום מיט מיר.

אַזוי האָט געזאָגט צו מיר מײַן פרײַנד ג. און מיר האָבן זיך אַרײַנגעזעצט אין אַ טאַקסי און פאַרפאָרן צום אָנגעוויזענעם שדכנות־ביוראָ.

דער שדכן גרינבערג, אַ ייִד מיט אַ גרויסער שיין־צעקעמטער באָרד, וואָס איז געזעסן איבער זײַן שרײַבטיש און פאַרצייכנט נעמען אין די ביכער, האָט אויפגעהויבן זײַנע אויגן מיט די גרויסע שפּאַקולן און אַ פרעג געטאָן:

— מיט וואָס קען איך אײַך דינען, מײַנע הערן?

מײַן פרײַנד האָט אַ שמייכל געטאָן:

— מיט וואָס קען דינען אַ שדכן? פאַרשטייט זיך, מיט אַ לײַטישן שידוך.

דער שדכן האָט אַ פיר געטאָן זײַנע באַברילטע אויגן איבער מײַן פרײַנד, ווי וועלנדיק אויסגעפינען צו וואָסער „קאַטעגאָריע״ ער געהערט, אַ סמאָטשקע געטאָן צופרידן מיט די גרויסע פליישיקע ליפּן און זיך אָנגערופן:

— איר ווילט מסתּם אַזוינס און אַזעלכס... נו, אַלץ געפינט זיך, ב״ה, בײַ מיר. ביטע, גייט אַרײַן אין צווייטן חדר לעבן פענצטער לינקס, בײַם טיש מיטן וואַזאָנעז־טאָפּ זיצט אַ דאַמע, ביטע, זעצט אײַך לעבן איר, פאַרפירט אַ שמועס. איך גלייב, אַז דער שידוך וועט זײַן אַ שידוך, שוין מיטן ערשטן שאָס געצילט און געטראָפן.

ער האָט פאַרשריבן מײַן פרײַנדס נאָמען, גענומען אַן אָפּצאָל און זיך אַ ווענד געטאָן צו מיר:

— און אײַך, אַדוני, מיט וואָס קען איך אײַך דינען?

— איך... איך קום נאָר מיטן פֿרײַנד מײַנעם, איך דאַרף זײַן דער, וואָס דאַרף אים העלפֿן זײַן אַ מבין...

אַז מיר זענען אַרײַן אין דערבײַיִקן צימער, האָבן מיר אָנגעטראָפֿן איבער אַ צענדליק פּאָרלעך. מענטשן, וואָס האָבן זיך פֿריִער מיט אַ פּאָר מינוט נישט געקענט אײנער דעם צווייטן, זענען שוין געזעסן פּאָרטיפֿט אין אינטימע שמועסן.

מײַן פֿרײַנד איז פּאַמעלעך צוגעגאַנגען צום טיש מיטן וואַזאָנען־טאָפּ, זיך פֿאַרנייגט פֿאַר דער דאַמע וואָס איז געזעסן און געבלעטערט אַ בוך, ווי גלײַך זי וואָלט זיך געפֿונען אין אַ לייען־זאַל און נישט אין קיין שידוכים־ביוראָ.

ס׳איז געווען אַ פֿרוי אין די אָנהייב פֿערציקער מיט נאָך גענוג בולטע סימנים פֿון אַ געוועזענער שיינהייט.

זי האָט אַ הייב אויף געטאָן די אויגן און העפֿלעך אַ זאָג געטאָן:

— ביטע, זיצט.

מײַן פֿרײַנד האָט זיך פֿאַרלוירן און ייִנגליש־אומבאַהאָלפֿן אַ שטאָמל געטאָן:

— אַ דאַנק... אַנטשולדיקט, וואָסער בוך לייענט איר עס?

— נאָוועלן פֿון מאָפּאַסאַנען, האָט די דאַמע אַ זאָג געטאָן און דער־לאַנגט אים דאָס בוך.

— איר לייענט מאָפּאַסאַנען אין אָריגינאַל? יאָ, אַ שרײַבער האָט אַ גאָר באַזונדערן טעם אין זײַן אייגענער שפּראַך. ביאַליק האָט אַ מאָל געזאָגט, אַז מען לייענט אַ שרײַבער אין איבערזעצונג איז עס גלײַך ווי מען וואָלט געקושט אַ פֿרוי דורך אַ שלייער...

די דאַמע האָט דיסקרעט אַ שמייכל געטאָן:

— אַ מאָל זענען די זאַכן איז שלייער סודותדיקער און במילא רייצנ־דיקער...

— אַנטשולדיקט, האָט מײַן פֿרײַנד אַ שעפּטשע געטאָן, אַנטשולדיקט פֿאַר אַ ביסל אויפֿריכטיקייט, אָבער איר זענט פֿאַר מיר אַן איבערראַשונג, אַ סורפּריז...

די דאַמע האָט ווידער דיסקרעט אַ שמייכל געטאָן:

— וואָס פאַר אַן איבערראַשונג איז דאָ? איר זענט געקומען אין שידו־כים־ביוראָ זוכן אַ פרוי, און געפונען אַ פרוי... וואָסער סורפריז איז דאָ פאַראַן?

— מאַדאַם, האָט מײַן פרײַנד פלוצעם אָנגעהויבן מיט אַן אַנדער קול, מאַדאַם, איך זאָג אײַך אויס דעם אמת... איך בין נישט געקומען אין שידו־כים־ביוראָ זוכן אַ פרוי, נאָר, נאָר איך בין געקומען צוליב מײַן פרײַנד. מײַן פרײַנד איז אַ שרײַבער און איך האָב אים געוואָלט פאַרשאַפן אַ גע־לעגנהייט צו זוכן דאָ מאַטעריאַל...

— אויסטערליש, האָט די פרוי געזאָגט, אויסטערליש, און איך האָב געמיינט, אַז אַזאַ שפּיל איז אוממאָראַליש, איך מיין דעם שפּאַס, צו קומען צו אַ שדכן נישט מיט דער כוונה צו געפינען אַ זיווג, נאָר לשם שרײַבע־רישער נײַגעריקייט.

— איך פאַרשטיי נישט, האָט מײַן פרײַנד פאַרצויגן די ברעמען, איך פאַרשטיי נישט, ווי אַזוי האָט איר געקענט פריִער טראַכטן פון אַזאַ פאַל, איידער איר האָט געהערט מײַנע רייד?...

די פרוי האָט זיך צעלאַכט:

— פשוט, פשוט, ווײַל אויך איך בין געקומען אַהער מיטן זעלבן ציל ווי אײַער פרײַנד, דאָס הייסט צוליב שרײַבערישער נײַגעריקייט...

— איר זענט אַ שרײַבערין?

— איך אַרבעט אין אַ צײַטונג, איך בין אַ זשורנאַליסטקע.

— כאַ, כאַ, האָט זיך מײַן פרײַנד צעלאַכט, הער נאָר אַ געשיכטע פון אַ מעשה... און אײַער מאַן ווייסט מסתּמא נישט, אַז איר זענט געגאַנגען אָנקוקן אַ חתן?

די פרוי איז פלוצעם רויט געוואָרן, און נאָך אַ ווײַלע, אַראָפּלאָזנדיק די אויגן, אַ שטאַמל געטאָן:

— איך האָב נישט קיין מאַן.

זי האָט אומבאַהאָלפן אַ נעם געטאָן דאָס בוך, עס אַרײַנגעלייגט אין דער טעקע און זיך אויפגעשטעלט פון בענקל:

— נו, אַנטשולדיקט, האָט זי געזאָגט, אַנטשולדיקט פאַרן שפּאַס, דאָס

הייסט, מיר דאַרפֿן זיך איינער דעם אַנדערן אַנטשולדיקן פֿאַרן בשותּפֿות־דיקן שפּאַס.

און זי האָט זיך געלאָזט צו דער טיר.

מײַן פֿרײַנד האָט פֿאַמעלעד אַ שפּאַן געטאָן נאָך איר:

— דערלויבט, האָט ער געזאָגט, דערלויבט, איך וועל אײַך באַגלייטן.

אין אייניקע רגעס בין איך אויך אַרויס פֿון צימער. אַז איך בין דורכ־געגאַנגען לעבן שדכן, האָט ער אַ לאָך געטאָן און געזאָגט:

— איך קען ב״ה מײַן סחורה, איך האָב געזאָגט: מיטן ערשטן שאָס געצילט און געטראָפֿן.

הײַנט זענען פּונקט דרײַ חדשים זינט יענעם צונויפֿטרעף אין שדכנות־ביוראָ. דעמאָלט פֿאַר דרײַ חדשים איז מײַן פֿרײַנד געקומען מ י ר דינען, הײַנט דין איך אים אָפּ: איך בין דער צווייטער עדות אויף דער חתונה, וואָס ער פּראָוועט מיט יענער דאַמע וואָס האָט געלייענט מאָפּאַסאַנען אין אָריגינאַל.

## ראַשעל

זי איז אַלט געווען אַכט און צוואַנציק יאָר בעת איר מאַן, דער אַרכי־טעקט מיכאל גראַנעמאַן, איז געשטאָרבן.

אין דער געראַמער אַכט־צימערדיקער וווינונג, וואָס האָט זיך געפונען אין ווילעס־פערטל פון בוענאָס־איַירעס, איז זי געבליבן אַליין מיט איר אַכט־יאָריק טעכטערל און מיט דער אַלטמאָדישער פיאַנע, וואָס זי האָט געירשנט פון איר מוטער, אַ קלאַוויר־קינסטלערין.

איר אַליין, ראַשעל גראַנעמאַן, האָט מען אַ מאָל פאָרויסגעזאָגט אַ מוזיק־קאַריערע, אָבער בײַם פאַרענדיקן די קאָנסערוואַטאָריע, האָט זי זיך באַקענט מיטן אַרכיטעקט מיכאל גראַנעמאַן און אַנשטאָט ווײַטער צו פאַרפולקומען זיך אין מוזיק, האָט זי חתונה געהאַט מיט אים און איר קלאַוויר־שפּילן איז געוואָרן בלויז אַן אינטימער ענין: אין די פאַרנאַכטן פלעגט זיך מיכאל אַוועקזעצן אויף אַ בלויען סאַמעטענעם טעפּעך, איר צופוסנס, און זי פלעגט אויסשפּילן פאַר אים שאָפּענען און בעטהאָווענען. ער פלעגט מילד אויסשטרעקן זײַנע הענט, און בעת איר שפּילן, גלעטן די גילדענע צעפּ, וואָס זענען איר נאָכגעהאָנגען ביז דעם בלוי־סאַמעטענעם גאַרטל אַרום אירע לענדן.

אָט די קורצע פּרטים זענען מיר באַוווּסט געווען איידער איך האָב זי, ראַשעלן, באַקענט פּערזענלעך, נישט אין איר היים אין בוענאָס־איַירעס, נאָר אין קליינעם קיבוץ, וואָס ליגט צווישן די בערג פון גליל. באַקענט האָט אונדז אונדזערער אַ בשותּפותדיקער פרײַנד, וואָס האָט ראַשעלן נאָך געקענט פון אַרגענטינע.

געווען איז זי איצט, ראַשעל גראַנעמאַן, אַ פרוי פון אַ יאָר אַכט און דרײַסיק, אירע צעפּ זענען נאָך איצט אויך געווען האָניק־בלאָנד, נאָר זיי

זענען נישט מער נאָכגעהאָנגען ביז אירע לענדן, נאָר פאַרוויקלט זענען זיי געווען אַרום איר איידעלן, צאַרט־געשניצטן קאָפּ.

איר טעכטערל האָט נאָר וואָס געהאַט פאַרענדיקט די גימנאַזיע און זיך פאַרשריבן אין ירושלימער אוניווערסיטעט.

אָנגעוויזן האָט מיר מײַן פרײַנד אויף ראַשעלן פון דער ווײַטן: זי איז געשטאַנען אין דער גרויסער קיבוץ־קיך און געשײַערט די ריזיקע „קאָלעק־טיווע טעפּ".

אירע קליינע ווײַסע הענטעלעך, וואָס האָבן זיך געגילדעט אין זונ־פּאַרגאַנג, זענען אַרומגעלאָפן צווישן די אַלומיניום־ווענט פון די געשירן, ווי אויסטערלישע חיהלעך אין אַ שטײַג.

— מען האָט זי דאָ געוואָלט מאַכן פאַר דער קלאַוויר־לערערין פון קיבוץ, האָט מײַן פרײַנד מיר באַמערקט, נאָר זי האָט זיך אָפּגעזאָגט, ראַשעל.

אין אַ פערטל שעה אַרום זענען מיר געזעסן אין איר צימערל.

מײַן חבר האָט מיך פאָרגעשטעלט פאַר איר, און ווי מיר האָבן פריִער אָפּגערעדט, געזאָגט איר, אַז ער האָט מיך געבראַכט אַהער, אָפּצונעמען אַ גרוס פון מײַן פרײַנד, אַ באַוווּסטן שרײַבער וואָס וווינט אין בוענאָס־אײַרעס.

— יאָ, האָט זי שטיל געזאָגט, איך קען אײַך אָפּגעבן אַ גרוס פון אײַער פרײַנד, ער לעבט און שרײַבט...

זי האָט זיך טרויעריק צעשמייכלט:

— יאָ, ער שרײַבט און מיינט אַז ער באַגליקט די וועלט מיט זײַן שרײַבן...

— איך פיל, האָב איך געזאָגט, איך פיל אַ לײַכטע דיסקרעטע איראָניע אין אײַערע רייד... איך מיין, אַז מײַן פרײַנד איז זייער אַ באַגאַבטער דיכטער און פאַרדינט נישט קיין איראָניע.

— אמת, האָט זי געזאָגט, אײַער פרײַנד איז זייער אַ באַגאַבטער פּאָעט, און מײַן איראָניע איז נישט אויפן חשבון פון זײַן טאַלאַנט.

— אויף וועמענס דען חשבון?

זי האָט זיך פאַרטראַכט און געענטפערט:

— אויפן חשבון פון קונסט בכלל...

— איר גלייבט נישט אין קונסט, פרוי גראָנעמאַן?

— איך גלייב... איך גלייב אין טויט...

— איז דען דאָס סותר קונסט?

— נישט נאָר קונסט, אַלץ לייקנט ער אָפּ, דער טויט! אויב טויט איז דער לעצטער חשבון, זענען אַלע איבעריקע חשבונות נול מאָל נול!

— וואָס זשע זאָלן מיר טאָן? זיצן און וואַרטן אויפן טויט?

— ניין, האָט זי געזאָגט, דאָס קען מען נישט טאָן, אָבער דעם לעכער־לעך־גאַוהדיקן מענטש דאַרף מען זאָגן קלאָר: ביסט נישט מער ווי אַ לאַסט־חיה, דאַרפסט שלעפּן דעם עול פון לעבן, שלעפּ אים ווי אַלע לאַסט־חיות, און רעד דיר נישט איין, אַז דו שאַפסט אומשטערבלעכע ווערק און אַז דו ביסט די קרוין פון דער שאַפונג!

אַ שווייַגעניש האָט, שווער ווי אַ העלפאַנד, זיך אַראָפּגעלאָזט אין צימער.

נאָך אַ רגע, האָב איך זיך אָנגערופן:

— מייַן פרייַנד האָט מיר דערציילט, אַז איר זענט אַ פּיאַנע־קינסטלע־רין, אַנטשולדיקט מיר פאַר אַ פראַגע: איר שפּילט דאָ אין קיבוץ, אַ מאָל?

— ניין, שוין צען יאָר, אַז איך האָב די קלאַווישן נישט אָנגערירט. זאָל זיך גאָט נישט שפּילן מיט אונדז: דערהייבן פון ליים אַ בעטהאָווען, אַ מיקעל אַנדזשעלאָ, אַ פּלאַטאָן, און דערנאָך די זעלביקע גאונים צוריק אַרויסוואַרפן אין ליים אַרייַן...

זי האָט זיך פּאַמעלעך אויפגעהויבן פון בענקל און געזאָגט:

— אַנטשולדיקט, איך האָב נאָך הייַנט אַן אַ שיעור אַרבעט, איך האָב הייַנט נאַכט־דינסט אין שטאַל... בייַ די קעלבער.

אַזוי האָט זי געזאָגט און אויסגעשטרעקט איר האַנט צו אונדז צום געזעגענען.

# דער מאַמעס לאַטקעלעך

מיר זענען געקומען מנחם־אָבל זײַן די אַלטע קאָרניטשער רביצין.

דאָס ליכט, וואָס האָט אַראָפּגעטריפּט פון גרויסן אַלטמאָדישן הענג־לײַכטער, האָט זיך צוזאַמענגעגאָסן מיטן שווערן אַלט־ייִחוסדיקן זילבער, וואָס האָט אַרויסגעשטראַלט פון די שווערע דעממבענע זילבער־שענק. געווען איז דאָ צונויפגעקליבן אַ ירושה פון דורות: חנוכּה־לאָמפּן, פּסח־קערות געשפּאַנטע אין גילדענע הירשן, הדסלעך אויסגעהאַמערטע מיט לייבן־קעפּ, ספר־תּורה־קרוינען באַשטעקטע מיט פּערל און רובינען.

אין מיטן שטוב איז געזעסן די אַלטע קאָרניטשער רביצין אויף אַ פוסבענקעלע, און איר קליין, שוואַרץ באַהײַבלט קעפּעלע האָט זיך גע־טרעסעט ווי אַ קראַנקער פויגל אויף אַן אײַנגעדאַרטן בוים.

מיט דרײַ טעג צוריק האָט אין זעלביקן חדר אויסגעהויכט זײַן נשמה איר ייִנגערער ברודער ר׳ אָשרל, דער באַרנאָווער רבי ז״ל, וועלכער איז געקומען צו איר צו גאַסט פון חיפה.

אַן אַלטער רב, וואָס איז געזעסן קעגן איבער דער קאָרניטשער רביצין, האָט נישט אויפגעהערט צו דערציילן שבחים וועגן דעם גרויסן ניפטר, וועגן דער טיפקייט זײַנער אין תּורה און דער עיקר וועגן זײַן אַהבת־ישׂראל. מיט אַ מאָל האָט די קאָרניטשער רביצין אַ הייב געטאָן דאָס קעפּעלע און מיט אַ דין ווייך קולעכל אַ שעפּטשע געטאָן:

— אַ טבע אַזאַ בײַ דער וועלט, וועגן גרויסע זאַכן הערט מען נישט אויף צו דערציילן, און די קליינע זאַכן, וואָס זענען אפשר אַ סך מאָל דער עיקר, פאַרגעסט מען.

זי האָט מיט אַ קליין, ווײַס, זײַדן טיכעלע אויסגעווישט די אויגן און ממשיך געווען:

— ווען מײַן ברודער, דער באַרנאָווער רבי ז״ל, איז געווען אַ ייִנגעלע

פון אַ יאָר דרײַ, איז די מאַמע ז״ל אָװעקגעפאָרן צו גאַסט צו איר פאָטער, דעם בערלאַדער מגיד, און מיטגענומען איר מיזיניקל, אָשרלען. בעת זיי זענען נאָך דרײַ חדשים צוריקגעקומען אַהיים פון זיידן, האָט מען מיטגעבראַכט פאַר אָשרלען צוויי זאַכן: אַ רויט פּליושן היטעלע אויסגעשטיקט מיט גילדענע פייגל, און אַ נײַע פּאָטראַווע, אַ מין מאכל, וואָס די קעכינס אין בערלאַד בײַם זיידן האָבן אויסגעלערנט די מאַמע. דאָס מאכל איז באַשטאַנען פון אַזעלכע אייער־טייגלעך מיט קעז, וועלכע מען פלעגט אַרומוויקלען אַרום זידנדיקע בולבעס, וואָס האָבן זיך געטונקען אין פּוטער, און גערופן האָט מען דאָס מאכל: „לאַטקעלעך".

און איך געדענק: קיין איין אויפדערנאַכט האָבן נישט אויסגעפעלט די דאָזיקע לאַטקעלעך פון אָשרלס וועטשערע, פאַרשטייט זיך, חוץ פריי־טיק־צו־נאַכטס, ווען מען האָט געגעסן פיש און פלייש, און פּסח־צײַט — מחמת די לאַטקעלעך זענען געווען חמצדיקע.

אָשרל איז געווען דאָס געליבטסטע און געצערטלטסטע קינד בײַ דער מאַמען ז״ל, און זי האָט געגלייבט, די מאַמע, אַז די דאָזיקע לאַטקעלעך פון בערלאַד זענען אַ סגולה פאַר אָשרלס געזונט.

אַפילו נאָך אָשרלס חתונה האָט די מאַמע נישט אויפגעהערט צוריכטן פאַרן נײַעם יונגן־מאַן די דאָזיקע לאַטקעלעך. און שפּעטער, ווען דער ברודער איז געוואָרן רבי אין באַרנאָווע, איז די מאַמע מיטגעפאָרן וווינען בײַם זון. און אויך אין באַרנאָווע האָבן קיין איין אָוונט נישט געפעלט צו אָשרלס וועטשערע די „לאַטקעלעך".

מײַן שווער־עגרין, די באַרנאָווער רביצין, האָט מיר אַ מאָל געזאָגט:

— דו ווייסט נישט, רחלע, וואָסער צדיק דײַן ברודער איז! און סאַראַ גרויסער סבלן! מאָל דיר אויס, רחלע, יעדן אָוונט צו וועטשערע דאָס אייגענע, שטענדיק די אייגענע לאַטקעלעך... נאָר ער וויל נעבעך נישט מצער זײַן די מוטער... אַזוי געהיט איז ער אין אָפּהיטן כּיבוד־אָם...

יאָ, כּמעט פופציק יאָר צײַט האָט מײַן ברודער, דער באַרנאָווער רבי, געגעסן צו וועטשערע לאַטקעלעך... איך געדענק: ס'איז געווען אין בײַנצן איין און פערציק, בעת די רומענישע זשאַנדאַרן זענען אַרײַן אין די שטי־בער און באַפוילן פּאַקן זיך, וואָרעם אַלע יידן שיקט מען אַרויס קיין „טראַנסניסטריע". ס'איז געווען, דאַכט זיך, דינסטיק אויף דער נאַכט, און

מיטוואָך אין דער פרי האָט מען געדאַרפט זיך לאָזן אין „וועג אַרײַן״... מיר זענען געזעסן צווישן די קלומיקעס אין גרויסן זאַל. אויך איך מיט מײַנע בני־בית האָבן זיך דעמאָלט געפונען בײַם ברודער אין באַרנאָווער געטאָ, וווהין מען האָט צונויפגעטריבן יידן פון אַלע אַרומיקע שטעטלעך. מיט אַ מאָל האָט מײַן ברודער, דער באַרנאָווער רבי, אַ פּאַרצי געטאָן די נאָז־לעכער און זיך צעשמייכלט:

— פילסט, רחלע? האָט ער אַ לאַך געטאָן, פילסט דעם ריח פון דער קיך?... די מאַמע, זאָל לעבן, פּרעגלט מיר לאַטקעלעך...

יאָ, אַפילו אַ נאַכט פאַרן אַרויסגיין אין גלות האָט מײַן מאַמע ז״ל נישט פאַרגעסן צו פּרעגלען לאַטקעלעך פאַר איר אָשרל...

און געווען איז עס טאַקע די לעצטע נאַכט, אין וועלכער מײַן הייליקער ברודער האָט געגעסן די דאָזיקע לאַטקעלעך.

אומגעקערט פון לאַגער האָט זיך נאָר אַ דריטל פון אונדזער גרויסער משפחה. צווישן די צוויי דריטל אומגעקומענע איז געווען אויך מײַן מאַמע ז״ל.

די אַלטע קאָרניטשער רביצין האָט ווידער אַ מאָל אויסגעווישט די אויגן מיטן קליינעם, ווײַסן, זײַדענעם טיכעלע, צוויי דינינקע שלוקערצלעך געטאָן און ווידער געעפנט אירע לעפצן:

— פאַר אַ פּאָר טעג, בעת מײַן ברודער, דער באַרנאָווער רבי, איז געקומען קיין תּל־אָביב צו מיר צו גאַסט פון חיפה, איז אין מיר פּלוצעם אויפגעקומען אַ רעיון, ביין נישט קיין רעיון, נאָר אַ מין גאַרעניש: איין מאָל, איין מאָל כאָטש טאָן ווי מײַן הייליקע מאַמע ז״ל האָט געטאָן. איך בין אַוועק אין קיך אַרײַן און גענומען פּרעגלען לאַטקעלעך. ווען איך האָב אַרײַנגעטראָגן די טאָץ מיט דער וועטשערע, האָט מײַן ברודער אַ פּאַרצי געטאָן די נאָזפליגל און מיט אַ קול, אַן אָנגעגאָסנס מיט טרערן, אַ שטאַמל געטאָן:

— טאַטע אין הימל! פּאָטער גרויסער, דער מאַמעס לאַטקעלעך!

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט צום טיש, מײַן ברודער, און אַ פּנים האָט ער געהאַט, ווי נישט צו קיין וועטשערע עסן וואָלט ער זיך געגרייט, נײַערט ווי אַ כּהן־גדול איז ער זיך מכין צו דער הייליקער עבודה...

איך בין געשטאַנען ביי דער טיר, און טרערן האָבן זיך געגאָסן פון

מײַנע אויגן, ווי אַ לעבעדיקער קוואַל. און צווישן טרערן האָב איך געזען:
מײַן הייליקער ברודער שטרעקט אויס זײַנע בלייכע פינגער צום טעלער, קוים־קוים, מיט פּאַרכט ווי צו אַ הייליקייט... אַ רגע פלאַטערן זײַנע פינגער איבערן טעלער... אַ רגע... און ס׳טוט די האַנט זײַנע אַ פאַל... די האַנט, און נאָך אַ רגע — זײַן גאַנצער גוף...

ווען מען האָט געבראַכט דעם דאָקטער, איז שוין געווען צו שפּעט... מײַן הייליקער ברודער, דער באַרנאָווער רבי, האָט שוין געהאַט אָפּגעגעבן זײַן נשמה צום האַר פון די נשמות...

די אַלטע קאָרניטשער רביצין האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און איר קול, אַ דערטרונקענס אין טרערן, האָט אַרויסגעברומט:

— און אויפן טיש איז געבליבן דער טעלער נישט אָנגערירט, דער טעלער מיט די ל א ט ק ע ל ע ך...

# אַ מײַסטערווערק

נאָר טאַקע גאָט אַליין איז בכּוח צו באַשאַפן אַזאַ מײַסטערווערק, אַזאַ פֿאַרענדיקטע סימפֿאָניע פֿון העסלעכקייט: אָנגעהויבן פֿון די דאַרע אויסגע־קרימטע פֿיסלעך, וואָס שרויפֿן זיך אַרײַן אין די שפּיציקע בײנערדיקע היפֿטן און ציִען זייער המשך ווײַטער, דורכן האָרביקן געבאַרג, אויף וועלכן סע נעבעכט אַ געל אויסגעצויגן העלדזועלע, וואָס טראָגט אויף זיך דעם גרויסן וואַסער־קאָפּ מיט די דערשראָקענע אויגן.

„רחלע" רופֿט מען עס — „רחלע דאָס פֿאַרזעעניש".

מיט אַ רעפּטעלע ברויט אין איין הענטעלע און מיט אַ רויטן פֿליישיקן פּאָמידאָר אין צווייטן זיצט עס, דאָס פֿאַרזעעניש, אויפֿן גראָז אונטער אַ מאַראַנצן־בוים און שמאַכטעט מיט פֿאַרלאָשענע אויגן צו דער זון.

דאָס זעכצנטע יאָר האָט שוין רחלע פֿאַרענדיקט, דאָס זעכצנטע יאָר פֿון איר לעבן.

איך זעץ זיך אַוועק לעבן איר אין גראָז:

— רחלע, זאָג איך, רחלע, איאָ אַ מחיהדיקע זון, און מחיהדיק דאָס גראָז, איאָ אַ שיינע וועלט, רחלע?

זי לעקט אָפּ דעם פּורפּורנעם פּאָמידאָרן־זאַפט וואָס שטראַלט אויף אירע בלוילעכע ליפּעלעך, פֿאַרזשמורעט די אויגן און צעשמאָכעט זיך:

— אַ קאַליקע בין איך, אַדוני!

— גאָרישקייטן, זאָג איך, מען דאַרף נישט טראַכטן וועגן דעם... בכּלל איז גוט פֿאַרן מענטשן נישט צו פֿיל טראַכטן, מען דאַרף נעמען דאָס לעבן אַזוי ווי עס איז...

— ווי אַזוי איז דאָס לעבן, אַדוני?

— אַכזריותדיק, רחלע, אַכזריותדיק אָבער שיין...

זי רײַסט אָפּ אַ בלום וואָס פֿײַערט לעבן איר אין גראָז, פֿירט זי צו צו דער נאָז און זייגט אײַן דעם ריח:

— יאָ, זאָגט זי, יאָ, שיין דאָס לעבן, אַדוני, און... סע שמעקט...

— האָסט ליב דאָס לעבן, רחלע ?

זי פאַרטראַכט זיך און שטאַמלט אַרויס :

— ליב און נישט ליב... איך האָב ליב, נאָר די מענטשן האָב איך פיינט...

— וואָס האָסטו צו די מענטשן, רחלע ?

— איך האָב פיינט, פיינט זייערע אויגן... איך האָב פיינט ווי זיי קוקן אויף מיר... איר ווייסט, אַדוני, אַ סך מאָל טראַכט איך, וואָלטן די מענטשן קיין אויגן נישט געהאַט, וואָלט מיר לייכטער געווען צו לעבן... איך האָב פיינט זייערע אויגן, אַזעלכע האַרטע און שפּיציקע זענען זייערע אויגן און אַלע פאַרען זיך אַרום מיר, אַלע אויגן פאַרען זיך אַרום מיר און שרייען : „רחלע דאָס פאַרזעעניש"...

איך לייג אַרויף מיין האַנט אויף איר קאָפּ :

— רחלע, זאָג איך, ביסט נישט קיין פאַרזעעניש, ביסט נאָר אַנדערש ווי אַלע אַנדערע מיידלעך... גאָט האָט דיך אויסגעוויילט מיט באַזונדער־קייט... ווייסט, רחלע, ס'איז אים נימאס געוואָרן, דעם באַשאַפער, שטענדיק צו באַשאַפן דאָס זעלביקע, האָט ער אַ זאָג געטאָן : „יהי !" און ס'איז גע־וואָרן עפּעס אַנדערש, אַ מין מיידל ווי דו, רחלע...

— פאַר וואָס זשע האָט ער גראָד מיך אויסגעקליבן, גאָט, פאַר וואָס גראָד מיך, אַדוני ?

— ווייל ער האָט דיך, ווייזט אויס, מער ליב געהאַט ווי אַנדערע...

זי פאַרטראַכט זיך און שטאַמלט אַרויס :

— ס'איז נישט גוט, אַז גאָט האָט ליב, אַדוני...

— פאַר וואָס, רחלע ?

— ווייל ער מאַכט דיך פאַר אַ קאַליקע...

— די מענטשן רופן עס קאַליקע, די מענטשן זענען נאַריש, רחלע... נאָר פאַר גאָט ביסטו שענער פון שיין...

זי לאָזט אַראָפּ די אויגן :

— אַדוני, זאָגט זי, אָבער די מענטשן זע איך, ווי זיי קוקן אויף מיר און גאָט זע איך נישט. די אויגן פון די מענטשן רופן מיך „פאַרזעעניש", און גאָטס אויגן הער איך נישט רופן מיין נאָמען...

— האָרך דיך איַין, זאָג איך, האָרך דיך איַין, רחלע, און וועסט דער־האָרכן, דערהאָרכן ווי גאָטס אויגן רופן דיך...

הײַנט איז רחלען געוואָרן דאָס אַכצנטע יאָר פון איר לעבן.
איך זיץ ווידער אין גראָז לעבן איר, אונטערן מאַראַנצן־בוים.
ס'איז נאַכט אַרום אונדז, די צוועלפטע שעה פון מוטערנאַכט.
מער ווי אַ האַלבע שעה זיץ איך שוין לעבן איר און מיר שווײַגן ביידע.

בעת דער לעצטער לאָמפּ אין גאַס האָט זיך אויסגעלאָשן, האָב איך זיך שטיל אָנגערופן:

— וועגן וואָס טראַכטסטו, רחלע?

זי האָט גאָרנישט נישט געענטפערט, נאָר פּלוצעם האָב איך דערפילט איר קליין מאָגער הענטעלע אין מײַנער:

— אַדוני, האָט זי אַ מורמל געטאָן, אַדוני, אַ דאַנק איז אײַך שולדיק דאָס האַרץ מײַנס...

— פאַר וואָס קומט מיר אַ דאַנק, רחלע?

— ווײַל... ווײַל דער אַדון האָט מיך געלערנט הערן...

איצט האָב איך דערפילט איר קאָפּ זיך טוליען צו מײַן אַקסל:

— אַדוני, אַדוני, איך האָב דערהאָרכט... דערהאָרכט גאָטס אויגן... אין מיטן נאַכט, בעת איך פאַרמאַך מײַנע אָפּלען און די שטילקייט גיסט זיך אויס ווי אַ בלויער טײַך איבער מײַן בעט, דעמאָלט דערהאָרך איך ווי גאָטס אויגן עפענען זיך, אַזוינע גרויסע, גוטע, מילדע, און איך הער ווי זיי רעדן צו מיר, גאָטס אויגן:

— רחלע, זאָגן זיי, גאָטס אויגן, רחלע, בײַ מיר ביסטו שיין, בײַ מיר האָסטו חן... איר ווייסט, אַדוני, איך הער ווי גאָט זינגט מיר דאָס ליד: „בײַ מיר ביסטו שיין, בײַ מיר האָסטו חן"...

מיט אַ מאָל האָב איך דערפילט ווי רחלעס פאַרקאָרטשעט גופעלע נעמט זיך טרעסען און זי איז אויסגעבראָכן אין אַ געוויין.

— פאַר וואָס וויינסטו, רחלע, פאַר וואָס וויינסטו?

— ווײַל... ווײַל ס'איז מיר גוט, אַדוני, גוט וואָס גאָטס אויגן האָבן מיך ליב...

# אַן אָריגינעלע רעליגיעזע סעקטע

בעת מײַן פרײַנד האָט מיך אַרויפגעפירט אויף די מירמעלנע טרעפּ צום הויז, וואָס איז געשטאַנען אויף רויטע זײַלן, איז די זון שוין געווען פאַרגאַנגען, נאָר צוריק געלאָזט האָט זי אַ פּורפּורנע שטילקייט איבער די גרינע כוואַליעס פון ים וואָס האָט געוויגט זיך צופוסנס דעם הויז, וועל־כעס האָט אויסגעזען ווי אַ קלײנער טעמפּל.

צוויי מיידלעך אין ווײַסע טיולענע געוואַנטן, מיט רויטע בלומען אין די צעפּלאָטערטע האָר, האָבן געעפנט דעם טויער, וואָס האָט געפירט אין אַ זאַל וועלכער איז געווען אײַנגעהילט אין אַ פאַרנאַכטיקער טונקלקייט. נאָר די שײַן פון אַ לאָמפּ, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ רויטע פײַערדיקע בלום, האָט צאַרט באַלויכטן דעם דעמערדיקן חלל.

אויף די מירמעלנע דילן, באַדעקטע מיט לילאַ־סאַמעטענע דיוואַנען, זענען געזעסן יונגע מענער און פרויען, און זיי צופוסנס האָבן פון קריש־טאָלענע קריגן אַרויסגעדעמפּט דינע ווײַרעך־נעפּלען.

פון הינטער אַ פאַרהאַנג האָט אַרויסגעכוואַליעט אָרגל־מוזיק.

מיט אַ מאָל האָט זיך צעעפנט דער פאָרהאַנג, און אויפן פּאָדיום פון ראָזן מאַרמאָר האָט אַרויסגעשוועבט אַ פרויען־געשטאַלט אײַנגעהילט אין אַ געוואַנט, וואָס איז געווען אויסגעפלאָכטן פון בלעטער און בלומען. דעם מיידלס גילדענע האָר האָבן אַראָפּגעפלאָטערט ביז אירע לענדן. אירע אויגן זענען געווען פאַרשלאָסן ווי בײַ אַ לונאַטיקערין. אַ ווײַלע איז זי געשטאַ־נען זיך וויגנדיק אַהער און אַהין, ווי אַ וויג אין ריטעם פון אַ וויגליד, דערנאָך האָט זי צאַרט צעעפנט אירע ליפּן און אַרויסגעשעפּטשעט מיט אַ מיסטיש־יענטוועלטיק קול:

— תפארת הוא האלהים!

— תפארת הוא האלהים!

— תפארת הוא האלהים!

נאָך אַ רגע מאַיעסטעטיש־פאַרטײַעטער שטילעניש האָט די פרוי אין בלומען־געוואַנט אָנגעהויבן דרשענען:

— צום ערשטן איז געווען די אין־סופיקע שײנקייט. דערנאָך האָט זי זיך אָפּגעטײלט פון זיך, און זיך מצמצם־געווען אין מילימיליאַסן חלקים. און די חלקים האָבן באַשאַפן דוממים, געשטאַלטן און געזיכטער...

האָט געזאָגט די אין־סופיקע שײנקייט צו אירע אָפּגעטײלטע חלקים: „איך האָב אײַך באַשאַפן אין מײַן געשטאַלט, און אין טאָג פון מישפּט וועל איך מאָנען רעכנשאַפט פון אײַך: האָט איר נישט פאַרמינערט און צעפּטרט פון דער שײנקייט, וואָס איך האָב צוגעטײלט צו אײַך? קענט איר מיר מײַן פּראַכט אומקערן אין איר שלמות?"

בײַ די דאָזיקע ווערטער איז די „כהן־גדולטע" אַראָפּגעגאַנגען פון פּאָדיום און אָפּשטעלנדיק זיך בײַ איטלעכן גלײביקן, אַרויפגעלײגט איר האַנט אויף זײַן קאָפּ און אַ פרעג געטאָן:

— וועסט אומקערן די שײנקייט, וואָס די אין־סופיקע פּראַכט האָט דיר געליגן? וועסט זי אומקערן אין איר שלמות?

און יעדער פון די גלײביקע האָט מיט פאַרכטיקייט געענטפערט דער פּריסטערין:

— איך וועל אומקערן מײַן חלק פּראַכט אין איר שלמות!

אַ צוואַנציק מינוט האָט די דאָזיקע פּראָצעדור געדויערט, דערנאָך האָבן זיך מיט אַ מאָל אָנגעצונדן די עלעקטרישע לאָמפּן אין זאַל.

איך האָב צעעפנט מײַנע אויגן, ווי אויפגעוועקט פון חלום. לעבן מיר איז געשטאַנען די כהן־גדולטע:

— איר זענט אַ גאַסט אין אונדזער טעמפּל? האָט זי זיך אַ ווענד געטאָן מיט מילדקייט צו מיר, צי זענט איר טאַקע אַ גלײביקער?

איך האָב זיך פאַרלוירן און אַ שטאַמל געטאָן:

— אַ גלײביקער?... איך האָב ליב די שײנקייט... נאָר וואָס שייך גלויבן... גלויבן איז שוין אַן אַנדער זאַך...

— ליבשאַפט, האָט זי אַ מורמל געטאָן סודותדיק, ליבשאפט פירט במילא צו גלויבן...

— צו וועלכן גלויבן ?

— צו גלייבן אין דער אייביקער שיינקייט...

— אָוודאי גלייב איך אין דער אייביקער שיינקייט, האָב איך געזאָגט, אָבער שיינקייט אַליין, דאַכט מיר, איז נישט מער ווי אַן אַטריבוט פון גאָט, איינער פון זײַנע אין־סופיקע אַטריבוטן...

— איר זענט אַ שפּינאָזיסט ? האָט זי מיט ביטול מיך אַ פרעג געטאָן און נישט אָפּוואַרטנדיק מײַן תּשובה, האָט זי ממשיך געווען :

— שפּינאָזאַ האָט געזוכט אויך אַן עטיק, געזוכט עפּעס, וואָס איז אַ סתּירה צו זײַן אייגענעם וועלטבאַנעם. נישט פאַראַן קיין עטיק און קיין זינען אין אין־סוף, פאַראַן נאָר שיינקייט, טראַגיש־זינלאָזע שיינקייט...

זי האָט אַרויסגעזאָגט די דאָזיקע רייד און פון אירע גרויסע בלויע אויגן האָבן גענומען ריזלען לײַכטנדיקע טרערן.

איך האָב אַ קוק געטאָן צו די גלייביקע, רונד אַרום, און דערזען אַז אויך פון זייערע אויגן רינען טרערן פון עקסטאַז.

— מענטשן־קינד, האָט די פּריסטערין זיך אַ ווענד געטאָן צו מיר, פאַרטיף דיך, פּרוּוו אויסלעשן אין דיר אַלע רעליגיעזע און פילאָסאָפישע פאָראורטיילן, און מאַך ריין און גרייט דײַן האַרץ אויפצונעמען דעם אייב־ציקן אייביקן אמת :

„תּפארת הוא האלוהים"!

דאָס עלעקטרישע ליכט האָט זיך ווידער אַ מאָל פאַרלאָשן, און אין האַלב דעמערדיקן חלל האָט אַ כוואַליע געטאָן דאָס ליכט פון קליינעם לאָמפּ, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ רויטע פײַערדיקע רויז. פון הינטערן פאָרהאַנג האָט ווידער אַ מאָל גענומען ריזלען די אָרגל־מוזיק.

די „כהן־גדולטע" איז געשטאַנען אויפן פּאָדיום און וויגנדיק זיך מיט פאַרמאַכטע אויגן, ווי אַ לונאַטיקערין, געמורמלט מיט אַ מיסטיש־יענטוועלטיק קול :

— תּפארת הוא האלוהים !

# אַ טײַערע רפואה

זײַן גאַנץ פּנים איז מלא שמייכל. אַ שמייכל פול מיט גאָוהדיקער צופרידנקייט, אַ שמייכל וואָס טוט צו וויסן דער וועלט, אַז ער, דער בעל־הבית פון שמייכל, אהרון גרשוני, איז ב״ה דאָס סאַמע גלאָוונע אייבערשטע פון שטייסל, כּמעט אַ יחיד־בדורו און חוץ אים איז אַלץ גאָרנישט שבגאָר־נישט.

חוץ דעם שמייכל פאַרמאָגט נאָך מר אהרון גרשוני אַן אייגענעם אַמט, ווו ער קיניגט איבער זעקס פּקידים און צוויי פּקידות, וואָס זיצן אַנטקעגן אים און קלאַפּן אויף מאַשינקעס.

בעת איך בין אַרײַן אין זײַן ביוראָ, האָט ער אַ הייב געטאָן די אויגן איבער די שפּאַקולן, זיי אַ פּיר געטאָן מיט ביטול איבער מײַן ווינציקייט, און דאָס שמייכעלע זײַנס איז אַראָפּגערונען אין דער אייבערשטער וואַנצע זײַנער ווי אין אַ ווייך־פּוכקע קישעלע.

איך האָב אַרויסגענומען דעם רעקאָמענדאַציע־בריוו, וואָס איך האָב געבראַכט צו אים פון אַ הויכגעשטעלטער פּערזענלעכקייט, און אָוועקגע־לייגט אויפן טיש.

— פאַר וועמען זוכט איר אַרבעט? האָט ער אַ פרעג געטאָן, נישט קוקנדיק צו מיר, ווי עס וואָלט נישט געפּאַסט פאַר אַזאַ איש־גדול, ווי אהרון גרשוני, צו שענקען אַ קוקעלע אויף אַ פּשוטן בשר־ודם.

— פאַרן שריפטשטעלער איקס, האָב איך געענטפערט, זייער אַן אָנגע־זעענער שרײַבער, ווי איר זעט פון רעקאָמענדאַציע־בריוו.

— שריפטשטעלער, האָט ער גענומען קײַען דאָס וואָרט, ווי ער וואָלט וועלן דערפילן דעם ווערט פון אַ שפּײַז, וועגן וואָס שריפטשטעלערעוועט ער, אײַער שריפטשטעלער?

— דאָס קער זיך נישט אָן צום ענין, האָב איך געענטפערט, ער זוכט נישט קיין אַרבעט ווי אַ שריפטשטעלער, דער מר איקס.

— וואָסער דען אַרבעט זוכט ער?

— נישט קיין חילוק וואָסערע, דער עיקר, אַבי ער זאָל קענען פאַר־דינען אויף אַ באַשיידענעם אויסהאַלט.

איצט האָט מר גרשוני זיך אַ קראַצעלע געטאָן אין אייבערשטן וואַנ־צעלע און זיך אַ בייזערל געטאָן:

— אויב ער איז אַזאַ איש־חשוב אײַער מר איקס, דאָס הייסט אַ סאַמע גלאַוונער שריפטשטעלער, פאַר וואָס זשע אַרבעט ער נישט בײַ זײַן פאַך, נאָר זוכט אַבי וואָסער אַרבעט?

— ווײַל פון שרײַבן פילאָסאָפישע סאָנעטן קען מען נישט ציִען קיין פּרנסה.

איצט האָט מר גרשוני פאַררייכערט אַ פּאַפּיראָס און אויף די געדיכטע רויך־וואָלקנס געלאָזט שווימען אַ נײַ־געבוירן שמייכעלע, וואָס האָט זיך צעוואַקסן אין אַ גרויסן שמייכלענדיקן „יש".

— הייסט עס, האָט ער מיט ביטול אָפּגעקלאַפּט דאָס אַש פון ציגאַרעט, הייסט עס, אַ פילאָסאָף איז ער דער מר איקס... איז וואָס האָט ער אויספילאָ־סאָפירט דער פילאָסאָף אײַערער? דער מר איקס, מיין איך?

— אַנטשולדיקט, מר גרשוני, האָב איך שטיל געזאָגט, איך מיין, אַז אײַער אויפגאַבע האָט נישט צו טאָן מיט קיין פילאָסאָפיע. מען איז גע־קומען צו אײַך וועגן אַרבעט פאַר אַ נויטבאַדערפטיקן מענטש, און איר, איר רעדט מיט ביטול וועגן זאַכן, פון וועלכע איר האָט זיכער קיין באַגריף נישט...

איצטער האָט זיך מר גרשוני אַ הייב געטאָן פון זײַן מלכותדיקער שטול און מיר אַ געשריי געטאָן אין פּנים אַרײַן:

— ווער זענט איר עס צו קענען פּסקענען צי איך האָב יאָ צי נישט קיין באַגריף אין פילאָסאָפיע?

— ווײַל, האָב איך שטיל געזאָגט, ווײַל, ווי באַוווּסט, זענען פילאָ־סאָפן שטיל און ענייוותדיק, און אײַער... אײַער רעדן, מר גרשוני, אײַער רעדן און אײַערע באַוועגונגען זענען פול מיט גאווהדיקער זעלבסטצו־פרידנקייט, און אײַער געשעצטער שמייכל קוקט מיט ביטול אויף יעדערן,

וואָס איז נישט זוכה צו קיניגן איבער אַ גאַנצן אַמט מיט אַזש אַכט פּקידים...

— חוצפּהניק, האָט ער אַ געשריי געטאָן, און זײַן פּנים איז צונטער־רויט געוואָרן ווי אַ סוף־חודשדיקע לבנה, חוצפּהניק, וואָס דו ביסט!

— זעצט אײַך צוריק אין אײַער מלכותדיקער שטול, מר גרשוני, האָב איך מילד געזאָגט, און באַרויִקט אײַך. עס פּאַסט נישט פֿאַר אַזאַ הויכן פּקיד, ווי איר זענט, זיך צו קריגן מיט אַ פּשוטן בשׂר־ודם. זיצט, זיצט, מר גרשוני.

איך האָב גערעדט צו אים די דאָזיקע רייד ווי אַ פּסיכיאַטער צו זײַן פּאַציענט, און אין מיטן רעדן אַרויפֿגעלייגט מײַנע הענט אויף זײַנע אַקסלען און אים צוריק אַרײַנגעזעצט אין זײַן שטול...

אַלע פּקידים, אַרום, האָבן אויסגעגלאָצט די אויגן אויף אונדז, אָפּגע־וואַרט מיט אײַנגעהאַלטענעם אָטעם, וואָס עס וועט אַרויסקומען פֿון דאָזיקן ספּעקטאַקל.

מר גרשוני האָט איצט געציטערט איבערן גאַנצן גוף, זײַנע ליפּן, צונויפֿגעפּרעסטע, האָבן נישט געקענט קיין וואָרט אַרויסברענגען, זײַן אייבערשט וואָנצעלע, ווו עס האָט פֿריִער גערוט דאָס שמייכעלע, האָט פֿאַר־לוירן די ווייכקייט פֿון אַ פּוכקע קישעלע, נאָר האַרט און שפּיצעכיק געוואָרן.

— מר גרשוני, האָב איך ווײַטער שטיל און סודותדיק געשעפּטשעט, איר לײַדט פֿון אַ פּסיכישער שלאַפֿקייט, אַ שלאַפֿקייט וואָס פֿאַרמאָגט אין דער פּסיכיאַטריע אַ קלינגענדיקן לאַטייניש נאָמען... „פּירטאַזינוס, פּירטאַ־זינע" הייסט די דאָזיקע שלאַפֿקייט... יאָ, „פּירטאַזינוס, פּירטאַזינע"... נאָר פֿאַרצווייפֿלט נישט, מר גרשוני, איך האָב פֿאַר אײַך אַ ט ײַ ע ר ע ר פֿ ו א ה, וואָס קען אײַך אויסהיילן פֿון דער דאָזיקער שלאַפֿקייט... מיט אַ געהעריקער געדולדיקער באַהאַנדלונג קען מען אײַך אויסהיילן: פֿיר מאָל אין טאָג דאַרפֿט איר אײַנגעמען צו דרײַ פּילן מיט „ב י ט ו ל ־ ה י ש" און דערצו זעקס פּילן מיט „א ה ב ת ־ י ש ר א ל"... פֿאַרצווייפֿלט נישט, מר גרשוני, מען קען אײַך היילן און מען מוז אײַך היילן...

ווען איך בין שוין געשטאַנען בײַ דער טיר, האָב איך זיך פֿאַרנייגט:

— אָט, איך גיי שוין... נעמט נישט פֿאַר אומגוט... אויף יעדן פֿאַל ווינטש איך אײַך:

אַ רפֿואה־שלמה, מר אהרון גרשוני!

# חיים נחמן טשערניכאָווסקי, הידד!

איזן איז ער אַ קליין מאָגער ייִדעלע. דער גרויסער לייבן־קאָפּ, וואָס קיניגט אויף זײַנע דראָבנע אַקסעלעך, זילבערט זיך מיט דער געדיכטער טשופּרינע, און די גרויסע מאַנדל־אויגן לײַכטן אי מיט חכמה פון אַ זקן, אי מיט תמימות פון אַ קינד.

רופן רופט מען אים „דער שטערן־קוקער", מחמת גאַנצע נעכט זעען אים די שכנים זיצן אויף זײַן גאַניק, דעם קאָפּ פאַרריסן צו די הימלען און זײַנע אויגן גאַפן אויף די שטערן.

פרעגט מען אים:

— אַדון בירנבוים, נעמט נישט פאַר אומגוט, וואָס קוקט איר אַזוי אויף די שטערן, וואָס זעט איר דאָרט?

צעשמייכלט ער זיך מיט גוטסקייט און ענטפערט בזה־הלשון:

— די גרויסע קלוגע מנוחה זע איך, דעם אין־סופיקן שבת פון דער וועלט.

ציִען די פרעגערס מיט די פּלייצעס און חידושן זיך אויף זײַנע רייד: איר האָט שוין געהערט, אַז אַ דערוואַקסענער מענטש, אַ בר־דעת, זאָל אַזוי רעדן?

— און פון וואָס, איר זאָלט מיר מוחל זײַן, מר בירנבוים, ציט איר חיונה?

פאַרריכט ער זיך די זילבערנע טשופּרינע און מורמלט אַרויס מיט מילדע רייד:

— וואָס דאַרף איך דען? אַ האַלב לעבל ברויט, צוויי פּאָמידאָרן און אַ פּאָמעראַנץ, אַרום און אַרום נישט קיין גאַנצע לירה...

פון אַן אַנדערן שכן. אַזאַ טשיקאַווענעק ווי מר בירנבוים, וואָלט מען געלאַכט און געחוזקט, נאָר אים, דעם „שטערן־קוקער", טשעפּעט קיינער

נישט. און וועמען איז פאַראַן דאָ צו טשעפּען? די פערציק קילאָ פלייש אוןביינער, וואָס זײַנען גופעלע פאַרמאָגט? צי אפשר זאָל מען מקנא זײַן די „פּרנסה" זײַנע, דאָס שטערן־קוקעניש?...

איין מאָל, פאַר נאַכט־צײַט, האָב איך זיך אַריבערגעכאַפּט צום שטערן־קוקער און געפּרוווט פאַרבינדן אַ שמועס מיט אים.

— פון וואַנען שטאַמט איר, מר בירנבוים?

— פון קרוין־פּוילן.

— געהאַט אַוודאי אַ משפּחה אַ מאָל?

— וואָס דען, פון אַ שטיין בין איך געבוירן?

— ניין, איך מיין, אַ ווײַב, קינדער...

ער שנײַדט זיך אָפּ אַ רעפּטעלע ברויט, נעמט קײַען און קײַענדיק צע־שמאָכעט ער זיך:

— צו וואָס פעלט מיר אַ ווײַב מיט קינדער? וואָס ווייניקער אַ מענטש איז געבונדן צו די זאַכן פון דער וועלט, אַלץ פרײַער איז ער...

— וואָס זשע טוט מען מיט דער פרײַקייט, מר בירנבוים?

— מען טוט נישט, מײַן פרײַנד, טאַקע אין נישט־טאָן באַשטייט די חכמה..

— וואָסער חכמה, מר בירנבוים?

— די חכמה פון שטיין מן הצד און קוקן, קוקן, האָרכן און פאַרשטיין...

— וואָס פאַרשטיין, מר בירנבוים?

— זעט, טוט ער אַ טײַטל צו די אויסגעשטערנטקייטן, זעט וויפל קלוגע רו און שלווה. דער זעלביקער אויסגעשטערנטער הימל ווי נעכטן און ווי פאַר מיליאַרדן יאָרן. פון די שטערן דאַרף מען זיך לערנען לעבן... יאָ, מײַן פרײַנד, שטערן לעבן זייער לעבן, כאָטש זיי האַנדלען נישט, אַרבעטן נישט, גייען נישט אין אַמט אַרײַן, מאַכן נישט קיין ביזנעס, קריגן זיך נישט מיטן ווײַב... וואָס לאַכט איר, שכן?

— איך לאַך נישט, מיר געפעלט וואָס איר זאָגט...

— פאַר וואָס זשע טוט איר אויך נישט דאָס אייגענע וואָס איך?

— ווײַל איך האָב נישט קיין כּוח דערצו, מר בירנבוים.

ער צעלאַכט זיך מילד:

— וואָס הייסט, נישט קיין כּוח? איך דאָס פּיצל אײַנגעקוואַרטע

ייִדעלע האָב יאָ כּוח און איר, זאָלט מיר מוחל זײַן, אַ ייִד אַ גבר האָט קיין כּוח נישט?

— יאָ, זאָג איך, ס'איז טאַקע צום לאַכן, מר בירנבוים...

אין איינעם אַן אינדערפרי האָט זיך אין אונדזער הויז באַוויזן אַן אויסגעפּוצט ווײַבעלע מיט אַ גרויסן בוקעט בלומען.

זי האָט געזוכט אויף די שילדלעך וואָס אויף די טירן, און נישט געפינענדיק דעם נאָמען וואָס זי האָט געדאַרפט, האָט זי אַ פרעג געטאָן אַ שכן:

— ווו וווינט דאָ דער אָדון בירנבוים?

— אָט דאָ וווינט ער, האָב איך אָנגעוויזן אויף דער טיר, אויף וועלכער עס האָט זיך נישט געפונען קיין שום שילדל.

זי האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר, און בעת מר בירנבוים האָט געעפנט, האָב איך, איבערנעמענדיק די ראָלע פון אַ פירער, זי אַרײַנגעפירט:

— מר בירנבוים, האָב איך געזאָגט, איך האָב געבראַכט אַ גאַסט, די דאָזיקע פרוי פרעגט זיך צו אײַך.

מיר זענען אַרײַן אין שטוב.

— מיט וואָס קען איך אײַך דינען? האָט מר בירנבוים אַ פרעג געטאָן דאָס ווײַבעלע.

זי האָט זיך אַ פאַרנייג געטאָן און אַ שטרעק אויס געטאָן איר קליין הענטעלע מיטן ריזיקן בוקעט בלומען:

— דערלויבט, האָט זי געשטאַמלט פון עמאָציע, דערלויבט אײַך צו דערלאַנגען מײַנע בלומען...

— פאַר וואָס קומען מיר בלומען? האָט זיך מר בירנבוים קינדיש־תּמעוואַטע צעשמאָכעט, מאי־קא־משמע־לן בלומען?

דאָס ווײַבעלע האָט אים אַ שטופּ געטאָן די בלומען אין די הענט אַרײַן און מיט אַ פּײַכט קול גענומען ווי דעקלאַמירן:

— אײַער לעצטע פּאָעמע, מר בירנבוים... אײַער שעדעווער... אײַער וווּנדערלעך געזאַנג צום שבת פון דער וועלט האָט מיך דערשיטערט... און וואָס קען אַזאַ פרוי ווי איך שענקען דעם מײַסטער? נעמט צו מײַנע בלומען, ווי אַ דאַנק פון מײַן האַרצן צו אײַער מעכטיק געזאַנג...

איצט איז ער געשטאַנען, מר בירנבוים, דאָס קליינע מאָגערע גופּעלע איינגעבויגן און אויך זײַן ווײַסער לייבן־קאָפּ האָט זיך געבויגן צניעותדיק. זײַן קול האָט קוים אַרויסגעשעפּטשעט:

— איר פאַרשעמט מיך, ליבע פרוי, פון אַ פּאָר פערזן, וואָס איך האָב אָנגעשריבן, מאַכט איר אַן ענין...

און צו מיר האָט ער זיך אַ ווענד געטאָן אַ פאַרשעמטער:

— עט, ווייס איך... איין אָדער צוויי מאָל אין לעבן עפּעס אָנגעשריבן... שטותים... מיט אַ פּאָר פערזן ווערט מען נאָך נישט קיין פּאָעט... אָסור, זאָג איך אײַך, איך בין קיין פּאָעט נישט...

אַזוי האָט געזאָגט דער מר בירנבוים, נאָר עס האָט אים גאָרנישט געהאָלפן.

אויף צומאָרגנס האָבן שוין קינד און קייט אין אונדזער הויז געוווּסט, אַז דער שטערן־קוקער איז אויך אַ פּאָעט, אַ גראַמען־מאַכער, אַ פאַר־שלעפּטע קרענק...

און בײַ טאָג, בעת מר בירנבוים איז אַרויס פון זײַן שטוב צום שפּײַז־געוועלב קויפן אַ האַלב ברייטל, האָבן אים קינדער נאָכגעשריגן:

שטערן־קוקער, פּאָעט, חיים נחמן טשערניכאָווסקי, הידד!

# דיאָגנעס דער צווייטער

דעם גענויען אַדרעס האָט מיר געגעבן מײַנער אַ פרײַנד, אָבער אין לאַבירינט פון די שמאָלע יפוער געסלעך, האָב איך לאַנג אַרומגעבלאָנדזשעט ביז איך האָב אָנגעטראָפן דאָס געזוכטע הויז.

אויף אַ פעלדזיק בערגל איבערן ים האָט זיך אַרויסגעהויבן דאָס הײַז־קעלע, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ פּאַס אין אַן אַלטמאָדישן ווײַן־קעלער.

עס איז שוין געווען פּאַר נאַכט־צײַט און אין שײַן פון דער זון, וואָס האָט זיך אַראָפּגעקײַקלט אין ים אַרײַן, האָט אויפגעלויכטן דאָס שילדל אויף דער בלעכענער טיר פון דער הײַזקע: „דיאָגענעס דער צווייטער".

איך האָב אָנגעקלאַפּט.

אַ קאָפּ מיט אַ האַרטער קופּערנער באָרד האָט זיך באַוויזן אין קליינעם שמאָלן פענצטערל.

— דאָ וווינט דיאָגענעס דער צווייטער? האָב איך שטיל אַ פרעג געטאָן.

— און אַז ער וווינט איז וואָס? האָבן די אויגן אין באָרדיקן קאָפּ אַ פינקל געטאָן, ווער דאַרף אים, ווער?

— אַ מענטש, האָב איך שטיל געענטפערט.

דער קאָפּ האָט זיך צעלאַכט:

— אַהאַ, ווער וואָגט עס זיך אָנצורופן „מענטש"?

— וואָס דען בין איך? אַ פּיפּערנאָטער?

ער האָט געעפנט די טיר און מיר אַ לײַכט געטאָן מיטן לאָמטערן אין די אויגן אַרײַן.

— זײַט מוחל, האָב איך געזאָגט, האָט נישט קיין פּאַראיבל, וואָס איך שטער אײַך... איך קום... מיט אַ גרויס קום איך.

ער האָט גאָרנישט נישט געענטפערט, נאָר פאָרויס געשפּרייזט מיטן לאָמטערן אין דער האַנט. מיר זענען אַריַין אין אַ מין טונקעלן שטיינ־קעלער, אין וועלכן עס האָט זיך גאָרנישט געפונען חוץ אַן אַלט אײַזערן בעטל און אַ קליין צעבראָכן טישל.

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן בעטל און מיר אָנגעוויזן אַן אָרט נעבן זיך.

בעת איך האָב זיך אַוועקגעזעצט, האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— טשיקאַווע צו וויסן ווער עס שיקט מיר אַ גרוס... ווײַזט אויס עמעצער געדענקט נאָך דיאָגענעס דעם צווייטן?

— רחלע, האָב איך מילד אַרויסגעשעפּטשעט, רחלע דעם שוחטס... שיקט אַ גרוס אײַך...

ער האָט מיר אַ לײַכט געטאָן מיטן לאָמטערן אין פּנים אַרײַן און בייז אַ ברום געטאָן:

— ווי אַזוי וואַגט איר חוזק צו מאַכן פון אַן אַלטן פילאָסאָף?

— חס־וחלילה, ווער מאַכט חוזק? איך ברענג אײַך אַ גרוס, אַ לעבע־דיקן גרוס.

ער האָט אַרײַנגענומען דעם באָרדיקן קאָפּ אין די ריזיקע דלאָניעס און שטיל געזאָגט:

— נאָך צוואַנציק יאָר האָט זי זיך ערשט איצט דערמאָנט מיר צו שיקן אַ גרוס?

— זי איז דאָך ערשט די צווייטע וואָך אין ישׂראל... די צווייטע וואָך ערשט, אַז זי איז עולה געווען, רחלע...

ער האָט זיך ראַפּטעם אַ הייב געטאָן פון בעטל און גענומען אַרומ־לויפן איבערן שטיבל, און דער לאָמטערן אין זײַן האַנט האָט געוואָרפן אויסטערלישע שאָטנס איבער די אָפּגעקראָכענע ווענט:

— כאַ־כאַ, האָט ער גענומען משונהדיק לאַכן, כאַ־כאַ, זעט נאָר ווי דער גורל האָט ליב זיך צו שפּילן. מיט איטלעכן שפּילט ער, דער גורל, מיט טיפּשים און פילאָסאָפן, ער מאַכט נישט קיין אָפּקלײַב, זײַן מאַיעסטעט דער גורל!...

רחלע! הערט נאָר אַ געשיכטע פון אַ מעשׂה! אַ שונדאָווע דראַמאַטורג איז דער גורל. מעלאָדראַמעס מיט טראַגעדיעס בראָקט ער צונויף אין

אַ פּורים־שפּיל און שטעלט זיי אַלע אונטער איין טיטל־בלאַט: „זײַן מאַיעסטעט דאָס לעבן!"... האַ־האַ, רחלע דעם באַיאַנער שוחטס בת־יחידה מיט די גילדענע צעפּ!

— אירע צעפּ זענען שוין נישט קיין גילדענע, האָב איך אַ שעפּטשע געטאָן, זיי זענען שוין גרוילעכע...

דיאָגענעס דער צווייטער האָט זיך צעלאַכט:

— האַ־האַ, אַ שפּאָגל־נײַער טריק פון רעזשיסאָר צו מאַכן האַרץ־רײַסנדיק דאָס פּורים־שפּיל: ער פאַרבט איבער גילדענע צעפּ אויף פליכע־וואַטע גרוי און שטעלט אַרויס אַ גרויסן לעקער דעם פילאָסאָף דיאָגענעס דעם צווייטן!

ער איז שטיין געבליבן אין מיטן חדרל און זיך צעשריגן:

— פאַר וואָס, פאַר וואָס איז רחלע דעם שוחטס נישט געקומען צו דיאָגענעס דעם צווייטן, בעת עס האָט נאָך געזומערט דאָס גאָלד אין אירע צעפּ?... עס האָט נישט געפּאַסט איר חתונה־צו־האָבן מיטן לאַטוטניקס זון, וואָס האָט געשריבן פילאָסאָפישע טראַקטאַטן און געהונגערט!!! זי האָט געחלומט פון פוקע קישעלעך און זײַדענע קאָלדרעס און נישט געוווסט, אַז צעפּ בײַטן זיך פון גאָלד אויף פליכעוואַטע גרוי... אַלץ בײַט זיך, נאָר דער פילאָסאָף בלײַבט אייביק פילאָסאָף!

ער האָט מיר ווידער אַ לײַכט געטאָן מיטן לאַמטערן אין די אויגן און מאַיעסטעטיש אַ באַפעל געטאָן:

— גייט, גייט צו רחלע דעם שוחטס און זאָגט צו איר אין מײַן נאָמען, אַזוי צו זאָגן:

דיאָגענעס דער צווייטער, וואָס וווינט אין יפו בײַם ברעג ים, אין אַ שטיינערנעם פאַס, איז איר מוחל. ער וואַרט אויף איר, אַזוי ווי זי שטייט און גייט, און זײַנע טרויעריקע ליפּן זענען גרייט צו קושן די גרויע פאַר־שעמטע צעפּ, וואָרעם פול מיט פאַרגעבונג און רחמים איז דאָס האַרץ פון דיאָגענעס דעם צווייטן... זאָגט איר, רחלען, אַז איך וויל פאַרענדיקן מיט איר דעם לעצטן אַקט פון דער טרויעריקער דראַמע...

אַזוי האָט גערעדט צו מיר דיאָגענעס דער צווייטער, און פון זײַנע אויגן זענען גערונען טרערן, וואָס האָבן זילבערדיק מילד אויפגעלויכטן אין האַרטן קופּער פון זײַן באָרד.

# די אַלטע רביצין

וואָס בלײַבט פֿון די דורות וואָס גייען אַוועק? פּאָעמעס בלײַבן, סימפֿאָניעס און קונסט־געמעלן אין די מוזייען.

אָבער אַ מאָל טרעפֿט, אַז שוין בײַם לעבן ווערט אַ מענטש דערהויבן צו אַ פּאָעמע, אָדער צו אַ בילד, דאָס הייסט צו תּמציתדיקער סימבאָליק פֿון זיך אַליין.

דער גרויסער סאַלאָן מיט די אַלטמאָדיש־געשניצטע קרעדענצן און זילבער־שענק דרימלט אין געדעמפּטן גאָלד פֿון זונפֿאַרגאַנג, וואָס צעגיסט זיך ווי אַ צעפּלאָסענער טײַך איבער אַלערליי ירושה־חפֿצים: שווערע זילבערנע פּסח־קערות, הונדערטיאָריק־אַלטע חנוכּה־לאָמפּן, קונציק־געהאַמערטע הדסלעך און לאַנגע בורשטינענע ליולקע־ציביקעס.

דער גאַנצער סאַלאָן זעט אויס ווי אַ מוזיי, און אין מיטן, אויף דער גרויסער רויט־פּליושענער פּאָטערשטול זיצט די אַלטע רביצין ווי אַ בילד אויסגעמאָלן אויף אַ לײַוונט.

איך שלײַך זיך אַרײַן אויף די שווערע פּערסישע דיוואַנען און מיר דאַכט, אַז איך אַליין בין אויך אַ חלק פֿון אָט דעם לעגענדאַרן מוזיי.

זי שמייכלט, די אַלטע רביצין, צו מיר און איר שמייכל זעט אויס ווי אַ צאַרטער לבֿנה־פֿלעק, וואָס גליטשט זיך דורך אויף ווײַסן מאַרמאָר.

— זיץ, שעפּטשעט די רביצין צו מיר, נאָר אירע ליפּן עפֿענען זיך נישט, די ווערטער רינען אַרויס ווי טראָפּנס פֿון אַ מירמעלנעם פֿאָנטאַן.

אַזאַ שטילעניש אַרום. עס דאַכט זיך: די שטילקייט רירט אָן די גילדענע גלעקלעך אויף די ספֿר־תּורה־קרוינען וואָס הויערן אויף די אַלטע געשניצטע קרעדענצן. נאָר די גלעקלעך קלינגען נישט, זיי היטן דאָס לשון פֿון שווײַגן. די אַלטע רביצין שטרעקט צאַרט אויס איר האַנט, הייבט אויף דעם פֿעכער פֿון גאָלד־בלויע פּאַווע־פֿעדערן און מורמלט:

— אַ פּאָר הונדערט יאָר האָט מען זיך געפּאַכעט אין סאַדעגערע מיטן דאָזיקן פעכער... מיינסט, הונדערט יאָר זענען אַ סך ?... עט, אַ פּאָך מיטן פעכער און נאָך אַ פּאָך און עס לויפן דורך הונדערטער יאָרן, און די זון שטייט ווי דעמאָלט אויך איצטער אין פענצטער און גרייט זיך צו שקיעה... נאָר שרעק זיך נישט, זי פאַרגייט די זון און קומט ווידער צוריק. אַזוי איז געווען אַ מאָל אין סאַדעגערע און אַזוי איצט אין תּל־אביב... זעסט, טוט זי אַ טײַטל צום אַלטן ירושה־זייגער וואָס הענגט אויף דער וואַנט, זעסט דעם דאָזיקן זייגער ? — אַ משל איז ער, אַ משל פון דער צײַט. פּאָר צוויי הונדערט יאָר פלעגט די עלטער־באָבע, ז״ל, אויפהייבן אירע הייליקע אויגן צום זעלביקן זייגער יעדן פרײַטיק פאַר נאַכט, צו זען צי ס׳איז שוין צײַט ליכט צו בענטשן... זעסט, דאָרט שטייען די בענטש־ליכט, די זעלביקע בענטש־ליכט וואָס זענען געשטאַנען אַ מאָל אין ריזשין... אַ מאָל האָט די עלטער־באָבע געבענטשט ליכט אין זיי, איצט בענטש איך, און נאָך הונדערט יאָר וועלן מײַנע אייניקלעך אין זיי ליכט בענטשן... דו מיינסט, אַז ס׳איז אַ גרויסער חילוק ווער און ווו סע בענטשט ליכט ? דורות בײַטן זיך און די ליכט צינדן זיך אייביק פון ס׳ניַי.

איצט שווײַגט זי ווידער, די אַלטע רביצין, וואָס זעט אויס ווי אַ וווּנ־דערלעך געמעל אויף אַ לײַוונט.

די טיר עפנט זיך און ביילקע די דינסט ברענגט אַרײַן אַ זילבערנע טאַץ, אויף וועלכער סע ברענט, ווי אַ רויטער לאָמפּ, אַ גלאָז פון רובינען־פאַרביקן קרישטאָל.

— איך האָב געבראַכט טיי דער רביצין, זאָגט זי און שטעלט אַוועק די טאַץ. נאָך אַ רגע פאַרשווינדט די דינסט אויפן ווייכן פליוש פון דיוואַן.

די אַלטע רביצין הייבט אויף דאָס גלאָז טיי :

— זע, זאָגט זי צו מיר, זע ווי איך נעם דאָס גלאָז צו מײַנע ליפּן. יעדן פאַרנאַכט טו איך אַזוי, שוין קרוב צו זיבן צענדליק יאָר טרינק איך אַזוי מײַן טיי... נאָר נישט בײַ מיר הייבט זיך עס אָן, פון זעלביקן גלאָז און אין דער זעלביקער שעה האָט די מאַמע מײַנע, די באָבע און עלטער־באָבע געטרונקען טיי... דו מיינסט עפּעס בײַט זיך ?

איצט שוויַגט זי ווידער, די אַלטע רביצין, וואָס זעט אויס ווי אַ וווּנ־דערלעך געמעל אויף אַ לײַוונט.

— רביצין, רײַס איך איבער די שטילקייט, רביצין, קען זײַן, אַז אין די דאָזיקע ד׳ אמות האָט זיך גאָרנישט געביטן, אָבער...

אָבער פון יענער צײַט, אין דער גרויסער וועלט, איז אַלצדינג איצט אַנדערש: אַ מאָל איז מען פון ריזשין קיין סאַדעגערע מיט פערד און וואָגן געפאָרן מעת־לעתן לאַנג, הײַנט פליט מען פון תּל־אָביב קיין אַמעריקע ווייניקער ווי איין מעת־לעת, און ווײַטער פליט מען, ביז דער לבֿנה פליט מען...

דער שמייכל אויף דער אַלטער רביצינס פּנים ריזלט אַראָפּ ווי שטערנ־שײַן פון מאַרמאָר:

— דו מיינסט, זאָגט זי, אַז ס׳איז חשובֿ וויפֿל מען פאָרט, וויפֿל דאָס פאָרן דויערט? ניין, מײַן זון, חשובֿ איז נאָר „וווהין מען פאָרט" און „צו וואָס מען פאָרט"... גאַווריִלע פון סיביר פליט ביז דער לבֿנה און זינגט דאָרט אַ לויב צו ניקיטאַן... און דער שפּאָלער זיידע, להבדיל, פאָרט פון שפּאָלע ביז זלאָטאָפּאָלי און שאַלט הלל צום באַשאַפער פון דער וועלט... דערשרעק דיך נישט, מײַן זון, פאַרן גרויסן האָקוס־פּאָקוס, קדושה האָט געענוג פיר אײַלן און זי אײַלט זיך נישט, די קדושה. דער הייליקער ריזשינער זיידע פלעגט זאָגן „אחד" בײַ קריאת־שמע פון נײַן אַ זייגער אָוונט ביז־קל חצות, און אין די דאָזיקע פאָר שעה זענען דורכגעגאַנגען פאַר אים אַלע דורות און צײַטן, פון אָדמען ביזקל אַחרית־הימים... און דער גרויסער זיידע, דער מגיד פון מעזריטש, איז אַ מאָל אָפּגעשטאַנען אַ גאַנצן מעת־לעת בײַ דער קליינינקער „ב" פון „בראשית" און צום סוף זיך אויסגעדרייט צו זײַנע תּלמידים און געזאָגט בזה־הלשון:

— אוי, געוואַלד, אָפּגעשטאַנען אַ גאַנצן מעת־לעת בײַ איין קליינינ־קער „ב" און נאָך אַלץ נישט אָנגעהויבן...

די אַלטע רביצין ווערט ווידער שטיל. איצט האָט די זון זיך שוין פאַר־לאָשן אין די פענצטער. די רביצין רײַבט אָן אַ שוועבעלע און צינדט אָן אַ ליכט.

— נישט פאַראַן דאָ קיין עלעקטריע? וווּנדער איך זיך.

זי שמייכלט, די אַלטע רביצין:

— איך האָב נישט קיין אמונה, מײַן זון, אין אָט די אַלע בנײַקייטן, איך האָב ליב דאָס אַלטע, וואָס איז שטענדיק יונג און פריש...

דאָס גרויסע וואָקסענע ליכט, אין אַלטמאָדיש־געשניצטן זילבער־לײַכ־טער, ציטערט און באַשאַפט שאָטנס, וואָס שפּרייטן זיך ווי לעבעדיקע באַ־שעפענישן פון אַ סודותדיקער וועלט. און צווישן די שאָטנס אָטעמט די שטילקייט וואָס איז פול ווי אַ לשון, וואָס פאַרכט מחמת יראת־הכבוד צו עפענען זיך און בלײַבט פאַרשלאָסן אין דער אייגענער קוואַליקער עשירות.

# אַן אויסטערלישע נגב־פּלאַנץ

פון קינדוויַיז אָן האָט אילה מורא געהאַט פאַר גופיקייט. אַפילו אויף איר אייגן לײַב, אויף אייגענע הענט און פיס, האָט זי געקוקט ווי אויף עפּעס פרעמדס און אומהיימלעכס. ווען זי האָט געלייענט אין חומש, ווי אַזוי גאָט האָט באַשאַפן אָדמען, האָט זי זיך געוווּנדערט: צו וואָס האָט דער באַשאַפער געדאַרפט נעמען ליים און אַרײַנבלאָזן זײַן גײַסט אין אָט דער קלעפּיקער מאַסע? ער, דער שאַפער, האָט דאָך געקענט זיך באַגיין אָן דעם און פורעמען דעם בן־אָדם נאָר פון ריינעם גײַסט. צו וואָס האָט ער געדאַרפט גוף פאַר אים?

זי פלעגט זיך, אין דמיון, אויסמאָלן אַ מענטש, וואָס איז אויסגעוועבט פון בלויער צאַרטער לבנה־שײַן, אַ מין ליכט־געכוואַליע אין אַ טײַך פון לויטער ליכט.

איז נישט קיין וווּנדער וואָס בײַם דאָזיקן אויסטערלישן מיידל האָט זיך אין דער פריסטער יוגנט שוין געגעסטיקט אַ ווידערווילן צו יעדן קערפּערלעכן באַריר מיט אַ מאַנספאַרשוין, אַ פּחד צו יעדער באַהעפטונג פון פלייש מיט פלייש.

אין די נעכט פלעגט זי אַרומוואָגלען אין איר פאָטערס צעבליטע פּרדסים, צערטלען מיט אירע לאַנגע איידעלע פינגער דאָס אָוונט־ליכט אין די ראָסיקע בלעטער פון ביימער, און וויינען פון בענקעניש. נאָך וועמען און נאָך וואָס זי האָט געבענקט, איז איר אַליין נישט קלאָר געווען. נאָר זי האָט נישט געדאַרפט און נישט געוואָלט אָנרופן די זאַכן בײַ די נעמען. אָן נעמען, האָט זי געטראַכט, בלײַבן די זאַכן טיפער און אור־וווּקסיקער.

בעת זי איז אַלט געוואָרן אַכצן יאָר און פאַרענדיקט די גימנאַזיע, האָט איר פאָטער, דער רײַכער פּרדסן, זי אַרײַנגערופן צו זיך אין קאַבינעט,

אָוועקגעזעצט נעבן זיך אויפן דיוואַן און, גלעטנדיק אירע האָר, צו איר גערעדט מיט מילדע רייד:

— איך וועל דיך שיקן קיין ירושלים, אילה, אין אוניווערסיטעט וועל איך דיך שיקן לערנען. אָבער... אָבער זײַ וויסן, מײַן טאָכטער, אַז ווי אַזוי אַ פרוי זאָל נישט זײַן געלערנט, בלײַבט אַלץ דער עיקר פאַר איר דאָס משפּחה־לעבן: דאָס הייסט, דער מאַן און די קינדער, וואָס זי וועט אים געבוירן...

דורכן מיידלס לײַב איז אַדורך אַ דראַזש. נאָר זי האָט אים געוואָלט באַהאַלטן און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. און דער פאָטער האָט ווידער גערעדט צו איר:

— דער שענסטער און פײַנסטער בחור וואָלט גליקלעך געווען זאָלסט ווערן זײַן ווײַב, וואָרעם ביסט קלוג און שיין און געלערנט און... און דײַן פאָטער איז אָנגעזען און רײַך... איז קיינער פון צווישן די באַקאַנטע בחורים נישט נאָענט צו דײַן האַרץ, אילה?

— ניין, האָט דאָס מיידל אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

— וואָס ווילסטו, דאָס טעלערל פון הימל?

— ניין, פּשוט, איך וויל נישט חתונה האָבן...

דער פאָטער האָט צעעפנט אַ פּאָר דערשראָקענע אויגן:

— פאַר וואָס?

— פּשוט, ס׳איז אַן ענין פאַר קעץ און הינט און היינער...

און מיט דעם האָט זיך פאַרענדיקט דער אויסטערלישער שמועס צווישן פאָטער און טאָכטער.

אין ירושלימער אוניווערסיטעט האָט זיך אילה פאַרשריבן אויף באָ־טאַניק, וואָרעם צו פלאַנצן און צמחים האָט זי נישט געהאַט קיין תּרעומות: צמחים לעבן ווי עס קער צו זײַן, זייער גופידיקייט איז שטילער, צניעות־דיקער ווי פון אַנדערע בעלי־חיים...

זי האָט גיך געפונען חן אין די אויגן פון אירע פּראָפעסאָרן צוליב איר גרונטלעכקייט אין פאָרשן, ביזן לעצטן פּרט, די פלאַנצן־אָרגאַניזמען און צוליב איר באַטירלעכן צוגאַנג צו צמחים ווי צו לעבעדיקע באַשעפענישן. באַזונדערס האָט זיך אינטערעסירט מיט איר דער באָטאַניק־פּראָפעסאָר אַבני, אַ יונגער־מאַן פון אַ יאָר דרײַסיק, וואָס האָט געפאָרשט די אייגנ־

שאַפּטן פון אַן אויסטערלישער נגב־פּלאַנץ. און זי, די יונגע סטודענטקע, האָט אים אַסיסטירט בײַ די פאָרשונגען.

דער נגב־צמח איז געווען אַ פאַרשלאָסענער אין זיך. נאָר אין אָוונט, אין לבנה־ליכט, פלעגט ער צעעפענען די בלעטער, אַ ציטער טאָן און צוריק זיי פאַרשליסן.

— סאַראַ עקשנותדיקע צניעות דער דאָזיקער נגב־צמח פאַרמאָגט, האָט דער פּראָפעסאָר געשמייכלט, סאַראַ אויסטערלישע צנועה ס׳איז די דאָזיקע פּלאַנץ...

דער פּראָפעסאָר האָט מיט אַ צאַרטן פינצעט צוגערירט זיך צו אַ פאַרשלאָסענעם בלאַט, געפּרווּוט אים אַ קאַפּל עפענען, נאָר די סטו־דענטקע נעבן צמח האָט אויפגעציטערט:

— לאָזט, פּראָפעסאָר, האָט זי שטיל געזאָגט, לאָזט די פּלאַנץ אין איר פאַרשלאָסנקייט.

זי האָט עס אַרויסגעזאָגט, נאָר ווײַזט אויס זיך דערשראָקן פאַר די אייגענע ווערטער, האָט זי געשווינד אָוועקגעהאָפּסלט צו אַ צווייטער פּלאַנצן־משפחה.

דער פּראָפעסאָר האָט זיך דערנענטערט צו אילהן און שטיל געזאָגט:

— האַרכט, סאַראַ שטילקייט דאָ... דאַכט זיך אײַך נישט אַ מאָל, אַז אין דער שטילקייט הערט איר ווי די פּלאַנצן טראַכטן, מיט אַזוינע דינע צאַרטע מחשבות טראַכטן זיי...

— יאָ, האָט זי געזאָגט, יאָ, איך וואָלט אויך וועלן טראַכטן ווי אַ פּלאַנץ, וואָרעם... וואָרעם ס׳איז שענדלעך, גרויליק־שענדלעך איז צו זײַן אַ מענטש.

דער פּראָפעסאָר האָט אויסגעגלאָצט צו איר אַ פּאָר דערשטוינטע אויגן.

— יאָ, האָט אילה געזאָגט, דאָס פּלאַנץ־געבלעטער פאַרמאָגט עפּעס ערב־גײַסטיקס, און דער מענטש, סאַראַ שאַנד פון פלייש־זײַן! מענטשן־לײַב איז שענדלעך־פאַרשעמענדיק! צו וואָס האָט גאָט געדאַרפט אַרײַנ־בלאָזן זײַן גײַסט אין ליים, האָט ער נישט געקענט באַשאַפן דעם מענטש לויטער, לויטער גײַסט?

— איר באַליידיקט מיט אומרעכט דעם מענטשלעכן גוף, האָט דער פּראָפעסאָר געזאָגט, צי דערגייט נישט צו אײַך די סימפאָניע וואָס קוואַלט

דורך די ליניעס פון מענטשלעכן קערפּער? סאַראַ ווונדערלעכע מאָזאַיִק פון מענטשן־פינגער וואָס שטרעקן זיך מיט ליבשאַפט צו קלאַווישן פון אַ קלאַוויר, אָדער צו אַ צווייט געליבט וועזן! מאַמע־פינגער וואָס גלעטן די אברים פון איר זויגלינג, אָדער פינגער פון אַ מאַן איבער די סטרונעס פון זײַן געליבטערס לײַב...

דעם פּראָפעסאָרס קול האָט געשטראַמט מיט שמעקנדיקער וואַרעמ־קייט, ווי עס וואָלט אַרויסגעאָטעמט פון אים דער אַראָמאַט פון יונגע צמחים אין פרימאָרגן־ליכט.

ער האָט אַרויפגעלייגט זײַן האַנט אויף אירע האָר. זי האָט אויפגע־ציטערט און דאָס ערשטע מאָל אין לעבן דערפילט, אַז זי האָט געזינדיקט, מיט אומרעכט געזינדיקט קעגן מענטשלעכן גוף... און זי האָט שטיל געזאָגט:

— אפשר... אפשר איז פאַראַן רעכט אין אײַערע ווערטער, פּראָפעסאָר... אפשר...

און זי האָט צוגעהאָפסלט צו דער אויסטערלישער נגבֿ־פלאַנץ...

די לבנה־שײַן האָט געפלאָטערט איבער איר ווי לעבעדיק און די סודותדיקע נגבֿ־פלאַנץ האָט קוים־קוים געגומען צעבלעטערן אירע בלעטער.

# דער בער מיטן פידל

הויכוווקסיק, ברייטביינערדיק און האָריק, שפּאַנט ער מיט דער שווער־קייט פון אַ בער הינטערן וועגעלע, וואָס לייַכט אין זונליכט מיט כּל־המינים שלייַף־שטיינער, רעדער און רעדלעך, און פון זייַנע באַוואָנצטע ליפּן קייַקלען זיך קלאַנגען, האַרטע ווי שטיינער:

— שלייַפן! שלייַפן! שלייַפן!

ער שטעלט זיך אָפּ לעבן אַ פּילגאָרנדיק הויז און וואַרט, די מענטשן זאָלן אים ברענגען זייערע מעסערס צום שלייַפן.

איך דערלאַנג אים אויך מייַן שטומפּיק שטאָל און אייַזן.

— פון וואַנען איז אַ ייִד? פרעג איך.

ער בלאָזט אָפּ די פונקען וואָס צווישן שלייַף־שטיין און מעסער און טוט אַ ברום:

— פון יענער זייַט סמבטיון, פון הינטער די הרי־חושך.

— שוין לאַנג דאָ אין ישׂראל?

— וואָס הייסט בייַ אייַך לאַנג? פינטלט ער מיט אַן אויג צום מעסער־שאַרף, לענגער פון קורצן פרייַטיק...

— איר זענט נישט פון פּאָניע־לאַנד? פּרווו איך ווידער עפּעס גע־וווּיר ווערן פון דאָזיקן טשודאַק.

ער ווישט אָפּ דאָס אָנגעשלייַפטע מעסער און דערלאַנגט עס מיר:

— אָט, האָט איר עס און גייט און שנייַדט געזונטערהייט ברויט און באַשמירט מיט פּוטער...

איך נעם דאָס מעסער און זאָג מיט פּאַרדראָס:

— איר זענט אַ טשיקאַווער ייִד, אַן עקשן, שווער בייַ אייַך אַ וואָרט אַרויסצוקריגן...

ער קוקט מיך אָן און ענטפערט טרויעריק:

— מען האָט שוין אַלע ווערטער אויסגערעדט... נישטאָ מער וואָס צו זאָגן...

אַזוי זאָגט ער צו מיר און נעמט שטופּן דאָס וועגעלע.

איך טראַכט: אים נאָכגיין אָדער נישט? דער דאָזיקער הויכוווקסיקער, ברייטביינערדיקער, האַריקער בער אינטריגירט מיך מיט זײַנע אויס־טערלישע נישט־דערזאָגטע רייד.

איך האָב אים „נאָכשפּיאָנירט" און דערגאַנגען ווו ער וווינט.

אין איינעם פון די געסלעך אין שייך־מוניס, וואָס אַלע טראָגן זיי נעמען פון ייִדישע שבטים, שטייט אַ הײַזקע. בײַ דער דאָזיקער הײַזקע האָט ער אָפּגעשטעלט דאָס וועגעלע מיט די שלײַף־שטיינער, אָפּגערייניקט דעם שטויב פון די שיך און אַרײַן אין הויז.

איך האָב אַ פרעג געטאָן אַ ייִדן וואָס איז פאַרבײַגעגאַנגען:

— דאָ וווינט ער, דער שלײַפער?

— יאָ, האָט דער ייִד געענטפערט, איר דאַרפט עפּעס אָנשלײַפן?

— ניין, איך דאַרף בלויז וויסן צי ער האָט אַ משפּחה...

— כי־כי, האָט זיך דער ייִד צעלאַכט, אַזוינס האָט נישט קיין משפּחה... משוגע, מטורף...

— אין וואָס באַשטייט דער שגעון זײַנער? האָב איך געפּרוווט אַרויס־ציִען עפּעס בײַם ייִדן.

— אין וואָס זײַן שגעון באַשטייט, פרעגט איר? און איך פרעג אײַך: אין וואָס באַשטייט ער נישט? אַז אַ גאַנצן טאָג שלײַפט ער מעסערס און פאַר נאַכט, בעת ער קומט אַהיים, נעמט ער שפּילן אויף אַ פידל... שפּילט גאַנצע נעכט אַזוי, שפּילט און וויינט, וויינט און שפּילט... איר הערט?

יאָ, איצטער האָב איך דערהערט. פון דער הײַזקע האָט גענומען כליפּען אַ פידל.

— איר זעט, האָט דער ייִד אַ טײַטל געטאָן צום פענצטער, איר זעט ווי ער שפּילט דאָרט, אַ בער שפּילט פידל...

איך האָב פּאַמעלעך, מיט האַרץ־קלאַפּעניש, געעפנט די טיר:

— זײַט מוחל, האָב איך שטיל געזאָגט, איך האָב ליב פידל־שפּילן... האָב איך דערהערט שפּילן, האָב איך נישט געקענט זיך אײַנהאַלטן... זײַט מוחל, דערלויבט מיר צו הערן... שפּילט, שפּילט, איך וויל בלויז הערן...

ער האָט מיך אָנגעקוקט מיט אויגן פון אַ לונאַטיקער און אַ שעפּטשע געטאָן ווי פון חלום:

— וואָס ווילט איר פון מיר? פאַר וואָס לאָזט איר מיך נישט אויס־וויינען?

— מיר איז אויך טרויעריק, האָב איך שטיל געזאָגט, וואָס אַרט אײַך, אַז איך וועל אויכעט וויינען?

אין אַלקערל איז געוואָרן טונקל. די זון פון יענער זײַט באַרג איז שוין געווען פאַרגאַנגען.

— מען קען נישט, האָט ער אַ זאָג געטאָן מיט אַ יענטוועלטיק קול, מען קען נישט וויינען בציבור... יעדער דאַרף וויינען פאַר זיך אַליין...

— איר זענט מסתם אַ בעל־יסורים? האָב איך שטיל געזאָגט, אַ גרויסער בעל־יסורים?

— איך בעט נישט קיין רחמים בײַ קיינעם נישט, האָט ער גענומען זיך בייזערן, נישט קיין רחמים פון מענטשן און נישט פון גאָט...

— איר זענט אויך צעקריגט מיט גאָט? האָב איך אַ שטאַמל געטאָן...

— איך האָב חשבונות מיטן באַשאַפער, האָט ער גענומען רעדן ווי צו זיך אַליין, נאָר גאָט ברוך־הוא צאָלט נישט קיין חובות... האָב איך אויפגעהערט מאָנען... עס העלפט דען מאָנען? ער צאָלט נישט קיין חובות און באַסטאַ!

מיט אַ מאָל האָט ער אַ דריי אויס געטאָן דעם קאָפּ צו מיר:

— ווער זענט איר? האָט ער אַ ברום געטאָן, מיט וואָסער רעכט הערט איר זיך אײַן, בעת איך רעד צו זיך אַליין?... איך בין אַליין און וויל בלײַבן אַליין... גאָט איז איינער אַליין און איך בין איינער אַליין... ניין, איך קרים נישט נאָך גאָט, אָבער וואָס זאָל איך טאָן, אַז מײַן גורל איז ענלעך צו זײַנעם: ער איז איינער אַליין און איך בין איינער אַליין... גייט אײַך פון דאַנעט, יונגער־מאַן, און לאָזט מיך אַליין... גייט, אַנישט הייב איך אויף מײַן פידל און פּלעט אײַך דעם קאָפּ...

איך האָב זיך פּאַמעלעך אַרויסגעשלײַכט פון זײַן הײַזקע.

# ליבע אויף דער עלטער

פאַראַן צײַטן ווען צמחים און פּירות צײַטיקן, אַ צײַט ווען די רויז גיסט זיך אָן מיט איר פּורפּור, און די פעלד־בלום מיט איר צאַרטן פּיאָלעט.

אין שנייִקן וואַלד וועט נישט בלִיען די מאַלינע און נישט אין ווינ־טערדיקע גערטנער דער קאַרשן־בוים. פּירות און צמחים נעמען אָן דעם גזר פון דער צײַט.

נאָר דער מענטש, דער אויסדערוויילטער, איז אַ מאָל מורד אין די געזעצן פון אייביקן סדר.

דער בן־אָדם, וואָס מיר קלײַבן איצט אויס פּאָר אַ משל, הייסט מאַר־קוס באַרגהויף. ער איז אַ מאַן בײַ די זעכציקער, אַ לערער אין אַ גימנאַזיע. אַ לערער פאַר שיינער ליטעראַטור, אַ פאַרליבטער אין די וועלט־פּאָעטן, קען ער אויף אויסנווייניק גאַנצע פּאָעמעס פון די וועלט־מײַסטערס.

בעת ער ציטירט פאַר זײַנע שילערס פון שעקספּירס „ראָמעאָ און יוליאַ", פאַרזשמורעט ער די טיף־גרינע אויגן און די איידעלע ליפּן זײַנע נעמען צאַרט ציטערן פון עמאָציע, און אויף זײַן קלוגן ווײַסן שטערן פאַלט ייִנגלש אַראָפּ אַ לאָק; כאָטש שוין אַ ווײַסער, פאַרמאָגט פון דעסטוועגן אָט דער האָר־קנייטש עפּעס ייִנגלשס אומבאַהאָלפנס.

מאַרקוס באַרגהויף איז זיך נישט נוהג אָנצונעמען פּריוואַט־לעקציעס, נאָר אַ דאַנק דער רעקאָמענדאַציע פון זײַנעם אַ פרײַנד, האָט ער אַ מאָל געבראָכן דעם דאָזיקן מינהג.

געווען איז זײַן שילערין אַ מיידל פון דער לעצטער קלאַס, וואָס האָט זיך געגרייט צו מאַטורע.

אין די לעצטע חדשים פון ווינטער איז זי אָפּגעלעגן מיט אַ שווערער געלענקען־אָנצינדונג און געבליבן הינטערשטעליק אין די לימודים.

דאָס מיידל איז געווען אַ ביז גאָר פעיִקע און שוין נאָך די ערשטע

לעקציעס האָט זי גענומען אָניאָגן דעם מאַטעריאַל. ס׳איז געווען ביי דער אַכטער לעקציע, די שילערין איז געזעסן איבערן פּאַפּיר און נאָכגעשריבן פּערזן פון געטעס ליבע־לידער. געשריבן האָט זיי דער דיכטער אין זיין טיפן עלטער און דווקא צו אַ זיבעצן־יאָריק מיידל... בעתן איבערשרייבן האָט זיך די שילערין אָפּגעשטעלט און מיט אַ געדעמפּט קול אַ פרעג געטאָן:

— איז נישט פאַראַן דאָ קיין טעות אין די ביאָגראַפישע דאַטעס ?

דער לערער האָט פאַרלוירן אַ שמייכל געטאָן:

— ניין, האָט ער שטיל געזאָגט, נישט פאַראַן דאָ קיין טעות... און וואָס דאַרף זי זיך וווּנדערן ? ביי גרויסע דיכטער זענען נישט פאַראַן קיין צייט־געזעצן, אין טיפן ווינטער פאַלט אויס ביי זיי, אַ מאָל, אַ נישט־דערוואַרטע־טער פרילינג... ס׳איז אַ מין „נאַטור“ און געזעץ־בראָך“.

ער האָט עס דערקלערט מיט אַ שטיל קול, דער לערער, נאָר ער אַליין האָט געפילט, אַז אין דער שטילקייט ציטערט זיין קול.

דאָס מיידל האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ צוריק צום שרייבפּאַפּיר.

נאָך אַ ווײַלע האָט זי געזאָגט נישט אויפהייבנדיק דעם קאָפּ:

— סאַראַ וווּנדערלעכע פערזן און וויפל יונגער פרישער באַרג־שטראָמסע ריזלט אין זיי.

דער לערער האָט צעעפנט די נאָז־פליגל און איינגעצויגן די קילקייט פון דעם מיידלס האָר...

בעת זי האָט פאַרלאָזט זיין צימער, איז ער שטיין געבליבן אַנטקעגן שפּיגל און שטיל געשמייכלט:

— אַלטער נאַר, האָט ער געשעפּטשעט, דעם טאַלאַנט פון פּאָעטן פאַרמאָגסטו נישט, נאָר זייער נאַרישקייט — יאָ...

ער איז אַרויס אין גערטנדל וואָס פאַר זיין הויז און זיך אויסגעצויגן אין ליגשטול.

ער האָט פאַררייכערט זיין ליולקע און זיך פאַרטראַכט:

— איז עס געמאָלט ? האָט ער געשעפּטשעט אין זיך, איז עס געמאָלט, אַז אַן אַכצן־יאָריק מיידל זאָל אים קענען אַזוי צעטרייסלען ? מיין גאָט, סאַראַ לעכערלעכקייט ! ווי לעכערלעך איך בין !

ער האָט זיך דערמאָנט געגוי, ווי ער האָט אויסגעקליבן אָט די דאָזיקע

ליבע־לידער, וואָס געטע האָט געשריבן אין טיפן עלטער צו אַ זיבעצן־יאָריקער, כאָטש די דאָזיקע לידער גייען נישט אַרײַן אין פּראָגראַם פון זײַן שילערין...

די כוונה ליגט דאָ נאַקעט און אָפן!

— אַלטער נאַר, האָסט דיך נישט געפּרוווט אַפילו באַהאַלטן פאַר זיך אַליין? אַלטער נאַר!

צו דער נײַנטער לעקציע איז די שילערין געקומען מיט אַ ביסל פיבער.

— די וויטיקן אין די געלענקען האָבן זיך ווידער באַנײַט, האָט זי טרויעריק געזאָגט, און אירע גרויסע אויגן האָבן געלויכטן מיט פײַכטן פאַרטײַעטן אומרו.

ער האָט אַרויפגעלייגט זײַנע לאַנגע בלייכע פינגער אויף איר שטערן:

— יאָ, האָט ער געזאָגט, דו פיבערסט, מײַן קינד.

זי האָט זיך צעוויינט:

— איך ווער ווידער קראַנק, און וואָס וועט זײַן מיט דער מאַטורע?

— וועסט נישט קראַנק ווערן, האָט ער גענומען שיכּור שעפּטשען, מיר וועלן ברעכן די געזעצן, מיר דאַרפן נישט קיין געזעצן...

זי האָט צעעפנט אירע גרויסע פיבערדיקע אויגן און זיי געלאָזט רוען אויפן לערער.

ער האָט אַרײַנגענומען איר קאָפּ אין זײַנע הענט.

מיט אַ מאָל האָט ער דערפילט, די שטוב נעמט זיך דרייען און אויך די גאָרטן־ביימער, וואָס האָבן אַרײַנגעקוקט דורך די פענצטער. עס האָט אים פאַרפעלט אָטעם. ער האָט זיך פאַמעלעך אַראָפּגעלאָזט אין אַ שטול אַרײַן.

נאָך אַ ווײַלע זיצן האָט ער שטיל געזאָגט:

— שטיי אויף, מײַן קינד, און גיי אַהיים, דו דאַרפסט רוען... מיר טאָרן נישט, שטענדיק, פּרוּוון ברעכן די געזעצן...

ער האָט זי צוגעפירט צו דער טיר. און בעת זי איז אַרויס פון זײַן חדר, האָט ער זיך צעלאַכט מיט אַ משונהדיקן געלעכטער:

— יאָהאַן וואָלפגאַנג פאָן געטע, אַלטער נאַר!

# דער פריזירער פון זיַין קייזער־קעניגלעכער מאַיעסטעט

דאָס אויסזען זיַינס איז ווי פון אַן אויסגעדינטן גענעראַל. יעדן פאַר־נאַכט זע איך אים פאַרבײַשפּאַצירן מיַין הויז. ער שפּאַנט אויסגעצויגן, שטיַיף, ווי ער וואָלט איַינגעשלונגען אַ שווערד. דעם שטעקן אין זיַין האַנט האַלט ער ווי אַ ריַיט־ביַיטש. ער פאָכעט מיט אים און שמייכלט דערביַי אַריַין אין זיַינע לאַנגע, ווי צוויי פליגל נאָכהענגענדיקע וואָנצעס.

אין איינעם אַ פאַרנאַכט בין איך אים אַנטקעגן געגאַנגען:

— אַנטשולדיקט, מיַין הער, האָב איך געזאָגט, מיר דאַכט זיך, אַז מיר קענען זיך. איר זענט נישט קיין ווינער?

— יאַוואָל, ווינער בין איך, האָט ער מיליטעריש שטיַיף אַ פּאַך געטאָן מיטן זאַץ און דערנאָך באַפעלעריש אַ פרעג געטאָן:

— און מיט וועמען האָב איך די ערע?

איך האָב אַראָפּגעלאָזט באַשיידן מיַין קאָפּ:

— מיַין נאָמען, האָב איך געזאָגט, איז אַן אומבאַקאַנטער, איך בין אַ גרויער איינפאַכער בירגער, אָבער, איר מיַין הער, אויף וויפל איך געדענק, זענט איר דאָך...

אין דער אמתן האָב איך גאָרנישט „געדענקט" און בכלל גאָרנישט געוווּסט וועגן דאָזיקן זקן. איך האָב געפּרוווט מיַין „שריַיבעריש מזל", געוואָלט אים אויף אַזאַ אופן אַרויספּאָדערן...

ער האָט זיך אויסגעגלייַכט נאָך שטיַיפער און מיט אַ באַוועגונג פון אַ גענעראַל בעת ער דאַרף אַרויפשפּרינגען אויף זיַין גענעראַל־פערד, האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— יאַוואָל, דאָס בין איך, מיַין הער, דאָס בין איך געווען אַ מאָל דער קייַזער־קעניגלעכער האָף־פריזירער ביַי זיַין מאַיעסטעט פראַנץ יאָזעף דעם ערשטן.

— האָב איך טאַקע אַ טײַערן זכּרון, האָב איך זיך דערפרייט מיט מײַן „דערפאָלג״, איך האָב אײַך תּיכּף דערקענט, כאָטש עס זענען שוין אַריבער פון דעמאָלט אָן ערך פון כּמה־וכּמה יאָרן.

— יאָ, האָט ער אַ פּאַך געטאָן מיטן שטעקן, יאָ, פאַראַן שוין אין דעם אַ האַלבער יאָרהונדערט. ניינצן פערצן, נאָכן קריגס־אויסבראָך, האָב איך געהאַט די ערע צום לעצטן מאָל אָפּצושערן זײַן מאַיעסטעט, דעם קייזער פראַנץ יאָזעף. עט, עט, זענען עס געווען צייטן. דערנאָך האָט מען מיך מאָביליזירט אויפן איטאַליענישן פראָנט, און ווען איך בין צוריק געקומען קיין ווין, האָט זײַן מאַיעסטעט, קייזער פראַנץ יאָזעף, מער נישט געלעבט. איך בין שטיין געבליבן בײַם שענברון און געוויינט. יאָ, מײַן הער, נישטאָ קיין קייזער־קעניגלעכע מאַיעסטעט. רעפּובליקן זענען דאָ מיט פּרעזי־דענטן. און אויב עס געפינט זיך נאָך ערגעץ אַ קעניג, איז עס אויך שוין נישט דאָס וואָס געווען, ער ציטערט פאַר זײַן מיניסטער, דער קעניג פון הײַנטיקע צייטן.

— איך געדענק שוין נישט גענוי, האָב איך דיסקרעט אַ פרעג געטאָן, איר זענט אַ לאַנגע צייט געווען האָף־פריזירער בײַ קייזער פראַנץ יאָזעף?

— פינף יאָר הילפס־פריזירער, און שפּעטער בעת איך האָב אונטער־געטראָגן די זייף מײַן שעף־פריזירער, אַן אונגאַר פון בודאַפּעשט, האָט דער קייזער אַ הייב געטאָן די אויגן און זיך אָנגערופן:

— זאָל דער יונגע פּרווון זײַן האַנטווערק.

איך האָב געפּרווט און נושא־חן געווען. דער בודאַפּעשטער אונגאַר האָט געמוזט אָפּטרעטן זײַן פּלאַץ פאַרן קאָלאָמייער ייִד.

— איר שטאַמט פון קאָלאָמיי?

דער קייזער־קעניגלעכער האָף־פריזירער האָט משונה אַ צי געטאָן די וואָנצעס, מ׳האָט דערקענט, סע טוט אים באַנג, וואָס ער האָט זיך אַרויסגעכאַפּט אַז ער איז אַ קאָלאָמייער, און ער האָט געפּרווט פאַרווישן דעם אײַנדרוק:

— איך נישט, מײַן גאָטזעליקער פאָטער איז געווען אַ גאַליציאַנער. איך האָב אַלע מײַנע יאָרן געלעבט אין ווין, לעבן קייזער־קעניגלעכן פּאַלאַץ.

פלעגט אַ מאָל דער קייזער פראַנץ יאָזעף רעדן מיט אײַך, בעת איר פלעגט אים ראַזירן?

— אַלץ הייסט געריעדט, האָט ער מיט קעניגלעכער ווערדע אַ שמייכל געטאָן, און נאָך ווי גערעדט! איין מאָל האָט זײַן קײַזער־קעניגלעכע מאַיעסטעט צו מיר אַ זאָג געטאָן:

— זי וויסן, הער פּריזירער, איך בענײַדע זי, גלויבן זי מיר, עס איז שווערער צו זײַן אַ קײַזער ווי אַ פּריזירער... מערער האָט זײַן מאַיעסטעט נישט געזאָגט, נאָר איך האָב געפילט, אַז דער אַלטער עלנטער קײַזער וויל זיך אַראָפּרעדן פון האַרצן, נאָר ער שעמט זיך, עס פּאַסט נישט פאַר קיין קײַזער. ס׳איז געווען נאָכן טויט פון קרוינפּרינץ און דער אַלטער קײַזער איז געווען שטאַרק צעבראָכן.

אַ צווייט מאָל, בעתן ראַזירן אים (אוי, איז געווען שווער צו ראַזירן פראַנץ יאָזעפן, דאַרפט איר וויסן, וואָרעם זײַן „פראַנץ־יאָזעף־באָרד״ איז געווען ענלעך צו צוויי בערגלעך אַרום אַ קליינעם טאָל, דאָס הייסט, דעם טאָל האָב איך געדאַרפט יעדעס מאָל אויסראַזירן און נישט פאַרטשעפּען מיט קיין האָר, חלילה, די צוויי בערגלעך...) — יאָ, הייסט עס, אין מיטן ראַזירן זאָגט ער צו מיר, דער קײַזער:

— איר ווייסט, הער פּריזירער, אַז אויך דעם קײַזער איז אַ מאָל טרויעריק אויפן האַרצן, איך בין שוין אַן אַלטער מאַן און ווייניק גליק געהאַט אין לעבן...

דער קײַזער האָט, ווײַזט אויס, דאָס מאָל געוואָלט עפּעס אין גאַנצן פאַר מיר זײַן האַרץ, נאָר אין מיטן רעדן האָט זיך געעפנט די טיר און דער מיניסטער־פּרעזידענט איז אַרײַנגעקומען. נו, האָט נישט געפּאַסט דעם קײַזער, אַז דער מיניסטער־פּרעזידענט זאָל זען ווי ער רעדט מיטן פּריזירער וועגן אינטימע זאַכן. נאָר מיר האָבן זיך געשטעלט טרערן אין די אויגן, איך האָב געוואָלט וויינען פון רחמנות צום אַלטן קײַזער.

איצט איז אַנטשוויגן געוואָרן דער געוועזענער האָף־פּריזירער. ער האָט געשפּרײַזט לעבן מיר און געפאָכעט מיטן שטעקן ווי מיט אַ רײַט־בײַטש.

איך האָב איבערגעריסן דאָס שווײַגן:

— און איצט, אויב ס׳איז דערלויבט צו פרעגן, מיט וואָס באַשעפטיקט איר זיך איצט, מײַן הער?

ער האָט מיך אָנגעקוקט און טרויעריק געענטפערט:

— איצט באַשעפטיק איך זיך בלויז מיט דערינערונגען. יאָוואָל, מײַן

הער, ס׳איז דאָ אין וואָס זיך צו דערינערן. איך שפּאַציר־מיר אַזוי איבער רמת־אביב און פאַרגעס מיר, ווו איך בין אין דער וועלט. ס׳איז ווין, דאַכט מיר, און איך אַ יונגער־מאַן, קום נאָר וואָס פון קײַזער־קעניגלעכן שלאָס, פּאָר אייניקע רגעס האָב איך אָפּראַזירט זײַן קײַזערלעכע מאַיעסטעט, און אין מײַנע הויזן־קעשענעס קלינגען די זילבערנע קראָנען, וואָס איך האָב פון זײַן מאַיעסטעט באַקומען. איך שפּרײַז מיר צום „פּראַטער״, איך זעץ זיך אויפן „ריזן־ראַד״ און דריי זיך איבער ווין, איבער דער וועלט. איר מיינט, מײַן הער, אַז די וועלט איז מער ווי דאָס ווינער „ריזן־ראַד״? ס׳איז די זעלבע זאַך, מען דרייט זיך און דרייט זיך, און מ׳קומט צוריק צום זעלבן אָרט. אַ נאַרישע שפּיל, נאַריש נאָר שיין... ס׳איז אַ מין קײַזער־קעניגלעכע שלאַכט דאָס לעבן, אַ שלאַכט, וואָס מיר פאַרלירן שטענדיק. דער איינציקער זיגער איז דער טויט... ווי אַזוי פלעגט זאָגן זײַן קײַזער־קעניגלעכע מאַיעסטעט, פראַנץ יאָזעף דער ערשטער?

יאָ, אַזוי פלעגט ער זאָגן: „יאָ, הער פריזירער, אויך אַ קײַזער איז אַ מאָל טרויעריק״.

און איך פרעג אײַך: אויב אַ קײַזער זאָגט אַזוי, וואָס זאָל שוין זאָגן דער געוועזענער קײַזערלעכער האָף־פריזירער? יאָ, טרויעריק, אַוודאי טרויעריק... איך בין שוין אַ מאַן בײַ די נײַנציקער און גאָרנישט איז מיר פאַרבליבן חוץ די דערינערונגען... נאָר אַפילו די דערינערונגען נעמען זיך שוין אויך פאַרלעשן אין מײַן אַלטן זכרון... נו, אויף ווידערזען, גוטע נאַכט!

אַזוי האָט געזאָגט צו מיר דער קײַזער־קעניגלעכער האָף־פריזירער און גענומען אָוועקשפּרײַזן פאַכענדיק מיט זײַן שטעקן, ווי מיט אַ רײַט־בײַטש, פון אַן אַלטן אויסגעדינטן עסטרײַך־אונגאַרישן, קײַזער־קעניגלעכן גענעראַל.

# פּראָפעסאָר ד״ר אַלערי

אַז מען זאָגט אַרויס דעם נאָמען : „פּראָפעסאָר, ד״ר אַלערי״, מאָלט מען זיך אויס אַ מאַן מיט אַ גרויסן תּלמיד־חכמישן שטערן און אַ לאַנגער אַקאַדעמישער באָרד, וואָס שטייט צווישן ריזיקע ספרים־שענק און גאַפּט, פון הינטער גילדענע ברילן, אויף פאַרצײַטיש־פאַרגעלטע פּאַרמעטן.

איז אַוודאי נישט קיין חידוש, וואָס מען עפנט מויל און אויערן, בעת פּראָפעסאָר ד״ר אַלערי באַווײַזט זיך פאַר אײַך אין זײַן גאַנצער רייצנדיקער מיידלשער געשטאַלט, אויף וועמענס צאַרטן קאָפּ עס קיניגט אַ קרוין פון פײַער־רויטע פאַרפלאָכטענע צעפּ, און אירע טיף־גרינע מיידלש־פאַר־חלומטע אויגן בעמען אײַך אַרום מיט דער מילדקייט פון אַ לבנה־נאַכט...

בעת איך בין געקומען קיין ירושלים, האָב איך מיטגעבראַכט אַ גרוס [redacted] צו איר פון אַ בשותּפותדיקן פרײַנד.

איך האָב זי געטראָפן אין גאָרטן, וואָס איז אויך איר לאַבאָראַטאָריע. זי איז פּראָפעסאָר פון באָטאַניק.

זי איז געשטאַנען איבער אַ קוסט און מיט דער מילדקייט פון אַ מוטער, וואָס בייגט זיך איבער איר זויגלינג, האָט זי געבייגט זיך איבער אַ געוויקס וואָס האָט געלויכטן אין אָוונטגאָלד.

ווען זי האָט דערהערט מײַנע טריט אין גראָז, האָט זי אויפגעהויבן דעם קאָפּ צו מיר.

נאָך דעם ווי איך האָב איר איבערגעגעבן דעם גרוס, האָט זי דיסקרעט אַ פרעג געטאָן :

— ער שרײַבט נאָך אַלץ לידער ?... ער האָט דאָך אַ מאָל געחלומט צו ווערן אַ פּאָעט...

— מען קען זײַן אַ פּאָעט און נישט שרײַבן קיין לידער, האָב איך געענטפערט.

זי האָט זיך פאַרטראַכט:

— איר מיינט, האָט זי געזאָגט, אַז אַ נישט רעאַליזירטע כּוונה איז אין זיך אַליין שוין רעאַליזירונג?... מעגלעך... אָבער די וועלט ווייסט נאָר פון אַנטפּלעקטן, פון באַשאַפענעם, פון רעאַליזירטן... אַפילו גאָט האָט זיך נישט באַנוגנט בלויז מיט כּוונה, נאָר צום סוף האָט ער באַ־שאַפן די וועלט...

— יאָ, האָב איך געזאָגט, דאָס מיינט, אַז גאָט איז אַ טאַלאַנטפולער דיכטער, און אונדזער פריינד איז אַ פּאָעט אָן טאַלאַנט.

— ער איז נאָך אַלץ אַ נישט חתונה־געהאַטער? האָט זי אַ פרעג געטאָן, און נאָך אַלץ אַזאַ איינזאַמער מיזאַנטראָפּ?

— ער איז איינזאַם אָבער נישט קיין מיזאַנטראָפּ... איר אַליין ווייסט עס דאָך בעסער פון יעדן אַנדערן...

זי האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און געשוויגן.

איך האָב געזאָגט:

— ער האָט מיר אַ סך דערציילט וועגן אייַך... און נישט נאָר ער אַליין... זייַן גאַנצע ווילע הינטער פּאַריז איז אַ טעמפּל פול מיט בילדער און סקולפּטורן... און אַלע געזיכטער און געשטאַלטן זענען דאָך, אין תּוך, בלויז איין געשטאַלט און איין געזיכט: אַלע זענען — איר, איר ד״ר אַלערי... איר ווייסט דאָס, מסתּם...?

— יאָ, איך ווייס...

— און ווייסט איר אויך, אַז אויפן דאַך פון זייַן ווילע האָט ער אויפ־געבויט אַ צימער פון בלויען קרישטאָל. דאָרט שטייט אייַער געשטאַלט אויסגעשניצט פון אַ בוים, און יעדן אָוונט בעת די זון פאַרגייט, קניט ער פאַר אייַער געשטאַלט, ווי מען קניט פאַר גאָט...

זי האָט געשוויגן.

— איר ווייסט דאָך, האָב איך געזאָגט, ער רעכנט זיך צווישן די רייַכסטע מענטשן אין פראַנקרייַך... און דער דאָזיקער מיליאָנער לעבט בלויז מיט וואַסער און ברויט, גייט אָנגעטאָן אין פּראָסטער לייַוונט און אין הילצערנע סאַנדאַלן... ווי אַ מין אויסטערלישער כּהן־גדול... און זייַן גאָט זענט איר...

זי האָט אָפּגעריסן אַ רויז און גענומען זי בייַסן מיט די ציין.

— איר ווייסט, האָב איך געזאָגט, אַז איבער דער שוועל פון זײַן הויז טאָר נישט אַריבערטרעטן קיין פרוי... ווי דער כּהן־גדול פון אַן אײנ־ציקן גאָט לאָזט נישט צו קיין פּסל פון אַן אָפּגאָט, אַזוי היט ער אויך זײַן אויג פון אַ פרויען־געשטאַלט... ער איז דער מאָנאָטעיִסטישסטער כּהן־גדול אין דער וועלט: איר, מאַדאַם, זעענט דער איינציקער איינס וואָס פּילט אויס דעם אוניווערס...

זי האָט נישט אויפגעהערט בײַסן די רויז מיט די ציין, דערנאָך אָנגעהויבן בײַסן די אייגענע ליפּן...

— מאָדנע, האָב איך געזאָגט, און פון דאָזיקן גיגאַנטישן פּאָעט מאָנט מען נאָך, ער זאָל קענען שרײַבן לידער אויך...

זי האָט ווייטיקלעך אַ שמייכל געטאָן...

— איר ווייסט, האָב איך געזאָגט, ער איז נאָך קיין פערציק יאָר נישט אַלט און איז שוין גרוי ווי אַ זקן...

זי האָט אַ ציטער געטאָן.

— גרוי ווי אַ זקן?... אָבער מיט גרויקייט אַליין איז מען נאָך נישט אַלט...

— ער איז נישט נאָר גרוי... ער איז אויך געבויגן און געקאָרטשעט ווי אַ זקן...

זי האָט זיך, ווײַזט אויס, נישט געקענט מער האַלטן און אַרויסגע־קרעכצט:

— גאָט מײַנער!

— יאָ, האָב איך געזאָגט, ער איר דער טראַגישסטער זונפאַרגאַנג, וואָס איך האָב אין מײַן לעבן געזען... אַ זון וואָס פאַרגייט אין מיטן טאָג... און קיינער באַוווּנדערט נישט אָט די טראַגישע נאַטור־קאַטאַסטראָפע...

זי האָט ברוגז אַ שטאַמל געטאָן:

— אוי, מיט וואָסערע אויסטערלישע ווערטער איר באַניצט זיך...

— איר האָט אַ טעות, האָב איך געזאָגט, נישט די ווערטער, נאָר די פאַקטן זענען אויסטערליש...

זי האָט מיך אַ ווײַלע אָנגעקוקט און ווייטיקלעך אַ שעפּטשע געטאָן:

— אײַערע רייד זענען פול מיט תּרעומות צו מיר...

— קען זײַן, האָב איך געזאָגט, און איצט... יאָ, איצט איז צײַט צו גיין... איך װעל גיין...

איך האָב זיך געלאָזט איבערן װײכן גראָז, װאָס האָט אויפגעלויכטן מיט צעפּערלטער ראָסע.

בעת איך בין שוין אָפּגעגאַנגען אייניקע שפּאַן, האָב איך דערהערט איר קול:

— מיינט נישט, מײַן הער, אַז א י ך האָב אָנגעצייכנט דעם װעג פון גורל... עמעץ פּלאָנטערט און פאַרפּלאָנטערט די גענג פון דער װעלט... נישט מיר פירן אָן מיטן דאָזיקן מאַריאָנעטן־טעאַטער... מיר, מיר אַליין זענען די מאַריאָנעטן...

# לוציאַ אָדער נישט?

די פרוי שרון האָט זי אונדז רעקאָמענדירט, די ענגליש־לערערין פאַר אונדזער טעכטערל.

פּונקט אַ זייגער דריַי, צו דער אָפּגערעדטער שעה, איז זי געקומען אָנגעמען די לעקציע.

שוין פון איר ערשטן טראָט אין צימער אַריַין, האָט אַ ווייע געטאָן מיט מאַיעסטעטיש־קעניגלעכן גאַנג. זי איז געווען הויך און שלאַנק מיט אַ שניי־וויַיסן לייבן־קאָפּ. דאָס שירעמל אין איר האַנט האָט אויסגעזען ווי אַ ריַיט־בײַיטש פון אַ פּרינצעסין, וואָס גרייט זיך צום קעניגלעכן געיעג.

די ערשטע ווערטער האָט זי אַרויסגעשטאָמלט אין אַן אומבאַהאָלפענעם עברית, דערנאָך האָט זי שטיל אַ פרעג געטאָן:

— אפשר פאַרשטייט איר ענגליש, וואָרעם מיַין עברית איז כמעט נול.

— אָבער מיַין ענגליש, האָב איך געענטפערט, איז נישט אַ סך העכער איבער נול.

— פאַרשטייט איר אפשר דיַיטש?

— יאָוואָל.

זי איז תיכּף איבערגעגאַנגען אין אַ פּרעכטיקן, קלאַסישן דיַיטש.

מען האָט אָפּגערעדט אַלע פּרטים וועגן ציַיט און אופן פון דער לעקציע.

בעת זי האָט זיך אויפגעהויבן פון שטול צו גיין, האָט מיר מיט אַ מאָל פאַרקלעמט דאָס האַרץ.

אַ טונקל־בלויע סאַמעטענע אָנוג האָט אַ ריזל געטאָן, ווי אַ פאַרבאָר־גענער קוואַל, אין מיַינע טיפענישן. הונדערטער אָפּגעריסענע בילדער און דערמאָנונגען פון די קינדער־יאָרן האָבן זיך אַ צייליע־אויף געטאָן, ווי פּערל אויף אַ שנירל... אַ קלאַנג האָט אויפגעציטערט, אַ קלאַנג פון אַן אויס־טערלישן נאָמען: „לוציאַ".

זי האָט, ווײַזט אויס, דערהערט מײַן אַרויסשעפּטשען דעם דאָזיקן נאָ־מען, וואָרעם זי האָט פאַרחידושט אַן עפּן געטאָן די אויגן צו מיר און סודותדיק אַ שמייכל געטאָן:

— יאָוואָל, זאָנדערבאַר איז דאָס לעבן...

פון וואַנען קען אַן ענגלענדערין אַזאַ קלאַסישן דײַטש? האָב איך אַ פרעג געטאָן, און אין מײַן פראַגע איז געווען די כוונה צו דערגיין די געשיכטע פון איר אָפּשטאַם.

— איך בין נישט געבוירן אין ענגלאַנד, האָט זי געענטפערט, איך שטאַם פון ווין.

איצט איז כמעט יעדער צווייפל פאַרשוווּנדן בײַ מיר.

ווידער אַ מאָל האָבן גענומען פליִצן בילדער פון די קינדער־יאָרן דורך מײַן זכרון:

מײַן באָבע קומט אַהיים פון ווין צוריק אין קליינעם גאַליציאַנישן שטעטל, וווּ מיר האָבן געוווינט. זי קומט אַהיים פון ווין, וווּ זי האָט באַזוכט איר שוועסטער די טשאַרטקעווער רביצין. מײַן באָבע ברענגט מיר אַ מתּנה אַן „אָפּערן־גלאָז״, און דערלאַנגענדיק מיר דאָס געשענק, לאַכט זי צו מײַן מאַמען:

— אויך אַ כּלה וועל איך אים ברענגען פון ווין... מײַן שוועסטערס אַן אייניקל, אַ מיידל אַ גאָלד! לוציאַ הייסט זי.

מיך וווּנדערט, וואָס אַ רבינס אַן אייניקל רופט מען גאָר לוציאַ, נאָר אויף ווין איז אַלצדינג צו פאַרשטיין. רעדט דאָך, ווי מײַן באָבע דערציילט, די דאָזיקע לוציאַ נאָר „האָך־דײַטש״ און פאַרשטייט נישט קיין וואָרט ייִדיש... נאָר גיי פרעג שאלות אויף ווין, וווּ ס'האָט געלעבט אַ מאָל דער קייזער פראַנץ יאָזעף, וואָס האָט געהאַט אַ ייִדישע נשמה אונטערן גוייִשן קייסערלעכן מונדיר...

פאַר נאַכט האָט מײַן באָבע מיר געוויזן דאָס בילד פון מײַן קומענ־דיקער כּלה.

איך האָב זיך געמאַכט נישט זעענדיק, נאָר נאָך אַ רגע בין איך אַוועק מיטן בילד אין מײַן קינדער־צימער און צעעפנט מײַנע אויגן:

אַ שלאַנק, הויך מיידל, מיט לאַנגע גילדענע צעפּ האָט אַראָפּגעקוואָלן צו מיר פון בילד.

ס'האָט מיך אַ פאַרקלעם געטאָן ביים האַרצן און פאַר די אויגן האָבן געגומען שווינדלען בלויע נעפּלדיקע שיפן. איך האָב צוגעלייגט דאָס בילד צו מײַנע ליפן און זיך צעוויינט פון בענקשאַפט. אַ גאַנצע נאַכט זענען געפלויגן בלויע טויבן איבער מײַן בעט, און אַלע טויבן זענען געווען אותיות, וואָס האָבן אויסגעציטערט אין דער לופטן: לוציאַ...

די ענגליש־לערערין שטרעקט אויס איר האַנט צום געזעגענען זיך און איך שעפּטשע:

— שטאַמט נישט די גנעדיקע פרוי פון אַ רבישן הויף?

זי שמייכלט ווידער אַ מאָל מיט יענעם סודותדיקן שמייכל, וואָס זי האָט פריִער געשמייכלט, בעת איך האָב אַרויסגעשטאַמלט דעם נאָמען „לוציאַ".

— צי הייסט נישט די גנעדיקע דאַמע פון דער היים פרידמאַן? צי איך ווײַטער מײַן „אויספאָרשונג".

זי דרייט קאָקעטיש מיטן שירעמל, ווי מיט אַ רײַט־בײַטש:

— פאַר וואָס, מיינט איר, מײַן הער, דאַרף איך הייסן פרידמאַן פון דער היים?

— איך מיין נישט, אַז איר דאַרפט... איך פרעג נאָר...

זי שמייכלט ווידער אַ מאָל:

— צי איז דער הער אַן אויספאָרשונג־ריכטער?

די דאָזיקע רייד רעדט זי אַרויס מיט אַ לײַכטן שימער פון אַ יונגער קאָקעטקע.

— נו, פאַרענדיקט זי, אויף ווידערזען... איבערמאָרגן קום איך צו דער לעקציע.

איך בלײַב שטיין נאָך איר אַוועקגיין אין מיטן אַ שטראָם פון פלייצנ־דיקע בילדער:

מײַן באָבע קומט צום צווייטן מאָל צוריק פון ווין. דאָס מאָל רעדט זי מער גאָרנישט פון מײַן כּלה... נאָר אויף דער נאַכט האָב איך אונטער־געהערט היִנטער דער טיר אַ שמועס פון דער באָבען מיט מײַן מאַמען. זי האָט איר דערציילט, אַז לוציאַ איז זייער קראַנק געווען, געהאַט „אַ בויך־

פעל־אָנציינדונג״, זי איז קוים געבליבן לעבן. אָבער די דאָקטוירים זאָגן, אַז נאָך דער דאָזיקער קראַנקייט קען מען מער קיין קינדער נישט האָבן...

— ווײ איז מיר, קרעכצט די מאַמע.

און די באָבע גיט צו:

— אוודאי האָב איך געוואָלט, ווי דאָס לעבן, דעם דאָזיקן שידוך. אָבער, אַז גאָט וויל נישט, וואָס קען מען טאָן?

איך האָב אַרויסגעשלעפּט דאָס בילד פון אונטערן מאַטראַץ פון מײַן בעט און צוגעפּאַלן צו דעם מיט מײַנע ליפּן:

— אַפילו אַז דו וועסט קיין קינדער נישט האָבן, וויל איך דיך פאַר אַ כלה, פאַר אַ כלה וויל איך דיך, לוציאַ!

און איך האָב זיך צעוויינט.

אַ סך יאָרן האָט נישט אויפגעהערט לעבן אין מיר די בענקשאַפט נאָכן דאָזיקן מיידל. בעת היטלער איז אַרײַן קיין ווין, איז לוציאַ אַנטלאָפן קיין לאָנדאָן. זי האָט דאָרט געאַרבעט ווי אַ לערערין, געלעבט אין איינזאַמקייט, קיין מאָל נישט חתונה געהאַט.

גאָט מײַנער, סאַראַ משוגענע קאָמבינאַציעס דער „שונדאָוניק״ גורל טראַכט אויס! אויף וואָסער משונהדיקן אופן האָט ער געבראַכט, נאָך פערציק יאָר, מײַן „ערשטע כלה״, וואָס איך האָב קיינמאָל אין לעבן נישט געזען, זי געבראַכט אין מײַן הויז אַרײַן, קיין רמת־אביב, ווי אַן ענגליש־לערערין פאַר מײַן טעכטערל דער סאַברע... און אפשר איז זי גאָרנישט לוציאַ? האָט פּלוצעם אַ כוואַליע געטאָן אַ צווייפל אין מײַן הארצן. איך טראַכט נישט קיין סך און נעם לויפן, לויפן צו דער ענגליש־לערערין. איך קלאַפּ אָן אין טיר. זי עפנט מיר.

— די לעקציע איז דאָך ערשט איבערמאָרגן, שמייכלט זי סודותדיק.

— איך קום נישט וועגן דער לעקציע, שטאַמל איך מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם, איך קום אײַך עפּעס פרעגן... אַנטשולדיקט... הייסט איר נישט לוציאַ פרידמאַן פון דער היים? לוציאַ פרידמאַן, דעם טשאָרטקעווער רבינס אייניקל?

זי לאַכט מיט אַן אויסטערלישן געלעכטער. נאָר מיט אַ מאָל בײַט זיך

דער אויסדרוק אויף איר פּנים און זי ענטפערט מיט אַ פיַיערלעכער טרויעריקייט:

— פון צופיל וויסן ווערט מען פרי אַלט, מיַין הער... אַלזאָ, אויף ווידערזען, איבערמאָרגן קום איך צו איַיער טעכטערל אויף דער ענגליש־לעקציע.

איך לויף אַראָפּ די טרעפּ און מיַין האַרץ האַמערט:

— איז זי לוציאַ, אָדער נישט לוציאַ?... גאָט מיַינער, איך ווער משוגע...

# דאָס בריוול צום פּאָעט מאַרשאַן

דער פּאָעט מאַרשאַן האָט באַקומען אַ קורץ בריוועלע מיט די דאָזיקע ווערטער: „איך האָב געלייענט אײַער פּאָעמע „נאַכט־רויש” און בין באַרוישט אי פון דער פּאַרטײַעטער שטילקייט אי פון... דער עיקר, איך וואָלט גליקלעך געווען אײַך צו באַקענען פּערזענלעך, זײַט מוחל די חוצפּה. אויב חוץ גרויס טאַלאַנט פּאַרמאָגט איר אויך גרויסהאַרציקייט, קלינגט אָן, ביטע, אויפן טעלעפאָן נומער: ... 44.

פּאַמעלעך, ווי אַ חלום־געשטאַלט, האָט דער פּאָעט מאַרשאַן צוגע־שפּרײַזט צום טעלעפאָן און מיט נעפּל־פינגער אָנגעקלונגען. ס׳איז געווען, ווי ער האָט דערוואַרט, אַ פרויען־שטים, אַ צאַרטע, אַ מוזיקאַלישע, און מיט אַ ניואַנס פון קינדיש פּיעשטשען זיך...

— איך האָב באַקומען אַ בריוועלע, האָט ער געזאָגט מיט אַ חלום־קול, מ׳האָט געבעטן אָנקלינגען, קלינג איך... זענט איר די בריוו־שרײַבערין?

— אי יאָ אי נישט, האָט דאָס פרויען־קול געשעפּטשעט, געשריבן האָט די שרײַב־מאַשין און מײַנע פינגער האָבן געקלאַפּט אויף די קלאַווישן... יאָ, בעתן שרײַבן צו אײַך האָט זיך מיר געדאַכט, אַז די שרײַבמאַשין איז אַ פּיאַנאָ...

— איר רעדט דאָך אַליין ווי אַ דיכטערין...

איך בין נישט קיין דיכטערין, האָט זי געפליסטערט דורכן טעלעפאָן, דערפאַר בין איך עפּעס אַנדערש... לאָמיר זאָגן, אַן אַלטע קלוגע פרוי...

דעם פּאָעטס שטים האָט זיך געביטן:

— קלוג און אַלט, האָט ער געזאָגט, איז אַוודאי אויך עפּעס גאָר־גאָר ווערטפולס...

אַוודאי, האָט זי געענטפערט, אַוודאי איז חכמה ווערטפול און וואָס שייך עלטער, קלײַבט זי קיינער נישט אויס, זי קומט אַליין, איר מאַיעסטעט

די עלטער... יאָ, וואָס מכּוח אַ באַגעגעניש? איך וואָלט גליקלעך געווען אײַך צו באַקענען, פּנים אל פּנים, מײַסטער...

— אַדרבא...

— מען קען אַרויפקומען צו אײַך? אײַער פרוי וועט געוויס נישט אײפערזיכטיק זײַן אויף קיין אַלטער ייִדענע...

— אַוודאי נישט...

— האָט איר צײַט אַרום זעקס אין אָוונט?

— איך האָב.

— ווייסט איר וואָס, האָט זי זיך איבערגעקלערט, אפשר איז גלײַכער אין אַ קאַפע? איך וויל נישט שטערן אײַערע קינדער.

— ביטע, זאָל זײַן אין אַ קאַפע.

דער פּאָעט מאַרשאַן איז געגאַנגען צום ראַנדעוווּ מיט אַ האַלב האַרץ. כאָטש ווערליק דעם בריוועלע און ווערליק דעם טעלעפאָן־געשפּרעך, זעט די אַלטיטשקע אויס צו זײַן אַ גײַסטרײַכע. נאָר צי זוכט ער דען גײַסט־רײַכקייט? גײַסטרײַך און אַלט איז ער, ב״ה, אַליין. אָ, גורל, גורל מײַן... ה׳ מאַרשאַן...

ער האָט אַ דריי געטאָן דעם קאָפּ צום קול.

זי האָט אויסגעשטרעקט איר האַנט:

— דאָס בין איך, אײַער פאַרערערין, מײַסטער...

בעת זיי האָבן געשפּרײַזט צום טיש, האָט ער אַ טראַכט געטאָן: אוי, בין איך עס אַ פאַרשלעפּטע קרענק, די גאַנצע צײַט האָב איך נאָך געהאָפט, אַז „די אַלטע״ איז נישט קיין אַלטע, נאָר זי האָט צוגעגרייט אַ סורפּריז... אָבער, גאָט צו דאַנקען, אין לעבן זענען די זאַכן געוויינלעך נישט עקס־טרעם... זי דאַרף זײַן... נו, לאָמיר אַ שאַץ טאָן... נו, בײַ פיר, פינף און פערציק.. און בפירוש נישט מיאוס... פאַר אַזאַ אַלטן בער, ווי איך, איז עס נאָך מיט חסד...

— וועגן וואָס טראַכט איר, מײַסטער?

— איך טראַכט... איך טראַכט, אַז פּאָעטן זענען, איידל גערעדט, קליינע מענטשעלעך... קליין ווי אַלע בן־אָדמלעך...

— וואָס פּלוצעם אַזאַ טראַכטעניש, מײַסטער?

ער האָט אויפגעהויבן די אויגן צו איר און פּלוצעם דערפילט אַז ער

פאַרכט זיך פאַר איר, פאַרכט זיך פאַר דער דאָזיקער פרוי. אירע אויגן זענען געווען שאַרף און שפּיציק און געדאַכט האָט זיך, מען קען נישט באַהאַלטן קיין איין ווינקעלע פון „איר", וווהין זי זאָל נישט אַרײַנדרינגען.

ער האָט געזאָגט:

— איר האָט אַ מאָל געהערט וועגן מקובלישן נאָמען: „גיסתּר" ?... איך האָב אַ געפיל...

זי האָט אים נישט געלאָזט פאַרענדיקן און געזאָגט:

— איך בין אַ ניסתּרקע...

— בראַוואָ!

זי האָט אים אָנגענומען בײַ דער האַנט און אַ לאַך געטאָן:

— איר ווייסט, מײַסטער, אַז איך בין קליגער פון אײַך?

— יאָ, האָט ער געזאָגט, איך האָב עס שוין פריִער אַנטדעקט... און נאָך עפּעס...

זי האָט אים ווידער נישט געלאָזט פאַרענדיקן און אַ לאַך געטאָן:

— איר האָט מורא פאַר מיר...

— בראַאַוואָ!

— פאַר וואָס דאַרפט איר מורא האָבן?... ווײַל איך קוק אײַך דורך פון איין עק „איך" צום צווייטן? איר דאַרפט אײַך נישט שעמען, מײַסטער, גאָט האָט אַזוי באַשאַפן אי דעם פּאָעט אי די מילב, זיי זענען טראַגיש אין זייער קליינקייט...

ער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און דערנאָך שטיל געזאָגט:

— צוליב וואָס האָט איר מיך פּראָוואָצירט מיט אײַער בריוו? וועגן וואָס דאַרפט איר מיך?

זי האָט זיך צעלאַכט:

— איך דאַרף אײַך? איר דאַרפט זיך אַליין...

— בראַוואָ!

ער האָט גענומען איר האַנט אין זײַנער און שטיל געפרעגט:

— ווער זשע ביסטו?

— צו וואָס פרעגסטו, אַז דו ווייסט אַליין?...

— איך וועל דיך רופן, האָט ער שטיל געזאָגט, איך וועל דיך רופן: „קלאַנג־באַנג־שפּיל"...

— רוף ווי דו ווילסט...

— זאָל איך דיך קושן?

זי האָט זיך צעלאַכט:

— אין דיַינע יאָרן קושט מען נישט מער קיין פּרויען...

— וואָס דען טוט מען אין מיַינע יאָרן?...

— מען זעצט זיך אַוועק בייַם ים און מען איז פילאָסאָפיש־טרויעריק...

— דאָס טו איך סיַי ווי סיַי...

זי האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קופּערנעם קאָפּ:

— אויב אַזוי בין איך איבעריק...

— יאָ, אַוודאי ביסטו איבעריק...

דער פּאָעט מאַרשאַן האָט אַוועקגעלייגט דאָס בריוועלע, וואָס ער האָט באַקומען, און שטיל צו זיך אַ זאָג געטאָן:

— אַוודאי, איצטער איז מיר קלאָר... איך וועל נישט ענטפערן...

# אַלט, מיד און קלוג

שוין אין נעפּל פון האַלב־שלאָף האָט אַ פלאַם־געטאָן אין גערעכעניש „36". הײַנט ווערט מיר דאָס זעקס און דרײַסיקסטע יאָר... זי האָט אויפ־געריסן די פאַרשלאָפענע אויגן אָנטקעגן די בלויענישן פון פאַרטאָג. אין פענצטער איז געשטאַנען, ווי שטענדיק, דער אַלטער פײַגנבוים. ווי שטענ־דיק, נאָר „עס איז הײַנט נישט ווי שטענדיק". זי האָט זיך אויפגעזעצט און געפילט, אַז אויף אירע שמאָלע אַקסלען ליגט אַ לאַסט, אַ גורלדיקער טאָג, אַ ביז גאָר גורלדיקער!

וואָס איז גורל?

זי האָט געלאָזט פליִיצן דאָס וואַסער פון שפּריץ און געטראַכט:

הײַנט איז דער גורל נישט קיין געקומענער פון דרויסן, דער גורל איז מײַן ווילן.

און וואָס איז דאָס אַזוינס „מײַן ווילן?"

— נאַרישע פילאָסאָפקע, האָט זי בײז אַ ברום געטאָן און זיך אײַנגעװ־הילט אין באָד־מאַנטל.

איצט איז זי געזעסן אַנטקעגן שפּיגל און צעקעמט די האָר.

אמת, די האָר זענען נאָך געדיכט און בלאָנד און יונג, און די אויגן נאָך אַלץ בלוי, בלוי נאָר מיד... גאָט מײַנער, וויפל מידקייט ווײַנט אַרויס פון די אויגן!

און די ווינקלען אַרום די אויערן, אַרום מויל... נו, מילא, פּוסטע מעשׂיות. קנייטשן זענען קנייטשן און זעקס און דרײַסיק יאָר זענען פּינקט־לעך זעקס און דרײַסיק יאָר... פאַר וואָס זשע גראָד הײַנט דער חשבון־הנפש?

פּונקט ווי אַ פאָלק שטעלט זיך אָפּ אַ טאָג אין יאָר און קרײַנקט אים פאַר ראש־השנה, אַזוי טוט אויך אַ מאָל דער יחיד... און זי, ווערא, האָט

אָפּגעמאַכט בײַ זיך, אַז פּונקט אין געבוירן־טאָג, ווען עס ווערט איר זעקס און דרײַסיק יאָר, רופט זי אַליין זיך אַרויס צו אַ משונה־ווילדן פֿאַרמעסט: הײַנט אָדער קיין מאָל נישט...

זי האָט אָנגעצונדן אַ ציגאַרעט און זיך אַוועקגעלייגט אויף דער סאָפּקע.

— נו, אָט אַזוי, פּאַמעלעך, וועראַ, לאָמיר אַ מאַך טאָן דעם אונ־טערצי: אָט אַזוי, אַכצן יאָר געוואַרט אויף זײַן קלאַפּ אין טיר... ווערא טיפּש, דאָס לעבן איז נישט קיין שונד־ראָמאַן מיט אַ העפּי־ענד... נו, מילא, הייסט עס, פֿאַרתּכלעוועט דאָס לעבן... נאָר צוריק געטראַכט: ווען איך, ווערא, וואָלט געוועזן יאָ חתונה געהאַט, ווי אַלע אַנדערע מיידלעך, געהאַט אַ מאַן מיט קינדער, וואָלט דאָך געוועזן אַוודאי נאַריש־נודנעוואַטע... און אַזוי?... אַזוי בין איך געבליבן אַ פֿילאָסאָפֿישע אַלט־מויד... יאָ, פֿרײַלין, דאָקטאָר אין פֿילאָסאָפֿיע, ווערא פֿערלאָוו... איז עס דאָך אַוודאי מײַן גע־שעצטער פּריוואַט־ענין און מײַן פּריוואַט־רעכט, דערלויבט מיר צום זעקס און דרײַסיקסטן געבוירן־טאָג מאַכן, ווי באַשלאָסן, אַ געוואַגטן עקספּערי־מענט... הייסט עס, אָפּגעמאַכט: הײַנט מיט זונפֿאַרגאַנג וועט איר עקסצע־לענץ, דאָקטאָר ווערא, אַרויסגיין צום ים־ברעג און... און דעם ערשטן מאַנספֿאַרשוין, וואָס זי וועט אָנטרעפֿן...

דאָס האַרץ האָט מיט אַ מאָל גענומען שפּרינגען בײַ איר ביזן האַלדז, ביזקל די שלייפֿן... זי האָט אַ וואָרף געטאָן דעם ציגאַרעט און זיך צעשריגן:

— פֿוי, פֿוילע שטיק, פֿרײַלין דאָקטאָר, מיר האָבן באַשלאָסן פּטור צו ווערן, איין מאָל פֿאַר אַלע מאָל, פֿון הויכגעשעצטן טיטל: „בתולה"... באַ־שלאָסן, און מיר וועלן, מיט גאָטס הילף, פּטור ווערן! פֿאַרשטאַנען, פֿרײַ־לין דאָקטאָר?

דער ים אין ליכט פֿון זונפֿאַרגאַנג איז ווי שטענדיק — דער ים אין זונפֿאַרגאַנג. נאָר זי, די קליינע דערשראָקענע „חוה" איז נישט די זעלביקע ווערא ווי שטענדיק... גאָט מײַנער, ווו איז פּלאַטאָן און סאָקראַטעס, אַריסטאָ און קאַנט, שפּינאָזאַ און שאָפּענהויער? העלפֿט איר נישט די געשעצטע פֿילאָסאָפֿיע אין עת־צרה? זי האָט געפּרוווט, אויסנווייניק, פֿאַר זיך ציטירן פֿון שפּינאָזעס „עטיק", געפּרוווט זיך דערמאָנען אין דער אָלימפּישער רו וואָס עס האָט פֿאַרמאָגט דער ריז פֿון אַמסטערדאַם.

די זון האָט זיך אויסגעלאָשן. עס איז נאַכט געוואָרן.

אין דער ווייכקייט פון האַלב־טונקלעניש האָט אַ קאַפּל נאָכגעלאָזט די שטיינערנע פאַרשטייפטקייט אַרום איר האַרץ, זי האָט איינגעאָטעמט די נאַכטיקע ים־קילקייט און אָנגעהויבן ברומען די שורות פון געטעס „איבער אַלע גיפּפּעלן איז רו"... מיט אַ מאָל האָט זי דערהערט טריט אין זאַמד, זי האָט אויפגעציטערט און אויסגעגלאָצט די אויגן.

אַן עלטערער מאַן, די הענט פאַרלייגט אויפן רוקן, מיט אַן אַראָפּ־געלאָזטן קאָפּ, ווי פאַרטראַכט אין זיך, איז איר אַנטקעגן געקומען.

זי האָט נאָך צייט געהאַט אַ באַפעל צו טאָן צו זיך:

— פרייַלין דאָקטאָר ווערא, אָפּגעמאַכט איז אָפּגעמאַכט! פיר אויס דעם אָפּמאַך!...

— אַנטשולדיקט, מיין הער, צי קענט איר מיר זאָגן, ווי שפּעט עס איז אַצינד?

ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן האַנט־זייגערל און געענטפערט:

— האַלב צען.

— אַ דאַנק...

ער האָט גענומען ווייטער שפּאַנען.

— אַנטשולדיקט, מיין הער... אָט אַ רגעלע... איך דאַרף אייַך עפּעס אינפאָרמירן...

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט. איצט האָט זי אים געקענט גענוי באַטראַכטן:

ער איז געווען אַ מאַן נאָענט צו די זעכציק מיט אַ ספּעציפיש פּנים פון אַ קינסטלער. ווילדע צעשויבערטע האָר, פאַרנעפּלטע אויגן און אַ גרויסער, מיט קלוגן טרויער צעאַקערטער שטערן.

— מאָדנע, האָט זי געזאָגט, איך האָב אייַך קיין מאָל אין לעבן נישט געזען און איר מיך אויך נישט... און דאָך... דער גורל, דער פאַטום אונדזע־רער, ווער איז ער?... אפשר זענען מיר אַליין אונדזער גורל און פאַטום? אונדזער ווילן, אונדזער כאַראַקטער איז אונדזער גורל און פאַטום?... יאָ, מייַן הער, פון באַרוף בין איך פילאָסאָף... און חוץ דעם בין איך נאָך עפּעס... לאָמיר עס אָנרופן „אַ נישט־חתונה־געהאַטע"... יאָ, הייַנט זענען מיר געוואָרן זעקס און דרייַסיק יאָר און צום געבוירן־טאָג האָבן מיר באַשלאָסן אַ טשיקאַווען באַשלוס: בייַם ים־בריג, דעם ערשטן מאַן וואָס

מיר וועלן באַגעגענען... אַנטשולדיקט... איר זענט עס, מײַן האַר...

ער איז געשטאַנען רויִק און געשמייכלט, ווי אייגער וואָס גאָרנישט קען אים מער נישט איבערראַשן...

בעת זי האָט געענדיקט איר „ספּיטש", האָט ער שטיל געזאָגט:

— איך האָב ליב אַ סך זאַכן אין דער וועלט, נאָר מער פון אַלץ איז מיר ליב אָריגינאַליטעט... אָריגינאַל פון מענטשן און אָריגינאַליטעט פון סיטואַציעס... און דאָ בײַם ים־ברעג האָב איך זיי בײדע באַגעגנט... אַ דאַנק אײַך...

זי האָט אויך געפּרוווט שמייכלען, כאָטש די פּיס האָבן זיך איר גענומען ברעכן און דאָס האַרץ שפּרינגען ביזן האַלדז, ביזקל די שלייפן.

ער האָט איר אַ גלעט געטאָן איבערן קאָפּ:

— איר דאַרפט אײַך נישט איבערנעמען... מיר גייען נישט גלײַך אויס־פירן דאָס „פּראָגראַם"... איך בין אַן אַלטער מאַן און פילאָסאָפירן איז מיר ליבער ווי ראָמאַנסירן...

ער האָט זי גענומען אונטערן אָרעם:

— קום, טאָכטער, האָט ער געזאָגט, מיר וועלן זיך אַוועקזעצן אויפן דאָזיקן שטיין און אַ קאַפּל באַגאַפן דעם ים, ער איז טיפער און קליגער פון אונדז ביידן.

זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט אויפן שטיין.

— ווי אַזוי רופט מען דיך, טאָכטער? האָט ער נאָך אַ מאָל אַ גלעט געטאָן איר קאָפּ.

— ווערא.

— זעסט, ווערא, האָט ער אַ טײַטל געטאָן, זעסט די לבנה אין ים? זי איז אי יאָ די לבנה אי נישט די לבנה, מיר זענען אויך אַזוי, אי פון ערגעץ אַנדערש אי פון דאָ, מיר זענען דאָ און דאָך נישטאָ...

זי האָט אָנגעלענט איר קאָפּ אין זײַן אַקסל און שטיל געזאָגט:

— איך האָב זיך אַזוי געשראָקן... און איצט... אַ דאַנק צו גאָט, אַלץ פאַרענדיקט זיך קלוג און שטיל...

יאָ, האָט ער געזאָגט. האָסט מזל, ווערא, איך בין מיד און שטיל...

און זי האָט אים שטיל נאָכגעזאָגט:

יאָ, מיד און שטיל און קלוג...

# אַ שמועס אין קאַפע־הויז

איז זיך געזעסן אַ גרופּע שרײַבער און קינסטלער פאַרטיפט אין אַ שמועס וועגן דער „פרײַהייט פון קונסט". האָט דער דיכטער ראָליק אַ שמייכל געטאָן און שטיל געזאָגט:

— ווי אַזוי קען דער קינסטלער זײַן פרײַ, ווען דער מענטש אַליין איז נישט פרײַ ?...

— וואָס פאַרשטייסטו אונטער פרײַהייט ? האָט דער מאָלער ליכטמאַן גענומען גלעטן זײַן שפּיץ־באָרד, וואָס וואָלט בײַ דיר געהייסן פרײַ זײַן ?

דער דיכטער האָט זיך פאַרטראַכט און דערנאָך גענומען ציילן איטלעכס וואָרט:

— פרײַ זײַן מיינט: זײַן דער וואָרצל פון אַלע טראַכטונגען און טוונגען און אויך דער האַר איבער זייער ענדציל... דאָס מיינט, אַז קיין פרעמדער שטייט נישט הינטער דײַן ערשט וואָרט. ס'איז דער אָנהייב און דער אַלף!

דער מאָלער האָט אַוועקגענומען די האַנט פון דער באָרד:

— ווען דיך דײַן טעאָריע וועגן פרײַהייט איז קיינער נישט פרײַ חוץ גאָט ?

— אַוודאי אַזוי, האָט דער דיכטער געשמייכלט, קיינער נישט... איך בין אַפילו נישט זיכער, אַז גאָט אַליין איז יאָ פרײַ...

— ווען דיך שפּינאָזאַן, האָט דער עסייִסט גרונטמאַן זיך אַרײַנגעמישט אין שמועס, ווען דיך שפּינאָזאַן איז גאָט אַליין אויך נישט פרײַ, נײַערט געבונדן איז ער צו זײַנע אייגענע געטלעכע געזעצן...

— דאָס מיינט, האָט דער מאָלער זיך צעקוואָלן, אַז גאָט איז געבונדן צו זײַנע געזעצן ווי דער פּאָעט, למשל, צו דער פאָרעם פון סאָנעט.... פרעגט זיך: פאַר וואָס קען גאָט נישט איבערגיין צום ווײַסן פרײַען פערז ? איז

דער ענטפער: ער איז קאָנסערוואַטיוו דער באַשאַפער און פאַרכט זיך פאַר מאָדערניזם!

דער דיכטער האָט אַ קוק געטאָן אויפן מאָלער, דערנאָך אויפן מיידל, וואָס איז אָקערשט צוגעקומען צום טישל, און ער האָט אַ זאָג געטאָן:

— אָט האָט איר אַ באַווייַז פון נישט זייַן פרייַ: דער מאָלער ליכטמאַן האָט אַרויסגעזאָגט זייַן לעצטן געדאַנק נישט ווייַל ער האָט מיט אַ רגע פריִער אַזוי געטראַכט, נאָר ווייַל ער האָט געזוכט אַ פּיקאַנטן זאָג כּדי צו געפעלן דינהן... דאָס הייסט, אַז ווען דינה וואָלט נישט צוגעקומען אין אָט דער רגע צו אונדזער טיש, וואָלט דער מאָלער ליכטמאַן געזאָגט עפּעס אַנדערש ווי דאָס וואָס ער האָט געזאָגט אונטערן אייַנפלוס פון מיידלס שיינקייט...

ווען דינה האָט זיך אַוועקגעזעצט בייַם טיש, האָט דער עסייִסט גרונט־מאַן פאַררייכערט זייַן ליולקע און אַ זאָג געטאָן:

— פאַרשטייסט, דינה, דאָס מיינט, אַז ווען דו וואָלסט נישט ענלעך געווען צו דייַן שיינער באָבע רייזל, נאָר צו דייַן מיאוסן פעטער בעריש, וואָלט דער שמועס דאָ איצט אין קאַפע אָנגענומען אַן אַנדער ריכטונג... קען זייַן, אַז די וועלט־מוזיק וואָלט אַוועק אויף אַנדערע דרכים ווען בעטהאָווען וואָלט נישט געהאַט קייַן אומגליקלעכע ליבע בייַ עפּעס אַ גרעפיש שיקסל...

דינה האָט אויפגעהויבן די טרויעריקע אויגן און שטיל געזאָגט:

— מיר גלוסט זיך איצטער נישט צו פילאָסאָפירן... ווייַל... ווייַל מיט אַ שעה צוריק איז געשטאָרבן באַרקלי... דער דיכטער באַרקלי איז גע־שטאָרבן.

אַ רגע האָט די שטילקייט אייַנגעשלאָסן אין זיך אַלץ און אַלעמען.

דער מאָלער ליכטמאַן האָט זייַטיק אַ קוק געטאָן אויפן דיכטער ראַליק, און אַן אויסטערלישער געדאַנק איז אים אייַנגעפאַלן: קען זייַן, האָט ער געטראַכט, אַז דער דיכטער ראַליק לעבט איצט איבער אַ טיפן געראנגל, איין טייל אין אים ציטערט פאַר דער מיסטעריע פון טויט... און דער צווייטער חלק אין אים, קען זייַן, פרייט זיך גאָר מיט באַרקליס טויט. זיי האָבן געהערט צו פייַנדלעכע ליטעראַרישע גרופּעס און זיך באַקעמפט איינער דעם אַנדערן... און ער אַליין? ער אַליין, דער מאָלער ליכטמאַן — ווי אַזוי רעאַגירט אויפן טויט פון אַ חבר? אים אַרט נישט אַזוי דער טויט

פון דעם פרײַנד, ווי דינהס שטימונג צוליב באַרקליס טויט... דער אָוונט וועט שוין זײַן אַ פאַרשפּילטער, ער טאָר אַפילו נישט פּרוּוון נעמען דינהס האַנט צווישן זײַנע פינגער...

דינה האָט זיך אויפגעהויבן פון שטול.

— דו גייסט שוין? האָט דער מאָלער אַ פרעג געטאָן, נישט זײַענדיק זיכער, צי פּאַסט אַצינד עפּעס רעדן...

יאָ, האָט דינה אַראָפּגעלאָזט די אויגן, יאָ, איך... איך וויל איצט זײַן מיט זיך אַליין.

ווידער האָט די שטילקייט אַלעמען פאַרשלאָסן. דערנאָך האָט זיך אויפּ־געהויבן דער דיכטער:

— נו, צײַט אַהיים צו גיין... אַ גוטע...

בעת דער דיכטער האָט זיך דערווײַטערט, האָט דער עסייִסט געזאָגט:

— דינה איז אַהיים געגאַנגען וויינען... און דער פּאָעט ראַליק איז אַוועק שרײַבן... איך ווייס נאָך נישט וועגן וואָס ער וועט שרײַבן... וועגן דער מיסטעריע פון טויט, אָדער דער נישט־פרײַהייט פון בן־אָדם...

דער מאָלער האָט שטיל אַ שמייכל געטאָן:

— צי זענען דען נישט ביידע טעמעס איינע און די זעלביקע? די מיסטעריע פון טויט און די נישט־פרײַהייט פון בן־אָדם?

— יאָ, האָט דער עסייִסט אַראָפּגעלאָזט די אויגן, באמת, ביידע טעמעס זענען אין תּוך אַן איין־און־איינציקע, איין־און־איינציקע מיסטעריע אָן אַ העפּי ענד...

# די באַנאַלע מעשׂה

געווען איז עס דינסטיק, אין יענעם טאָג ווען דער נאָוועליסט בערלער איז זיך נוהג אָנצושרײַבן די דערציילונג פאַרן פרײַטיק־נומער פון דער צײַטונג. ער, וועמען דער דמיון פלעגט דינען מיט דער געטרײַשאַפט פון אַ קנעכט, ער איז געזעסן אַצינד בײַ זײַן שרײַבטיש און געוואַרט אויף דער ערשטער שורה. נאָר אין קאָפּ זענען אַלע קעמערלעך געווען פאַרהאַקט, ווי מיט מעטאַלענע טירן. אַז די נאַכט האָט אָנגעהויבן צופאַלן, האָט ער זיך אַ הייב געטאָן פון דער שטול, געכאַפּט דאָס רויטע פליושענע רעקל און זיך געלאָזט אין גאַס אַרײַן.

אַצינד האָט זיך נישט געהאַנדלט מער אין דער פרײַטיק־דערציילונג, נאָר אַ פּחד איז אים באַפאַלן, אַ מוֹרא, אַז זײַן טאַלאַנט איז פאַרלאָשן געוואָרן... ער איז געלאָפן איבער די גאַסן, און די אויגן זײַנע, ווי דער־שראָקענע פייגל, האָבן געזוכט אַן אָנטרינונג פון גזר.

מיט אַ מאָל איז ער שטיין געבליבן. פון אַ באַלויכטענעם קאַפע האָט אים אַנטקעגן געשטראַלט אַ מאָדנע בילד:

בײַ אַ טישל איז געזעסן אַ פרוי און געביסן פון אַ גרויסן, געזונטן, רויטן עפּל.

ער איז אַרײַן אין קאַפע, זיך אַוועקגעזעצט בײַ איר טישל און שטיל אַ זאָג געטאָן:

— אַלע טרינקען דאָ קאַווע אָדער טיי, און איר... איר האָט געבראַכט דאָס דאָרף אַהער... עס זעט אויס, ווי איר וואָלט דעם דאָזיקן פראַכט־עפּל אָפּגעריסן אָקערשט פון בוים.

זי האָט מיט אַ פול מויל עפּל אַ שטאָמל געטאָן:

— לאָזט מיך צו רו, איך וויל עסן.

— עסט, האָט ער געזאָגט, און איך וועל קוקן אויף אײַך, איר דער־מאָנט מיך...

— נו, האָט זי זיך אַ בייזער געטאָן, זאָגט שוין אַרויס די באַנאַליטעט, וואָס עס ווילט זיך אײַך אַרויסזאָגן.

— צי מיינט איר אַז אַלץ מוז, אַ פּריאָרי, זײַן באַנאַליטעט? האָט ער, אַ באַליידיקטער, זיך פאַרקרימט.

— עס מוז נישט, נאָר סע איז.

זיי האָבן אַ ווײַלע געשוויגן, דערנאָך האָט ער אַ פרעג געטאָן:

— איר גלייבט אין גורל?

— איך גלייב, האָט זי געענטפערט, איך גלייב, אַז איר ווילט מיך נודען...

— הערט, האָט ער פּלוצעם זי אַ נעם געטאָן בײַ דער האַנט, הערט, איך בין אין אַן עת־צרה... איר מוזט מיר העלפן.

זי האָט אים פאַרשנדיק אָנגעקוקט און שטיל געזאָגט:

— העלפן... מיט וואָס קען איך אײַך העלפן?

ער האָט זיך אַ בייג געטאָן צו איר און אומבאַהאָלפן ווי אַ קינד גע־נומען שטאַמלען:

— אָט אַזוי... די געשיכטע איז אַ פּשוטע... יאָ, איך וועל קורץ דער־ציילן... בינען בין איך אַ נאָוועליסט... שוין מער ווי אַ צענדליק יאָר אַז וואָך־אײַן וואָך־אויס שרײַב איך אַ דערציילונג פאַר מײַן צײַטונג... און הײַנט, הײַנט צום ערשטן מאָל אין לעבן, האָט מײַן דמיון זיך פאַרהאַקט אויף טויזנט מעטאַלענע טירן...

זי האָט זיך צעלאַכט:

— אינטערעסאַנט... און איך, ווילט איר, זאָל אײַך עפענען די מעטאַ־לענע טירן?

— יאָ, האָט ער זיך דערפרייט, יאָ, דאָס וויל איך.

— ווי אַזוי עפנט מען די טירן?

— אײַער אויסזען איז אינטערעסאַנט און אײַער לעבן איז אַוודאי אינ־טערעסאַנט... דערציילט עפּעס פון זיך.

— פון זיך? האָט זי אַ לאַך געטאָן, פון מיר קען איך אײַך בלויז דער־ציילן, אַז... אַז איך בין אַ שרײַבערין.

— גאָט מײַנער, האָט ער געפּרוּװט כאַפּן דעם אָטעם, איר זענט דאָך...
איך קען אײַך דאָך פון בילדער אין דער צײַטונג, איר זענט... רחל בן טוב.

— יאָ, האָט זי נישט אויפגעהערט לאַכן, און איר זענט דער נאָװעליסט בערלער.

— אַזוי איז עס.

— נו, האָט זי געזאָגט, איצט טוט אַ ביס פון מײַן עפּל.

זי האָט אים צוגעפירט די פרוכט צום מויל און ער האָט אײַנגעביסן.

איצט האָט ער געזאָגט מיט אַ פול מויל עפּל:

— בעזרת־השם, אַ האַלבע דערציילונג איז שוין פאַראַן... אָבער דער פינאַל פעלט נאָך...

זי האָט אים נאָך אַ מאָל פאַרשנדיק אָנגעקוקט און געזאָגט:

— זעט נאָר אַ צונױפטרעף...

— איצט גלייבט איר אין גורל?

— איך האָב שטענדיק געגלייבט, נאָר פאַר איין זאַך האָב איך מורא.

— פאַר װאָס?

— פשוט, די געשיכטע הייבט אָן צו װערן באַנאַל.

ער האָט זיך צעלאַכט:

— צי מיינסטו, האָט ער געזאָגט, צי מיינסטו נישט, אַז אויך אַ שרײַבער מעג אַ מאָל זײַן באַנאַל?

— אמת, האָט זי געזאָגט, אויך שרײַבער האָבן אַ מאָל רעכט דערצו.

— און װאָס הייסט בײַ דיר באַנאַל? האָט ער געפרעגט.

זי האָט גענומען זײַן האַנט אין אירער:

— באַנאַל הייסט, אַז איך װעל דיר זאָגן בזה־הלשון: איך װוין קעגן איבער, אַז דו װילסט קום צו מיר.

— אַלץ, האָט ער געשעפּטשעט, אַלץ אין מיר װיל קומען צו דיר.

— קום זשע.

זי האָט זיך אויפגעהויבן און ער איז איר נאָכגעגאַנגען.

בעת זיי זענען אַרויף אויף די טרעפּ צו איר װוינונג, האָט זי שטיל געזאָגט:

— די דערציילונג וועט האָבן אַ פינאַל... אָבער פרעגן פרעגט זיך, אונטער וועמענס נאָמען וועלן מיר דרוקן די דערציילונג?

ער האָט זי אָנגעקוקט מיט צערטלעכקייט און געזאָגט:

— מאָרגן, מיטן זונאויפגאַנג וועלן מיר וואַרפן גורל, אונטער וועמענס נאָמען מיר וועלן דרוקן די דערציילונג, מסכים?

— מסכים...

# דעם בערלעווער רבינס דאגות

ער איז אַ קלאַסישע אויסגעטאָקטקייט פון אַ למד־וואָווניק: אויגן קינדיש־בלויע וואָס טריפן טאָג און נאַכט מיט ליכטיקער גוטסקייט צו דער וועלט, קליינע פאַרשלאָסענע ליפּן וואָס פאַרכטן זיך צו רעדן דברים בטלים, ווײַל זיי ווייסן אַז וואָרט איז קדשי־קדשים, מיטן וואָרט האָט כּביכול באַשאַפן אַלע וועלטן.

דער בערלעווער רבי (אַזוי רופט מען אים) ציטערט נישט פאַר אַן עבירה, נאָר ער האָט זי פּשוט פּײַנט, זי עקלט אים ווי עס עקלט אַ שרץ.

אין זײַן תּמימות באַנעמט ער נישט, ווי אַזוי עס קען זיך גלוסטן דעם מענטשן צו זינדיקן.

הערט ער, אַז עמעץ איז עובר געווען אויף אַ „לאַוו", כליפּעט אויף זײַן האַרץ פון רחמנות.

צוויי מאָל אין יאָר קומט אַרויף צום בערלעווער רבין זײַן שוועסטערס אַ זון, שוין אַ „הײַנטוועלטיקער", אַ דאָקטאָר־פילאָסאָפיע.

אַז מען קוקט זיך אײַן איןביידנס געזיכטער, אין רבינס און אין דאָקטאָרס, דערפילט מען תּיכּף די ענלעכקייט סײַ אין געגאַף פון זייערע אויגן און סײַ אין די עניוותדיק־פאַרשלאָסענע ליפּן.

זיי זיצן און שווײַגן. נאָר פון צײַט צו צײַט גיט דער דאָקטאָר אַ דערמאָן עפּעס פון די קינדער־יאָרן, אין אַמאָליקן רבישן הויף אין גאַליציע. דערמאָנט דעם אָדער יענעם פון דער משפּחה, דערמאָנט דעם אַלטן עפּלבוים, וואָס פלעגט ערב ראש־השנה נעמען וויאַנען אין רבינס גאָרטן.

און ער גיט שטיל צו:

— נישטאָ מער יענע מענטשן און נישטאָ מער דער עפּלבוים... און אפשר דער עפּלבוים איז יאָ דאָ... מאָדנע, קען זײַן, אַז ערגעץ שטייט ער

נאָך, פונקט ווי אַ מאָל, מיט רויטע וויאַנענדיקע בלעטער, דער אַלטער עפּל־בוים... נאָר נישט פאַראַן ווער עס זאָל אַ ברכה מאַכן אויף זײַנע פּירות, נישט פאַראַן מער קיין ייִדן אין שטעטל...

דער אַלטער רבי טוט אַ קרעכץ, זײַנע ליפּן טוען אַ ציטער, ווי ער וואָלט עפּעס וועלן זאָגן, נאָר זיי פאַרשליסן זיך צוריק, זיי פאַרכטן זיך... אַ קלייניקייט אַ וואָרט! קדשי־קדשים...

דעם לעצטן ערב ראש־השנה, בעת דער פּלימעניק איז געקומען צום פעטער דעם רבין, האָט דער אַלטער בערלעווער אויפגעהויבן זײַנע אויגן, ווי אַ קינד וואָס געגענט צום פאָטער מיט אַ בקשה, ער האָט מילד אַרויפ־געלייגט זײַנע אײדעלע ווײַסע פינגער אויפן פּלימעניקס אַקסלען און מיט אַ פאַרכטיק קול אַ זאָג געטאָן:

— אַברהמעניו, איך וויל דיך עפּעס בעטן.

ער האָט אַרויסגעצויגן דאָס טאַביק־שקעטעלע פון שופלאָד און עס אַוועקגעלייגט אויפן טיש.

דאָס שקעטעלע האָט געשטאַמט פון ריזשינער ציידן ז״ל, און דער בערלעווער פלעגט זיך נוהג זײַן, אַז אין גורלדיקע רגעס טוט ער פון צײַט צו צײַט אַ שמעק צו די ריחות, וואָס זענען אויפגעהיט אין דער קילער זילבערנער טיף פונעם הייליקן חפץ.

ער האָט מיט ציטערדיקע נאָז־פליגל אויך איצט אַ צי געטאָן דעם ריח און פרום געזאָגט:

— ווייסט, אַברהמעניו, אַז מיר זענען זוכה צו לעבן אין משיחס צײַטן... איך הער, געלויבט צו זײַן ליבן נאָמען, איך הער... הער די טריט פון גואל...

דו ווייסט, אַברהמעניו, אַז איך... איך האָב דיך ליב... און...

ער האָט אַ רגע געזוכט די ווערטער און דערנאָך מילד געזאָגט:

— דער רמב״ן ברענגט, אַז בעת משיח וועט קומען, וועט דער בורא־עולם צוריקנעמען פון בן־אָדם די בחירה...

פאַרשטייסט, אַברהמעניו, כּל־זמן דער בן־אָדם פאַרמאָגט בחירה, קען ער תשובה טאָן... און אַז אַפילו, חלילה, נישט, איז במילא יעדער ייִד זוכה צו זײַן חלק עולם־הבא... דאָס מיינט, אַז אַפילו דער חוטא וואָס קומט אָפּ זײַן עונש אין גיהנום, טויזנט צי צען טויזנט יאָר... גייט דערנאָך זײַן

נשמה אויף אַ געלײַטערטע צום היכל־השם... דאָס מיינט, דער זינדיקסטער ייִד איז נישט אין גאַנצן קיין פאַרפאַלענער... אָבער אַנדערש וועט זײַן בעת משיח וועט קומען... דער רמב״ן ברענגט, אַז בעת משיח וועט קומען, וועט צוגענומען ווערן בײַם בן־אָדם די בחירה... אין וואָסער מצב דער מענטש וועט זיך געפינען אין יענער רגע, וועט ער שוין בלײַבן אַזוי ביז אייביק, אייביק... אַלע וועלטן וועלן שאַלן מיט יום־טובדיקער צעשאַ־לונג, נאָר דער זינדיקער וועט אומגיין אַ זײַטיקער, אַ פאַרשעמטער, איינער אַליין...

אַ רגע איז שטיל געוואָרן, דערנאָך האָט דער בערלעווער אויפגעהויבן די פאַרטרערטע אויגן און מילד געזאָגט:

— איך האָב דיך ליב אַהבת־נפש, אַברהמעניו, און איך... איך וויל נישט, אַז דו זאָלסט, אין טעג פון אייביקן יום־טוב, אַרומגיין אַ זײַטיקער, אַ וואַכעדיק־פאַרשעמטער...

דער דאָקטאָר האָט ווי אַ קינד אַ פרעג געטאָן:

— וואָס זשע עצהט דער פעטער שליט״א?

— אַברהמעניו, האָט דער בערלעווער געזאָגט, יעדער אויסגעטועונער פון מצוות איז געגליכן צו אַ חולה־מסוכּן... און אַ חולה הייבט מען נישט אָן געבן אויף איין מאָל געבראָטענע גענדז... קודם דערלאַנגט מען אַ לע־פעלע אײַנגעמאַכטס, אַ פּאָר טראָפּן ווײַן... ביז ער לערנט זיך אויס...

אַברהמעניו, מײַן קינד, קודם הייב אָן יעדן טאָג צו לייגן תּפילין... טו אָן די תּפילין, מאַך אַ ברכה און טו זיי אויס... הייב אָן, מײַן קינד, און גאָט ברוך־הוא וועט זיך מרחם זײַן אויף דיר...

בעת דער אַלטער בערלעווער האָט באַגלייט זײַן פּלימעניק צו דער טיר, האָט ער שטיל געזאָגט:

— פאַרשטייסט, אַברהמעניו, איך... איך האָב דיך ליב אַהבת־נפש... און איך... איך וויל נישט, אַז אין די טעג פון לויטער יום־טוב, זאָלסטו אַרומשפּרײַזן אַ זײַטיקער, אַ פאַרשטויסענער, אָן עצבותדיקער... איך... איך וויל זאָלסט זיצן בײַ כּביכולס טיש.

# טרויעריק־פאַרשעמט גאָלד

— איר ווייסט, זאָגט ער מיט אַ מיד קלוג קול, איר ווייסט, מײַן פרײַנד, אַז עס קומט מיר אויס לעכערלעך, וואָס מענטשן שרײַבן ראָמאַנען אויף הונדערטער זײַטן. דער אמת איז, אַז אַ מענטשלעך לעבן באַשטייט, אין תּוך גענומען, פון אַ פּאָר קליינע עפּיזאָדן, וואָס קענען באַשריבן ווערן אויף דרײַ אָדער פיר זײַטלעך. נעמט, למשל, מײַן אייגן לעבן. איך שלײַדער זיך שוין אַרום אויף אָט דער וועלט איבער פופציק יאָר. נאָר צי דאַרף איך דען באַשרײַבן אַלע מיליאָנען טריט, וואָס מײַנע פיס האָבן געשטעלט אויף די טרויעריקע וועגן פון דער וועלט? ווער בין איך?... איך בין, לאָמיר זאָגן, אַ באַשעפעניש אַזאַ אויף צוויי פיס מיט אַ קאָפּל קידער־ווידער אין אייבערשטיבל... אַזאַ באַשעפעניש רופט די וויסנשאַפט: „מענטש". איך וועל זיך נישט אַמפּערן און נעם אָן דעם טיטל: „מענטש". און וואָס זשע איז באַשטאַנען דאָס לעבן אין משך פון פופציק יאָר פון אָט דעם דאָזיקן „מענטש־באַשעפעניש"? אַלע טעג און יאָרן זענען צערינען ווי שניי צווישן די פינגער פון דער צײַט, און געבליבן איז אין זכרון בלויז אַן איינציקער עפּיזאָד, וואָס האָט געפורעמט מײַן כאַראַקטער. און חוץ אונדזער כאַראַקטער־פורעם איז אַלץ טפל.

איך וועל פּרוּוון דערציילן וועגן דאָזיקן עפּיזאָד:

איך בין דעמאָלט געווען אַ ייִנגל פון אַ יאָר פופצן. אַ קײַלעכיקער פּעמפּיק מיט אַ ראָזעווע לבנה־פּנים. בײַ מײַן מוטער און די אַכט מומעס מײַנע האָב איך געהייסן אַ „קראַסאַוויץ".

ראָטשילדס טאָכטער וועט זיך פאַרליבן אין אים, האָט געטענהט מײַן מוטער, און מײַנע אַכט מומעס האָבן צוגעשאָקלט מיט די דרײַגאָרנ־דיקע גוידערס אויף „יאָ".

איך אַליין האָב אָנגעהויבן גלייבן אין מײַן שיינקייט, און מײַן גאווה איז געוואַקסן.

איין מאָל אין אַ פאַרנאַכט בין איך געשטאַנען אין אונדזער גאָרטן

אונטערן אַלטן נוסנבוים, לעבן מיר צוויי יינגלעך און דעם שכנס טעכטערל אין מײַנע יאָרן. זי האָט געשטאַמט פון אַן אָרעמער שנײַדער־שטוב און דערצו איז זי נאָך געווען אַ געלהאָריקע מיט אַ פול פנים זומער־שפּרענ־קעלעך.

קיין מיאוסערס און געפּאַלענערס פון דאָזיקן מיידעלע, האָב איך גע־טראַכט, איז אין דער גאַנצער וועלט נישט בנימצא.

מיט אַ מאָל דערהער איך ווי בערעלע דעם שניט־קרעמערס זאָגט צו מיר:

— ווייסט, אַז רייזעלע דעם שנײַדערס גייט אויס נאָך דיר, וויל ווערן דײַן כלה...

דאָס געלהאָריקע באַשפּרענקלטע מיידעלע האָט אַראָפּגעלאָזט פאַר־שעמט די אויגן און גענומען קײַען דאָס דאַרע צעפּעלע אירס צווישן די לאַנגע געלע ציין.

דאָס בלוט האָט מיר אַ זעץ געטאָן אין פּנים. איך האָב אַ הייב געטאָן מײַן רעכטן פוס און דערלאַנגט אַ דריגע אין רייזעלעס בויך אַרײַן.

זי האָט מיט אַ קול פון אַ קראַנקן פויגל אַ פּיפּס געטאָן:

— צי בין איך אַ קרעציקע קאַץ, וואָס דו דריגעסט מיך ?...

איך געדענק נאָך ביז הײַנט: דער זונפאַרגאַנג צווישן די צווײַגן פון אַלטן נוסנבוים איז געווען פול מיט טרויעריק־פאַרשעמטן גאָלד, מיט יענעם וויינענדיקן גאָלד פון דער מאַמעס בראָש, וואָס זי האָט אָפּגעשפּיליעט פון איר קלייד, בעת די באָבע איז געשטאָרבן... איך בין דעמאָלט אַלט גע־ווען פינף יאָר, בעת די באָבע איז ניפטר געוואָרן. איצט האָט דער זונפאַר־גאַנג געלויכטן מיטן זעלביקן גאָלד. רייזעלע דעם שנײַדערס איז געשטאַ־נען אונטער אָט דעם טרויעריק־פאַרשעמטן גאָלד... און די גאַנצע וועלט מיט רחמים האָט פּלוצעם אויפגעלויכטן אין מײַן האַרץ...

איך האָב אײַנגעהאַלטן מײַנע טרערן און גענומען לויפן צו אונדזער הויז.

בעת איך בין אַרײַן אין מײַן צימער, האָב איך אויסגעבראָכן אין אַ געוויין.

אין יענער נאַכט האָט מײַן האַרץ דערפילט דעם נס פון רחמים... דער נס וואָס איז נאָך ווונדערלעכער ווי דער נס פון ליבשאַפט...

חצות, בעת די מאַמע איז שוין געלעגן אין בעט, האָב איך געגעבנט צו איר און שטיל געזאָגט:

— איך בין זינדיק, מאַמע, איך וויל תּשובה טאָן...

די מאַמע האָט געעפנט די אויגן האַלב־פאַרשלאָפענע און האַלב־דער־שראָקענע:

— וואָסער זינד? וואָס רעדסטו מײַן קינד?

— איך האָב זי פאַרשעמט... זי געדריגעט ווי אַ קרעציקע קאַץ...

— וועמען?

— רייזעלע דעם שנײַדערס...

ערשט איצט האָב איך אויסגעבראָכן אין אַ ווילדן געכליפּ.

מײַן מאַמע האָט אַרויפגעלייגט איר האַנט אויף מײַן שטערן:

— ווי איז מיר, האָסט היץ, מײַן קינד.

אויף מאָרגן האָט מען געבראַכט צו מיר דעם דאָקטער קאַמפּולסקי.

ער האָט מיך אויסגעהערט, אויסגעקלאַפּט און צום סוף געזאָגט:

— די נערוון זענען אים אָפּגעשוואַכט... זאָל ער יעדן טאָג זיך באָדן אין טײַך און אין אָוונט האַקן האָלץ... אַז ער וועט זיך גוט אָנהאָרעווען, וועט ער שפּעטער שלאָפן געשמאַק און די נערוון וועלן אים געשטאַרקט ווערן.

ס׳איז געווען צוויי וואָכן זינט איך האָב אָנגעהויבן שווימען אין טײַך... בעת איך בין אַהיים געקומען, האָב איך געהערט ווי די דינסטן אונדזערע דערציילן, אַז רייזעלע דעם שנײַדערס האָט געקראָגן אַ שווערן פלעק־טיפוס און זי שווימט צווישן לעבן און טויט.

אין אַ וואָך אַרום איז זי געשטאָרבן.

איך בין אַוועק אין איינעם אַ פאַרנאַכט צו איר קבר, זיך אַראָפּגע־בויגן צו דער באַגראָזטער ערד און שטיל געזאָגט:

— רייזעלע, איך שווער דיר, איך וועל קיין מאָל אין מײַן לעבן נישט חתונה האָבן... קיין מאָל נישט...

הײַנט זענען אַוועק שוין זיבן און דרײַסיק יאָר זינט דעמאָלט און... איך האָב געהאַלטן מײַן צוזאָג: איך האָב קיין מאָל נישט חתונה געהאַט... און דאָס איז דער גאַנצער ראָמאַן... דער ראָמאַן פון טרויעריק־פאַרשעמטן גאָלד...

# וואָס איז שיינקייט?

— איז וואָס הייסט ביי דיר שיינקייט? האָט מיט אַ שטיל קול גע־פרעגט דער סרן* גדעון.

דער פּאָעט האָט זיך פאַרטראַכט און נאָך אַ ווײַלע געענטפערט:

— שיינקייט איז קלוגע, אין־זיך־פאַרטראַכטע שטילקייט, די אייביק־פאַרגאַפטע מענטשלעכע אויגן אַנטקעגן אויסגעשטערנטע הימלען... שיינ־קייט איז די וואַכקייט פון מענטשלעכן האַרץ, וואָס האָרכט זיך איין אין בלוט־רוישן דורך די אָדערן פון אין־סוף...

— אַזוי טראַכטסטו אויך אַצינד? האָט שטיל געשמייכלט דער סרן גדעון צום פּאָעט, וואָס איז געזעסן נעבן אים אויפן נאַכטיקן זאַמד פון מידבר.

— צי קען מען דען אַנדערש טראַכטן?

דער סרן האָט זיך אַ ווײַלע פאַרקלערט און דערנאָך אַ פרעג געטאָן:

— און וואָס איז כוח און פראַכט פון נצחון? איז עס נישט קיין שיינקייט?

— אַוודאי איז עס שיינקייט, האָט דער פּאָעט געענטפערט, אָבער עס איז, איך וואָלט זאָגן — באַגרענעצטע שיינקייט, שיינקייט וואָס האַלט נישט אויס דעם אָטעם פון דער אייביקייט... אָט מאָל דיר אויס, איך שטעל אַנט־קעגן איין שיינקייט אַנטקעגן דער אַנדערער. איך וועל פּרווון די שיינ־קייטן פערזאָניפיצירן אין מענטשלעכע געשטאַלטן. די ערשטע — אַ העלד אין בעסטן און ריינסטן זין פון וואָרט, אַ מאַן וואָס האָט זײַן שווערד געצויגן כּדי צו פאַרטיידיקן זײַן פאָלק, זײַן היים, זײַן משפּחה. ער יאָגט אין זײַן פאַנצער־וואָגן און די שווערד זײַנע איז רויט און קלעפּיק פון

---

* קאַפּיטאַן.

בלוט. ער האָט דאָס בלוט נישט געוואָלט, נאָר געמוזט עס פאַרגיסן. ער איז מאָראַליש ריין. אָבער שיין? צי קען זײַן שיין מיט אייביקער שיינקייט דער וואָס יאָגט איבער בערג מיט צעפּיצלטע אברים?

דער פּאָעט האָט אַ ווײַלע געשוויגן און דערנאָך ממשיך געווען:

— און אַנטקעגן דעם העלד — אַ צווייטע געשטאַלט, דער היילי־קער. דער הייליקער וואָס האָט פאַרלאָזט זײַן היים, זײַן משפּחה, און אוועק אין מידבר צו זוכן גאָט... דער דאָזיקער הייליקער איז אפשר מאָראַליש נישט אַזוי הויך ווי דער העלד (כאָטש עס קלינגט ווי אַ פּאַראַדאָקס), ער האָט דאָך פאַרלאָזט זײַן היים, זײַן משפּחה... איצט זיצט ער, דער הייליקער, אין נאַכטיקן מידבר אונטער די אויסגעשטערנטע הימלען. ער איז נישט אַלט קיין טאָג און נישט קיין יאָר, נישט קיין הונדערט און נישט קיין צען טויזנט... אַלט איז ער ווי די וועלט, ווי די מחשבה פון דער וועלט... ער איז נישט־איך, נישט־דו, נישט־ער. ער איז נישט־דאָ, נישט־דאָרט, ער וויל נישט־דאָס, נישט־יענץ... ער איז נישט־גוט און נישט־שלעכט. ער איז — אין־סוף, וואָס איז מיט עפּעס אַנדערש ווי „אין־סוף"...

— עס איז פילאָסאָפיע! האָט דער סרן געענטפערט מיט פאַרדראָס.

דער פּאָעט האָט געשמייכלט:

— וואָס איז דען פילאָסאָפיע? דער אייביקער שפּיגל וואָס שפּיגלט אייביק די קלוגע שיינקייט פון אין־סוף.

דער סרן האָט בייז אַ ברום געטאָן:

— צי זעט דיר אַליין נישט אויס לעכערלעך צו רעדן וועגן אייביקער שיינקייט? און וווּ? דאָ אויפן שלאַכטפעלד?

— איך האָב רעכט דערצו, האָט דער פּאָעט געענטפערט, ווײַל איך בין נישט קיין זײַטיקער, נאָר פּונקט ווי דו איינער אויפן שלאַכטפעלד...

דער סרן האָט אַ ווײַלע געשוויגן, דערנאָך שטיל געזאָגט:

— אמת... אין קאַפע־הויז, אין תּל־אָביב, בעת דו פלעגסט אַזוי רעדן, האָב איך געטראַכט: אפשר זענען עס פראַזעס, שיינע קלוגע פראַזעס פון אַ פּאָעט... אָבער דאָ, דאָ אויפן שלאַכטפעלד, אין מידבר, צווישן האָגל פון שראַפּנעלן, איז שווער דיך חושד זײַן אין פראַזעס... נאָר זאָגן מוז איך דיר: ביסט פאַר מיר אין גאַנצן אַן אומפאַרשטענדלעך באַשעפעניש... איך באַ־נעם נישט דעם איין־מאָל־איינס פון דײַן נשמה...

דער פּאָעט האָט זיך צעשמייכלט:

— צי איז דען די נשמה אַ בילאַנץ־בוך, און אונדזער חכמה אַ בוכ־האַלטער?

פון וויַיטנס האָט ווידער געגומען דונערן די קאַנאָנאַדע פון שונא.

די צוויי פריַינד האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט איז די אַקאָפּעס.

נאָך אַ וויַילע האָט דער סרן אַ פרעג געטאָן דעם פּאָעט:

— און אַצינד, אין מיטן דער קאַנאָנאַדע, וועגן וואָס טראַכטסטו?

דער פּאָעט האָט מיט אַ פרומער שטים געענטפערט:

— וועגן דער שטערן־קאַרעטע, האָט ער אַ טיַיטל געטאָן צו די הימלען, וועגן דער שטערן־קאַרעטע וואָס האָט געשטראַלט אַזוי ווי איצט אין מידבר, בעת משה־רבנו האָט אַרויסגעפירט די יידן פון מצרים, און אַזוי האָט די שטערן־קאַרעטע געשטראַלט מיט הונדערט טויזנט יאָר צוריק, בעת די אור־אורזיידעס אונדזערע האָבן נאָך נישט געוווּסט דעם סוד פון פיַיער... און אַזוי וועט זי שטראַלן, די שטערן־קאַרעטע, מיט הונדערט טויזנט יאָר שפּע־טער, בעת אונדזערע אור־אור־אוראייניקלעך וועלן שפּאַצירן פון פּלאַנעט צו פּלאַנעט... צי פילסטו נישט, גדעון, ווי אַרום אונדז אָטעמט דאָס אייביקע האַרץ פון אין־סוף?

— משוגענער דו, האָט דער סרן גוטמוטיק אַ ברום געטאָן, אויסטער־ליש וועגן וואָס אַ דולער פּאָעט קען טראַכטן אונטערן האָגל פון שראַפּנעלן...

דער פּאָעט האָט, אַ געבויגענער אין דער אַקאָפּע, אַרויסגעצויגן אַ פּלעשעלע קאָניאַק פון רוקזאַק, עס אַ הייב געטאָן און געזאָגט:

— אָט, ברודערל, לאָמיר אַ טרונק טאָן לחיים! לחיים פאַרן נצחון פון ישראל! לחיים פאַר דער אייביקער שיינקייט, וואָס וועט קיניגן פון אייביק ביז אייביק!

# די אַלטע רביצין שבעלע

זאַנוועלע באַרשעווער, אַ פּיצל זשוואַווע זקנדל, אײַנגעוויקלט אין מיטן זומער אין כּל־המינים שאַלכלעך און טיכער, לויפט אַרום אין שילכל צווישן די יושבים, וואָס שטייען אײַנגעבויגן איבער פאַרמאַכעט ספרים, און טרעסעט מיטן טאַביק־פּושקעלע וואָס ציטערט צווישן זײַנע ביינערדיקע פינגער. יעדעס מאָל בלײַבט ער שטיין אַנטקעגן אַן אַנדער זקן, טוט אַ שמעק טאַביקע, פאַרציט חקרנדיק די ברענענדיקע אייגעלעך: אײַ, אהרן־ברוכל, בחירה זאָגסטו?... אַוודאי... וואָרעם אָן בחירה, וואָס איז ער דער בן־אָדם, מישטיינס געזאָגט?

ער בלײַבט פּלוצעם שטיין אַ דערשראָקענער נעבן פענצטער: אַנט־קעגן איבער אין דער אַלטער רביצין שבעלעס סאַליע, זעט ער, האָט מען מיט אַ מאָל אַראָפּגעלאָזט די טײַערע סאַמעטענע פאָרהאַנגען. פאַר אַ האַלבער שעה האָט ער געזען, זאַנוועלע, אים אַליין, דעם רבין זאָל לעבן, מיט פיר לײַב־מענטשן, אַרויפגיין די געשלענגלטע טרעפּ וואָס פירן צו דער אַלטער רביצינס שטובן.

דער רבי איז געווען פאַרזונקען אין מחשבות און געשוויגן. געשוויגן מיט יענעם שווײַגעניש וואָס נאָר ער, זאָל לעבן, קען זיך פאַרגינען.

— אוי־וואַ, מוז זײַן אַ וואַזשנער עסק, קלאַפּט זאַנוועלע מיטן טאַביק־פּושקעלע אין דעמבענעם שטענדער, אײַ, אײַ, פחדימדיקע צײַטן, אײַ געוואַלד, רבונו־של־עולם!

ערשט צוועלף טעג זינט די גרויסע מלכים זענען אַרויס אין מלחמה, און שוין זענען דעם צאַר ניקאָלאַיס חיילות אַריבער די גרענעץ קיין עסט־רײַך און פאַרכאַפּט אַ שטיק גאַליציע.

אין רבינס גרויסער קלויז האָבן די פּאַניעס אויפגעשטעלט זייער שטאַב און ער אַליין, דער ימח־שמוניק, דער פּאָלקאָווניק איוואַן פּאַפּאָוו, דער קאָזאַק מיט דער בערענער פּאַפּאַכע און ווילדע מעשענע וואַנצעס, האָט זיך באַזעצט אין רבינס דאַוון־שטובן...

— אוי, דערבאַרעם זיך, בורא־עולם!

די שטילעניש, וואָס האָט אַ פינצטערע געהויערט אין אויפס־גאָרטן וואָס הינטער די פענצטער, האָט מיט אַ מאָל אויפגעציטערט: אַ שיסערײַ פון ביקסן האָט גענומען לעכערן דעם נאַכטישן גליוּוער.

די יושבים האָבן זיך אײַנגעבויגן, באַהאַלטן די בערדיקע קעפּ אונטער די שטענדערס, אײַנגעשרומפּענע ווי קינדער זיך געטוליעט צו די אייגענע שאָטנס.

די טיר צום בית־מדרשל האָט זיך פּלוצעם האַסטיק אַ צעפּראַל געטאָן. צום ערשטן האָט זיך באַוויזן דער לאַנגער אײַנגעבויגענער גוף פון ר׳ יהושועלע גבאי. ער האָט געטראָגן אַ לאַמטערן אין דער ציטערדיקער האַנט, און די אייגעלעך אונטער די שווערע ברעמען זײַנע האָבן דער־שראָקענע אַרומגעהאָפּסלט איבערן שילכל, געזוכט עפּעס, געני'שטערט און פּלוצעם זיך אָפּגעשטעלט בײַם אָרון־קודש.

— רביצין, האָט ער אַ דריי אויס געטאָן דעם קאָפּ צו דער טיר, רביצין שבעלע, זײַט מוחל!

די אַלטע רביצין, די גרייס פון אַ צען־יאָריק מיידעלע, אײַנגעוויקלט אין אַן אַטלאַסענער פּעלערינע, האָט זיך אַן אויסגעגלײַכטע ווי אַ מירמל־זײַלכל אַרײַנגעשטעלט אין האַלב־טונקעלן חלל.

די זקנים האָבן זיך ראַפּטעם אַ שטעל אויף געטאָן און מיט יִראת־הכּבוד געמאַכט אַ וואָרע: די רביצין! די רביצין שבעלע!

— שאַט! האָט יהושוע צוגעפּירט אַ פינגער צו די וואָנצעס, און מעשׂה־סוד זיך אַ בייג געטאָן צו די יושבים: דער ימח־שמוניק, דער פּאָלקאָווניק פּאָפּאָוו האָט אויסגעפּונען דאָס באַהעלטעניש, אַרויסגעשלעפּט דאָס גאַנצע גאָלד און צירונג, דעם הייליקן ריזשינערס ירושה... אַ מסירהלע, מסתּמא...

זאַנוועלע באָרשעווער האָט אַ שפּרייט אויס געטאָן די הענט ווי אַ טרינקענדיקער:

— געוואַלד, האָט ער אַ געשריי געטאָן, געוואַלד ייִדן, מען קען טאַקע גאָרנישט טאָן, הפקר?

הייליקע צדקת, האָט ער אַ צי געטאָן די אָרעמס צו דער רביצין, הייליקע צדקת, וואָס שווײַגט מען, וואָס?

די רביצין שבעלע איז שטיין געבליבן בײַם אָרון־קודש, און אין דער קאַרגער שײַן פון נר־תּמיד האָט איר קליין קינדיש פּנימל, ווי אויסגעשניצט פון העלפאַנדביין, אויפגעלויכטן מיט מענערשער האַרטקייט און עקשנות. איר גרויסער געקנייטשטער שטערן פון אַ תּלמיד־חכם, וואָס האָט פאַר־גומען מער ווי אַ האַלב פּנים, האָט געבלויט זיך אונטערן שטערן־טיכל און די גרינע שאַרפע אויגן האָבן זיך געוויגט הין און קריק ווי זיי וואָלטן אָפּוועגן אַ וואָזשנעם פּסק־דין.

די קנייטשן בײַם מויל־ווינקל האָבן זיך פּלוצעם פאַרהאַרטעוועט ווי שטיין, זי האָט מיט אַ פלינקער באַוועגונג אַ צי געטאָן פון אונטער דער שוואַרצער אַטלאַסענער פּעלערינע עפּעס אַ חפץ. אַ רגע, און עס האָט אויפגעבליצט אין טונקעלן חלל, צענדליקער שטערן האָבן זיך דימענטיק צעפינקלט.

— דעם הייליקן ריזשינערס בשׂמים־פּושקעלע! האָט זאַנוועלע באַר־שעוועט אַ צי געטאָן דעם אָטעם, זײַן זכות זאָל בײַשטיין!

די רביצין שבעלע האָט אויפגעמאַכט די טירן פון אָרון־קודש און מיט פאַרכטיקייט, ווי בײַם אויפהייבן אַ ספר־תּורה, האָט זי מיט ציטערדיקע הענט אַרײַנגעלייגט דאָס בשׂמים־פּושקעלע אין אָרון צווישן די ספרים.

זי האָט צוריק פאַרמאַכט די טירן און אַ זאָג געטאָן:

— ניין, הייליקער ריזשינער זיידע, דײַן בשׂמים־פּושקעלע וועט דער ימח־שמוניק פאָפּאָוו נישט קריגן! ניין, זאָג איך דיר, הערסטו, ניין!

זי האָט פאַרוואָרפן מלכותדיק דעם קאָפּ און מיט פלינקע טריט, אַן אויסגעגלײַכטע ווי אַ מירמל־זײַלכל, זיך געלאָזט צום געשניצטן טויערל פון בית־מדרשל.

ר׳ יהושועלע גבאי האָט אַ געבויגענער זיך נאָכגעשלעפּט נאָך איר אין זײַן לאַנגער ביינערדיקער האַנט האָט געציטערט דער שוואַרצער לאַמטערן.

די גרויסע פענצטער מיט אַלערלייִק־קאָלירטע געשליפענע גלאָזן פון דער רביצין שבעלעס „זילבער־סאַליע״ שלינגען אײַן דעם זונפאַרגאַנג און צעשפּילן אים ווי אַ רעגן־בויגן. די זיבן קאָלירן קוועלן אַראָפּ פון די שויבן און צעקוועלן זיך איבער די שאַפעס אָנגעפולטע מיט קרישטאָלענע וואַזעס

און גראַפּינעו, טאַנצן אַריבער די זילבערנע הדסלעך, בעכערלעך, טאַביק־פּושקעלעך, שבת־לײַכטער, חנוכּה־לעמפּלעך, פּסח־קערות, און בלײַבן הענ־גען ווי אַ פֿײַער־זײַל איבער דער רויטער סאַמעטענער פּאַטערשטול, וואָס איז אײַנגעפּאַסט אין בראָנדזענע צווײַגן און בלעטער.

מיט פֿאַרמאַכטע אויגן זיצט די אַלטע רביצין שבֿעלע אין דער ווייכער פּליושענער ליכטיקייט, איר קאָפּ איז אָנגעלענט אין ביידע הענט, וועלכע זי האַלט אָנגעשפּאַרט אין ריזשינער זײַדנס העלפֿאַנדביינערנעם שטעקן מיטן גילדענעם קאָפּ פֿון אַ לייב.

דער רבי, אַ יונגער־מאַן מיט אַ בלאָנדער געקרײַזלטער באָרד, וואָס הענגט אַראָפּ איבערן גרינעם טערקישן כאַלאַט, אַן אויסגעשטיקטן מיט פֿינקלדיקע שטערנדלעך, לויפֿט אַרום אַ פֿאַרטראַכטער איבער דער סאַליע, זײַנע לאַנגע אײדעלע פֿינגער שטעקן אין גאַרטל, אַן אויסגעוועבטן פֿון שווערע גילדענע פֿעדעם.

אין ווינקל זיצט די יונגע רביצין דבורטשע. איבערן בלויען זײַדענעם שלאָפֿראָק, וואָס איז אויסגעשטיקט מיט ראָזע סאַמעטענע רויזן, הענגען אַראָפּ די בלאָנדע צעפּ פֿון איר שייטל. אירע בלויע אויגן און דאָס קליינע פֿאַרריסענע נעזל דערמאָנען גיכער אין אַ רוסיש שיקסל ווי אין די דורות גוטע־יידן, אַזש ביזקל ר׳ נחום טשערנאָבילער פֿון וועלכן זי ציט איר יחוס.

זי איז געווען די ערשטע וואָס האָט איבערגעריסן די שטילעניש. זי האָט זיך פּלוצעם אַ שטעל אויף געטאָן און צוגעלאָפֿן צום רבין.

— הער נאָר, האָט זי אַ זאָג געטאָן, ווי לאַנג איז דער שיעור צו דינען צו גאָלד און דימענטן?

דער רבי האָט זיך אַ דערשראָקענער אָפּגעשטעלט אין מיטן שפּרײַזן, און די אַלטע רביצין שבֿעלע האָט אַ הייב געטאָן דעם קאָפּ פֿון פּאַטערשטול.

— שוויגער, האָט די יונגע רביצין זיך געשטאַרקט, שוויגער, צי ווייסט די שוויגער, אַז מען שפּילט זיך מיט פֿײַער?

— איך ווייס, האָט די אַלטע רביצין אַ ברום געטאָן צווישן די פֿאַר־האַקטע ליפּן... איך ווייס, און נאָך עפּעס ווייס איך: דו, דו דבורטשע דאַרפֿסט דיך בישט מישן... הערסט, דבורטשע, דו, דו דאַרפֿסט דיך בישט מישן.

— צי מעג טאַקע די שוויגער נעמען אַלצדינג אויף זיך ? איין מענטש אַלצדינג אויף זיך ?

זי איז שטיין געבליבן אַ ווידערשפּעניקע אַנטקעגן דער אַלטער רביצין :

— שוויגער, האָט זי געזאָגט, צי מעג די שוויגער אײַנשטעלן דאָס לעבן פון איר איינציקן זון צוליב עפּעס אַ ברילױאַנטן בשמים־פּושקעלע ?... צי מעג ? !...

פון אירע ליפּן האָבן אַ פליץ געטאָן רייד און געדאַכט האָט איר, אַז דאָס רעדן אַרויס פון איר די ביכער, טאָלסטאָי און גאָרקי שרײַען פון איר, גיבן איר לשון... זי האָט דערפילט נײַע כּוחות :

— שוויגער, האָט זי ווי אויסדעקלאַמירט, שוויגער, איז דען פאַראַן עפּעס הייליקערס פון מענטשלעכן לעבן ?...

— און דו ווילסט מיך לערנען, טאָכטער ?... האָט די אַלטע זיך אַ הייב געטאָן פון פאָטערשטול, געבליבן שטיין אָנגעלענט אין העלפאַנדבייַנערנעם שטעקן.

— טאָכטער, האָט זי געזאָגט, צו ווייסטו, טאָכטער, אַז דער ריזשינער זיידע ז״ל האָט צוגעזאָגט — מיטן דאָזיקן בשמים־פּושקעלע וועלן די אייניקלעך זײַנע אַנטקעגן גיין משיחן ?

דער יונגער רבי איז שטיין געבליבן פאַר דער שטול.

— מאַמע, האָט ער געזאָגט, כּיבוד־אם איז מיר הייליק און איך בין גרייט זיך איבערצוגעבן אין רשעס הענט.

די אַלטע האָט אַ ווײַלע געשוויגן, דערנאָך אַרויפגעלייגט די פינגער אויפן זון און אַ זאָג געטאָן מיט תּקיפות :

— פאָרכט דיך נישט, מײַן זון, דער רשע וועט אויף דיר קיין שליטה נישט האָבן ! איך זאָג דיר צו, ער וועט אויף דיר קיין שליטה נישט האָבן, הערסט, מײַן זון ? !...

די שטילקייט האָט ווידער ווי מיט מעשענע טויערן פאַרשלאָסן דעם חלל.

מיט אַ מאָל האָט זיך אָן עפן געטאָן די מיט בראָנדזענע ביימער באַשלאָגענע טיר, און דער פאָלקאָווניק פּאָפּאָוו איז שטיין געבליבן אין זײַן גאַנצער אומהיימלעכער גרייס, זײַן בערענע פּאַפּאַכע האָט געגרייכט כּמעט

צום הענגליייכטער און זיינע האַריקע הענט האָבן זיך געשפּילט מיטן קרומען שווערדל וואָס ביי זיין דיך.

ער האָט כיטרע געשמייכלט. — זדראַסטוויטע, האָט ער אַ ברום געטאָן און אַרויסגעצויגן אַ בויגן פּאַפּיר פון לעדערנעם טאַש, וואָס איז געהאָנגען נעבן דער שווערד.

ער האָט אַ פּאָך געטאָן מיטן בויגן פאַרן רבינס אויגן און זיין באַרינגל־טער פינגער האָט גענומען טיייטלען:

— וואָס, איטלעכע זאַך אויסגערעכנט... וואָט, גאָספּאָדין ראַבין!

זיין האַריקע האַנט איז מיט אַ מאָל שטיין געבליבן אויפן פּאַפּיר.

— וואָט, האָט ער אַ דונער געטאָן, וואָט, דער דאָזיקער אַנטיק פּעלט... צי מיינט איר, אַז פּאָלקאָווניק פּאָפּאָוו וועט דערלויבן אָפּצונאַרן אַ צאַרסקי אָפיציר?

— הער, אַלטיטשקע, האָט ער זיך אַ בייג געטאָן צו דער רביצין, הערסט, אַלטיטשקע, צום לעצטן מאָל אַז איך וואָרן דיך: אָדער דו ברענגסט מיר דעם אַנטיק ביז מאָרגן אָוונט אָדער דיין זון, דער ראַבין, ווערט געהאָנגען פאַר שפּיאָנאַזש.

און ער האָט אַ טראָט געטאָן צו דער יונגער רביצין, וועלכע איז אויפגעשפּרונגען פון שטול.

— זאָל די הויכגעשעצטע דאַמע פאַרשטיין, האָט ער זיך פאַרבייגט, דער ראַבין ווערט באַשולדיקט אין שפּיאָנאַזש פאַר די אויסטריאַקעס, וועלכע האָבן פאַרן דאָזיקן דינסט באַצאָלט מיטן גאָלד און צירונג, וואָס איר האָט אויסבאַהאַלטן פאַר אונדז אין באַזונדערס צוגעגרייטע סעקרעטן. פּאָ־ניאַטנאָ?!

— גאָספּאָדין פּאָלקאָווניק, האָט די יונגע רביצין זיך איינגעוויקלט אין שאַל, גאָספּאָדין פּאָלקאָווניק, דאָס גאָלד און צירונג, וואָס איר האָט געפונען, האָבן מיר נישט באַקומען פון די אויסטריאַקעס, נאָר עס איז פאַר אַלעמען באַוווּסט, אַז עס איז אַ ירושה, לעגאַל געירשנט פון צדיק פון ריזשין.

— אַהאַ, מאַדאַם, האָט פּאָפּאָוו אַ שמייכל געטאָן אין די וואָנצעס, צי מיינט די ווילגעבוירענע, אַז דאָס קריגסגעריכט וועט זיך לאַנג פּאָרען מיט ד ע ר אָ ז אַ ך? כי, כי, עס איז קריג, מיין דאַמע, נישט פאַראַן קיין צייט פאַר גרינדלעכע אויספאָרשונגען...

ער האָט גענומען גלעטן דאָס שווערדל בײַ זײַן זײַט.

— אהאַ, מײַן דאַמע, דער גורל פון ראַבין געפינט זיך אין פּאַלקאָוו־ניק פּאַפּאָווס הענט... און ער האָט זיך געשווינד אַ דריי אויס געטאָן צו דער אַלטער רביצין, וואָס איז געשטאַנען ווי פּאַרגליווערט אָנגעלענט אויפֿן העלפֿאַנדבײנערנעם שטעקן.

— אַלטיטשקע, האָט ער אַ דונער געטאָן, געדענק, עס איז אָפּגעמאַכט: אָדער ברענגסט מיר ביז מאָרגן דעם אַנטיק, אָדער מיר וועלן פּרוּוון אַ הענג טאָן דײַן געשעצטן זון...

ער האָט מיטן באַשטיוולטן פוס אַ פּראַל אויף געטאָן די טיר און איז אַרויס.

אַ גאַנצן טאָג האָט נישט אויפגעהערט דער רעגן־געפּלייץ. די הימלען שוואַרצע באַפּאַנצערטע האָבן זיך געבויגן שווערע צו דער ערד און איבער זיי האָט זיך געקײַקלט געדונער, ווי אײַזערנע רײַטוועגן וואָלטן זיך געטראָגן צו אַ מוראדיקער שלאַכט.

אין אַלע שילכלעך פון שטעטל זענען געזעסן ייִדן און געזאָגט תהילים. מ׳ען האָט שוין געוווּסט: דער ימח־שמוניק, דער פּאַלקאָווניק פּאַפּאָוו איז אויפגעשטאַנען קעגן הייליקן רבין, עמלק גייט אַנטקעגן דעם הייליקן הויז פון ריזשין.

זקנים מיט צעפּאַטלטע בערד זענען איטלעכס מאָל צוגעלאָפן צו די טריפנדיקע פענצטער:

— השם ירחם! האָבן זיי פאַרריסן די אויגן צו די פינצטערנישן, השם ירחם!

און געדאַכט האָט זיי: אין די הייכן אויף די דונערדיקע רײַטוועגן זעט מען שטיין די שׂררים פון ריזשין און פּאַניען, איינער קעגן אַנדערן, אין פײַערדיקע מאַנטלען שטייען זיי, שׂר קעגן שׂר, אין אַ מוראדיקן געפעכט...

— דערבאַרעם דיך, טאַטע!

אַז די רביצין שבעלע, אַ פאַרהילטע אין שוואַרצן סאַמעטענעם מאַנטל, איז אַרײַן אין שילכל, האָבן די יושבים זיך אַ ריס געטאָן צו איר מיט אויסגעשטרעקטע הענט:

— הייליקע רביצין, געוואַלד געשריגן, הייליקע רביצין!

— בטחון, ייִדן, האָט זי אַ זאָג געטאָן, בטחון! נישקשה, מיר האָבן ב״ה ברייטע פּלייצעס, דורות זיידעס צדיקים שטייען הינטער אונדז, העט, העט ביזן גרויסן מגיד פון מעזריטש ז״ל... פאַרכט אײַך נישט, ייִדן!

די יושבים זענען געשטאַנען, געשלונגען אירע רייד, זיך נאָך אַ מאָל דערמאָנט, אַז דאָס שטייט פאַר זיי זי אַליין, די הייליקע רביצין שבעלע. דער הייליקער ריזשינער זיידע האָט זי געטראָגן אַ מאָל אויף זײַנע הענט, זי געקושט אין די קינדישע בעקלעך...

די זעלביקע רביצין שבעלע פאַר וועמען גרויסע רבנים שטעלן זיך אויף מיט יִראת־הכבוד, און זי שטייט און שפּאַרט זיך מיט די גדולים אין לערנען, מישט אויסנווייניק אויף גאַנצע מסכתות, געדענקט דעם דף, די שורה...

די זעלביקע שבעלע וואָס רעדט דײַטש און פראַנצייזיש און פאַרשטייט זיך אין חכמת־הרפואה און אין שטערן־זעערײַ...

— אוי, הייליקע צדקת!

זי האָט ראַפּטעם אָן עפן געטאָן דעם אָרון־קודש און אַרויסגעצויגן דאָס בשמים־פּושקעלע, עס פאַרוויקלט אונטערן מאַנטל און אַ זאָג געטאָן:

— איך גיי צום רשע.

זי האָט אַ קוש געטאָן די מזוזה און אַרויס פון שילכל.

די יושבים זענען געשטאַנען בײַ די פענצטער און געזען:

צווישן די פּאַנישע וואָכן, וואָס שטייען פאַרהילט אין האַריקע מאַנטלען, טראָגט זי זיך, די אַלטע רביצין.

דער רעגן פּלייצט אויף איר און בליצן שפּרינגען פאַר די טריט אירע, און איבער איר קײַקלט זיך געדונער. אין אויפס־גאָרטן וואָס פירט צו דער גרויסער קלויז האָט זי זיך פאַרקערעוועט און נעלם געוואָרן.

דער שטורעם האָט זיך מיט יעדער רגע געשטאַרקט, אויפגעהויבן און געשלײַדערט דעם רעגן־געפּלייץ ווי אַ מוראדיקע וואַנט פון צעבראָכענעם גלאָזוואַרג. אויפגעהויבן דער אַלטער רביצינס מאַנטל, אים אויסגעשפּרייט ווי פליגל, און זי אַליין, ווי אַ קליינער שוואַרצער פויגל, האָט זיך געצאַפּלט אין זײַנע פלאַטערדיקע אָרעמס. נאָר אין איר טיף, אין אירע אינגעווייידן האָט זיך געשפּרייט אַ רויִקע ליכטיקייט און געדאַכט האָט איר: בײַ ביידע

זײַטן שפּרײַזן נעבן איר דורות זיידעס און באָבעס, גאַנצע מחנות צדיקים און צדקתן.

— שבעלע, שעפּטשען זיי, פאַרכט דיך נישט שבעלע, דו גייסט אין אַ וואַזשנע שליחות!

זי האָט זיך געטראָגן צווישן ביימער וואָס האָבן זיך געריסן מיט צעשויבערטע קעפּ, זיך געפּרוווט אַרויסרײַסן פון די קאָרעניעס.

די נאַכט האָט גענומען צופאַלן, און פּלוצעם האָט זי דערזען צווישן אַלטן נוסנבוים, אונטערן ווילדן געצוויַג, אַ קאָפּ, אַ רויטבאָרדיקן קאָפּ מיט גלאַנציקע אויגן.

— בינעמל מסור! האָט זי אויסגעשריגן, בינעמל מסור!

דער קאָפּ איז פאַרשוווּנדן צווישן ווילדן געצוויַג.

בינעמל האָט געמסרט, האָט זי פּלוצעם אַ זאָג געטאָן, אַוודאי בינעמל, ווער דען?

— בינעמל, האָט זי גענומען רופן צום צוויַג־געדיכטעניש, בינעמל, אַ שטיין זאָל פון דיר ווערן! הערסט, בינעמל, זאָלסט מגולגל ווערן אין אַ שטיין! הערסט, אַזוי בין איך אויף דיר גוזר!

זי האָט גענומען ווײַטער שפּרײַזן און געדאַכט האָט איר: אַזוי ווי זי וועט נאָר אַ דריי טאָן דעם קאָפּ צום נוסנבוים, וועט זי דערזען אַ באַרג שטיינער אין דער פינצטערניש, איר קללה איז שוין מקוים געוואָרן, בינעמל איז מגולגל געוואָרן אין אַ בערגל שטיינער. זי האָט דערפילט: וואָס אירע לעפצן זאָלן נישט אַרויסזאָגן, וועט תיכף מקוים ווערן, וואָס זי וועט גוזר זײַן, וועט תיכף געשען...

מיט אַ מלכותדיקער זיכערקייט איז זי אַרויף די טרעפּ צום דאַוון־שטיבל.

די וואַך האָט זי אָפּגעשטעלט:

— קודאַ?

— צום פּאָלקאָווניק פּאַפּאָוו.

די זעלנער האָבן זיך אַ סודע געטאָן און זי דורכגעלאָזט.

דאָס דאַוון־שטיבל, געשניצט פון מאַהאַגאָני־האָלץ, האָט זיך געטראָנקען אין רויך פון גרויסע וואַקסענע ליכט, זיך אויסגעמישט מיטן געדיכטן נעפּל פון שווערע פּאַרשיכּורנדיקע ציגאַרן.

אויפן ריזשינערס שטול, אָנגעלענט אין טיש וואָס איז פול געווען מיט ליידיקע פלעשער, איז האַלב־דרימלענדיק מיט שיכּור־פאַרנעפּלטע אויגן געזעסן דער פּאָלקאָווניק איוואַן פּאָפּאָוו, די בערענע פּאַפּאַכע פאַררוקט אין א זײַט קאָפּ און די ווילדע טשופּרינע שאָטנט זיך אויף זײַן שמאָלן פאַר־שוויצטן שטערן. ער האָט אַ הייב געטאָן אַ פּאָר פאַרנעפּלטע אויגן ווי פון האַלב־שלאָף און זיי אַראָפּגעלאָזט אויף דער רביצין.

— אַלטיטשקע, האָט ער געכיכעט, זיך געפּרוווט אַ הייב טאָן פון שטול און צוריק געפאַלן.

— טשאָרט וואָזמי! האָט ער מיט ציטערדיקע הענט אָנגעגאָסן אַ גלאָז מיט וואָדקאַ, פאַרבויגן דעם קאָפּ אויף הינטערווײַלעכטס און עס מיט איין שלונג אַראָפּגעזשליאָקעט.

— ווילסט אויך, אַלטיטשקע?

— מערסי באָקו, פּאָלקאָווניק!

ער האָט אַ פיר געטאָן די אויגן איבער איר, זיי צוריק פאַרזשמורעט ווי ער וואָלט זיך וועלן אין עפּעס דערמאָנען.

— וואָט, וואָט, האָט ער געגומען שטאַמלען... וואָט, וואָט... ווי רופט מען דאָס?... טשאָרט וואָזמי... וואָט, דאָס אַנטיקל... געבראַכט, אַלטיטשקע, דאָס בריליאַנטענע?...

— אוי, מעסיע, האָט זי אַ צי געטאָן דאָס בשמים־פּושקעלע פון אונ־טערן שוואַרצן סאַמעטענעם מאַנטל.

זי האָט פאַמעלעך אַ טראָט געטאָן נענטער צו דער שטול און אין איר האַנט האָט געפינקלט, געבליאַסקעט, זיך געמיניעט מיט צענדליקער לײַכטנ־דיקע שטערן... ער האָט אַ וואָרף געטאָן דעם קאָפּ אויף צוריק ווי אַ פאַר־בלענדטער.

זי האָט געשפּרײַזט זיך אײַנגראָבנדיק מיט די גרינע ברענענדיקע אויגן אין קאָזאַק, און איר האַנט האָט, ווי אַ כּישוף־לאָמפּ, געשאָקלט הין און קריק דעם לײַכטנדיקן חפץ.

— פּאַלקאָווניק פּאָפּאָוו, האָט זי געשעפּטשעט ווי אַ שפּראַך, פּאָפּאָוו היט דיך, הערסט, איך וואָרן דיך: היט דיך, פּאָפּאָוו!

אין די פענצטער האָבן בליצן געגומען טאַנצן אויף פּײַערדיקע פּיס.

אַ מוראדיקער גערדונער האָט געגומען טרעסען דעם געשניצטן סופיט, די הילצערנע ווענט.

פּאָפּאָוו האָט זיך אַ ריס געטאָן פון שטול און אַ וואַקלענדיקער זיך אַ שטעל געטאָן קעגן דער אַלטיטשקער, וועלכע האָט געגרייכט ביזן קרומען שווערדל וואָס ביי זיין זייט.

דאָס דונערן און בליצן האָבן נישט אויפגעהערט.

— פּאָפּאָוו, האָט זי אַ זאָג געטאָן, צי ווייסטו, איוואַן, אַז אין די הימלען איבער אונדז איז פאַראַנען אַ גאָט?... זי האָט אַ הייב געטאָן אַ פינגער צו דער הייך: זע, האָט זי געטייַטלט, זע, דער אַלמעכטיקער קוקט אַראָפּ אויף אונדז, זע, איוואַן!

ער האָט דערשראָקן אַ פאַרריס געטאָן דעם קאָפּ צו דער הייך, און די בערענע פּאַפּאַכע איז אַראָפּגעפאַלן דער רביצין צו די פּיס.

זי האָט אַרויפגעשטעלט איר קינדיש פּאַנטאָפעלע אויפן בערענעם היטל און אַ זאָג געטאָן:

— איוואַן, עס איז מיר אַ שאָד דיין קאָפּ... הערסט, איוואַן, האָסט דאָך אַ ווייב און קינדער אין ווייַטן סיביר, עס איז מיר אַ רחמנות אויף זיי...

ער האָט אַן עפן געטאָן אַ פּאָר פאַרגלאָצטע אויגן.

— אַלטיטשקע, האָט ער זיך אַ וואַקל געטאָן, אַלטיטשקע, ווער ביסטו, ווער?

— גאָטס שליח, איוואַן, גאָטס שליח וואָס קומט דיך וואָרענען... הערסט, איוואַן, איך קום דיך וואָרענען, הייב נישט אָן מיטן גרויסן צדיק פון ריזשין!

הערסט, איוואַן ??!...

ער האָט זיך אָנגעלענט מיטביידע הענט אין טיש.

— אַלטיטשקע, האָט ער זיך אַ וואַקל געטאָן, אַלטיטשקע, וואָס ווילסטו, וואָס?

— גאָרנישט, איוואַן, גאָרנישט... אַ קלייניקייט, אַ קלייניקייט בלויז... נישט לייגן דיין האַנט אויף דער דאָזיקער הייליקייט...

זי האָט אַ פּיר געטאָן מיט דער צעשטערנטער צעשטראָלטקייט פאַר זײַנע אויגן.

— איך וואָרן דיך! הער, איך וואָרן דיך אין גאָטס נאָמען!

ער האָט זיך אַ ריס געטאָן אויף צוריק און אַ צי געטאָן דאָס שווערדל פון דער שייד.

— טיפּש, האָט די רביצין אַ לאַך געטאָן, קעגן אַלמעכטיקן מיט אַ שווערדל, טיפּש!

דאָס שווערדל איז אַראָפּגעפאַלן דער רביצין שבֿעלען צו די פיס. זי האָט מיטן קינדישן פאַנטאָפעלע אַרויפגעטראָטן אויפן לײַכטנדיקן שטאָל.

ער האָט זיך פּלוצעם אָנגעכאַפּט מיט בײדע הענט אין אָנלען פון שטול און גענומען רעוועך:

— אַלטע כּישוף־מאַכערין! זשידאָווסקי כּישוף־מאַכערין!

ער האָט מיטן באַשטיוולטן פוס אַ פּראַל אויף געטאָן די טיר, דער רעגן האָט אַ פלייץ געטאָן, פאַרגאָסן זײַן פּנים.

ער האָט אָפּגעטראָטן אויף צוריק, געלאָזט דורכגיין די אַלטע רביצין שבֿעלע, וואָס האָט אַ ליכטיק־צעשמייכלטע אײַנגעוויקלט די הייליקע צע־שטראָלטקייט אין איר שוואַרצן סאַמעטענעם מאַנטל.

ער איז געשטאַנען מיט פאַרגלאָצטע דערשראָקענע אויגן, נאָכגעקוקט דער קלײנער געשטרעקטער געשטאַלט, וואָס האָט זיך געטראָגן לײַכט ווי אַ וואָלקן צווישן דיביימער אין פלייצנדיקן רעגן.

פאַר אירע טריט האָבן בליצן געטאַנצט, און איבער איר האָט זיך געקײַקלט געדונער.

## צוויי בריוו פון יעקב פרידמאַן
## צו קאַדיע מאָלאָדאָווסקי

1966

— — איך שיק אײַך דאָס ליד „גאָט רעדט נישט מער", און ווי איר זעט, בין איך נאָך נישט געקומען צו זײַן מדרגה — איך האָב נאָך נישט דעם כּוח „אויפצוהערן", כאָטש פּונקט ווי גאָט (אין מײַן ליד) גלייב איך נישט מער אין געטלעכקייט פון ווערטער.

איר זעט, אַ גאַנצע שורה אויסגעשטראָכן. וויפל חכמה בליצט אַרויס, ניסתּרימדיק, פון הינטער אַן אויסגעשטראָכענער שורה! אַפּילו אַ מענטש זאָל מער גאָרנישט טאָן ווי שטרײַכן ווערטער איבעריקע אין שורות, וואָלט אויך זײַן לעבן געווען מלא טעם.

אוי, זענען מיר עס אויסטערלישע־איין־מאָל־איינציקע באַשעפענישן; וויפל פּאָעטן אויף גאָטס וועלט האָבן דעם כּבוד צו אַזאַ גרויליקער איינזאַמקייט ווי די ייִדישע לידער־שמידער?

אויב איינזאַמקייט איז אַ גײַסטיקע זכיה, זענען מיר דאָך די געזאַלבטע אין אַ וועלט פון „מאַסן־פּראָדוקציע". אין אַ מאַרק, מיט מיליאָנען טישלעך און מיליאַרדן פּאַרקויפערס, שטייט אַ למד־וואָווניקל ביזן האַלדז אין שניי, און אין ליכט פון זונפאַרגאַנג גילדיקט זיך אַ „בענטשערל" אין זײַנע הענט, אַ בענטשערל מיט ייִדישע גראַמען.

דער גרויסער פּאַיאַץ קוקט אויפן למד־וואָווניקל און האַלט זיך בײַם בויך פון געלעכטער, נאָר גאָט ברוך־הוא וויינט פון ליבשאַפט און רחמנות צום דאָזיקן באַשעפעניש וואָס צערטלט דאָס לעצטע ביכעלע מיט ייִדיש־לידער, וואָס קיינער דאַרף נישט מער. ווער קען זיך באַרימען אַזוי נישט־געדאַרפט־צו־ווערן ווי מיר?

מיר ווערט שווערער פון טאָג צו טאָג צו לעבן מיט ר׳ יאַנקעלע פרידמאַן. ער ווערט עלטער און פריקרער, און איין גלאָוונע מחשבה הערט אים נישט אויף צו ווערעמען: פאַר וועמען קעלטערן מיר אַן גאַנצע קעלטערס מיט לידער? און, גאָט מיינער, מיר צערטלען און ליַיטערן דעם ווייַן! איז נישט קיין רחמנות אויף דעם ווייַן וואָס קיינער וועט אים נישט טרינקען?

און זעט, וויפל ווידערשפרוך ס׳איז פאַראַן אין אָט דעם ר׳ יאַנקעלע: איך דרוק אַ ביכל און ציטער בייַ יעדן וואָרט, לויף אין דער דרוקעריַי ווייַל איך האָב פאַרגעסן אַ צדיק בייַם וואָרט „פינצ־טער". קיינער דאַרף נישט דעם ווייַן, און איך ציטער פאַר יעדן טראָפּן אין אים!

אַ מאָל דאַכט מיר, איך בין נישט בלויז אַ משוגענער, נאָר אַ גאַנץ „משוגעים־הויז".

זייַט נישט ברוגז פאַר מיין אַנפינצטערן. מען דאַרף זיך אַ מאָל אַראָפּרעדן פון האַרצן. אַי, אַי, דאָס האַרץ! צו וואָס טויג אַ האַרץ? און אַ קאָפּ טויג דען יאָ? וואָס דען טויג? איך ווייס נישט.

דערלויבט זשע מיר אַריבערגיין פון פינצטערניש צו ליכט און אייַך אַנטקעגנטראָגן אַ שעפעלע מיט ליכטיקע ברכות.

לאָמיר האָבן כּוח ווייַטער צו קעלטערן און נישט טראַכטן וועגן תּכלית פון ווייַן.

אפשר איז גאָר ווייַן — תּכלית פאַר זיך אַליין?

אפשר...

— —

1967

טײַערע קאַדיע מאַלאַדאָווסקי,

ר׳ אפרים אויערבאַך האָט מיר צוגעשיקט אַן אויסשניט פון דער „סביבה״ מיט די פיר זײַטלעך פון אײַער עסיי וועגן מײַן „ליבשאַפט״.

איך וויל גאָרנישט פּרוּוון „שפּילן דעם גלײַכגילטיקן״ און בין זיך מודה אַז ער האָט דערפרייט מײַן האַרץ, וואָס איז נאַר, ווײַזט אויס, אַ היפּש ביסל יונג.

וואָלט דער עסיי געווען וועגן אַן אַנדערן, וואָלט איך הנאה געהאַט פון דער עסייִסטישער שיינקייט, אָבער אין דאָזיקן פאַל האָט דאָך די שיינקייט אַ שײַכות צו מײַן ליד און מײַן ליד צו מיר אַליין...

און ווער קען זײַן גלײַכגילטיק צו אַזוינע דרײַ עיקר־עלעמענטן ווי: שיינקייט, ליד און „איך״...

וואָס שייך די וואַרעמע ווערטער וועגן מיר, קען איך דאָך נישט קומען זאָגן „מסכּים״... אָבער צו אײַער טרעפן אין פּינטל פון דעם, וואָס איך אַליין האָלט פאַרן וועזנטלעכן אין מײַן ליד, מעג איך דאָך יאָ זאָגן „מסכּים״.

יאָ, טײַערע קאַדיע, די שטוב ברענט און דער זייגער גייט... וואָס דען זאָל ער טאָן?

מיר זינגען און קלינגען אויס די רגעס און שעהען, כאָטש קיין חשבון מאַכט פון אונדז קיינער נישט... האַ, וואָס זאָגט איר?

איר זאָגט, אַז כאָטש מיר הערן נישט, מאַכט יאָ עמעצער אַ חשבון... קען זײַן...

בכל אופן, דאַרפן מיר טאָן אונדזער טוּונג, ווי עס וואָלט עמעצער געוואַכט איבער יעדן זערנעלע פון די מעשׂים אונדזערע.

מיר דאַרפֿן זײַן שיין און ריין ווי עס וואָלט עמעץ געוואַרט, הינטער דער טיר, אויף אונדז.

מיר זענען ענלעך צו כּלות אין דער מידבר וואָס פלעגטן דרײַ מאָל אין טאָג די צעפּ, כאָטש קיין חתן האָט צו דער מידבר נישט פון וואַנען צו קומען...

אָבער צעפּ דאַרפֿן במילא זײַן געפלאָכטן און שיין, אַפילו אַז עס קומט קיינער נישט צו גלעטן זיי...

נאָר אַזוי עלנט ווי די כּלה אין מידבר זענען מיר נאָך ב"ה נישט, אָט האָב איך דאָך אַ גלעט באַקומען פון אײַערע איידלע פינגער... אַ געזונט אויף זיי און אויף דער בעל־הביתטע זייערער!

איך דריק מיט ליבשאַפט אײַערע הענט

אײַער

יעקב פרידמאַן

# אינהאַלט

## ביכער פון יעקב פרידמאַן:

**אויסגעשטרעקטע הענט** — דראַמאַטישע פּאָעמע
פאַרלאַג קולטור־ליגע, וואַרשע 1932

**אָדם** — פּאָעמע
פאַרלאַג יידישער ליטעראַטן־פאַריין, טשערנאָוויץ 1934

**שבת** — לידער און פּאָעמעס
טשערנאָוויץ 1939

**פּאַסטעכער אין ישׂראל** — לידער און פּאָעמעס
פאַרלאַג הוצאת פועלים, תל־אביב 1953

**די לעגענדע נח גרין** — לידער און פּאָעמעס
אַלוועלטלעכער יידישער קולטור־קאָנגרעס, ניו־יאָרק 1960

**נפילים** — דראַמאַטישע פּאָעמע
פאַרלאַג י. ל. פּרץ, תּל־אביב 1963

**ליבשאַפט** — לידער און פּאָעמעס
פאַרלאַג י. ל. פּרץ, תּל־אביב 1967

**לידער און פּאָעמעס** — דריי בענד
פאַרלאַג ישׂראל־בוך, תּל־אביב 1974

**געזען אויף אַ ווייל** — קורצע דערציילונגען
פאַרלאַג ישׂראל־בוך, תּל־אביב 1979

### איבערזעצונגען אויף עברית

**שלג במדבר**
פאַרלאַג י. ל. פּרץ, תּל־אביב 1970
(איבערזעצערס: י. אַחאי, ק. א. ברתּיני, מ. בוסק, מ. בסוק,
נ. גינתּון, ב. טנא, א. מייטוס, ש. מלצר, ב. מרדכי, ש. שנהוד)

**מיומנה של משוררת**
פאַרלאַג י. ל. פּרץ, תּל־אביב 1972
(איבערזעצער: יוסף אַחאי)

**שבת**
פאַרלאַג רשפים, תּל־אביב 1977
(איבערזעצער: ק. א. ברתּיני)

# פאַרלאַג „ישׂראל־בוך"

אריה שמרי / וואָרצלען, אַנטאָלאָגיע פון יידיש־שאַפן אין ישׂראל

ישעיהו שפּיגל / פלאַמען פון דער ערד, ראָמאַן

רחל פישמאַן / דערנער נאָכן רעגן, לידער

מאַרגאַרעט לאָרקין / די זעקס טעג פון יד מרדכי, יידיש — ד. שטאָקפיש

רפאל מאַהלער / היסטאָריקער און וועגווײַזער, עסייען

רבקה באַסמאַן / בלעטער פון וועגן, לידער

ריקודה פּאָטאַש / אין געסלעך פון ירושלים, דערציילונגען

יעקב צבי שאַרגעל / זוניקע שוועלן, לידער

משה שולשטיין / איבער די דעכער פון פּאַריז, דערציילונגען

אריה שמרי / דאָס יינגל פון דיזשאַן, פּאָעמע, צייכענונגען יואב שועלי

רפאל מאַהלער / ספר סאַנץ, היסטאָרישע מאָנאָגראַפיעס, זכרונות און גביות־עדות

משה גראָסמאַן / שטויב און אייביקייט, דערציילונגען און מיניאַטורן

אריה שמרי / געזאַנגען אין שײַער, לידער און פּאָעמעס

מנוחה ראָם / אָרום דער ווערבע, דערציילונגען

משה זאַלצמאַן / ... און מען האָט מיך רעהאַביליטירט
איבערלעבונגען פון אַ יידישן קאָמוניסט אין ראַטנפאַרבאַנד

אברהם שלאָנסקי / לידער, אָפּקלײַב פון א. שלאָנסקיס פּאָעטישער שאַפונג
יידיש — משה יונגמאַן

משה גראָס־צימערמאַן / דאָס וואָרט וואָס מיר שרײַבן, עסייען און פּראָפילן

רבקה באַסמאַן / ליכטיקע שטיינער, לידער

ביילע שעכטער־גאָטעסמאַן / סטעזשקעס צווישן מויערן, לידער

מלכה חפץ־טוזמאַן / בלעטער פאַלן ניט, לידער

ב. דעמבלין / טאָפּלבאַנד: אַ פרעמדע וועלט; אין נײַעם לאַנד, ראָמאַנען

ישעיהו שפּיגל / די קרויז, דערציילונגען

משה יונגמאַן / רעגן־בויגן צוקאָפּנס, לידער

דאָרע טייטלבוים / געזאַנג פון זינקזאַמד דור, לידער און פּאָעמעס

יעקב צבי שאַרגעל / טויערן אין די בערג, לידער

נח גרים / פון פינצטערניש צו ליכט, עסייען וועגן ישעיהו שפּיגל

אליעזר קופּערמאַן / פון וועלט צו וועלט, דערציילונגען

משה זלצמן / וזכיתי לריהאביליטציה, מיידיש — גרשון לימור

מלכה חפץ־טוזמאַן / אונטער דײַן צייכן, לידער

רחל אויערבאַך / וואַרשעווער צוואָות, וואַרשע 1933—1943

יעקב פרידמאַן / לידער און פּאָעמעס, דרײַ בענד
מיט אַ באַגלייטוואָרט פון פּראָפּ. יודל מאַרק

מאיר חריץ / לידער צו אייגענע, לידער און פּאָעמעס

אריה שמרי / רינגען אין שטאָם, לידער און פּאָעמעס, צייכענונגען — ב ע ן

יעקב י. מײַטלים / אין גאַנג פון דורות, עסייען

יהודה לייב טעלער / דורך יידישן געמיט, לידער
מיט אַ באַגלייטוואָרט פון אריה שמרי